# רֶב טְרַייטֶעל

עֶרְצֶעהְלוּנְג אִין צְוֵוייא טְהֵייל

פוּן

## מ. ספֶּעקטָאר.

ערשטער טהייל

ווילנא

שנת תרנ"ו לפ"ק

РЕБЪ ТРАЙТЕЛЬ
Господинъ Трайтель.
Разсказъ М. Я. Спектора. Часть I.

ВИЛЬНА. Типографія Вдовы и бр. Роммъ. Жмуд. пер. собст. домъ № 328.
1896.

# ערשטער טהייל.

---

א.

## אידישע נחלה.

דאס איז געוועזען לאנג, גאנץ לאנג, אוודאי מיט א יאהר דרייסיג צוריק, נאך ווען טרייטיל בעל עגלות צוויי ווייסע פערד האט מען אין זלידניוועקע גערופען שקאפעס, אדער אפשר נאך פריהער, ווען די זלידניוועקער באד איז אבגעברענט געווארען...

טאמער ווילט איהר נישט גלייבען און ווילט ריכטיג וויסען, זאלט איהר פרעגען א מינדסט קינד אין זלידניוועקע, וועט עס אייך דערצעהלען אז איידער די באד איז אבגעברענט געווארען האט טרייטעל בעל עגלה געהאט צוויי ווייסע שקאפעס, חאטש אין אמת'ן זענען זיי נאר געוועזען פערד, דאס האט יעדער געוואוסט, נאר איינם מיט דעם צווייטען געהער זיך נישט אן, טרייטיל האט טאקי געמעגט האבען צוויי אמתדיגע פערד, נאר אז די זלידניוועקער חדר-יונגליך האבען זיי א נאמען געגעבען שקאפעס, זענען זיי אזוי געבליבען פאר אללע זלידניוועקער עד היום הזה, ד. ה. ביז די באד איז אבגעברענט געווארען.

איהר וועט געוויס פרעגען וואס פאר א מחותן איז די שריפה פון דער באד מיט טרייטעלס פערד אדער שקאפעס, ווי די ווייסע חברה רופען זיי?

חאפט-זשע נישט, ליעבע לעזער, זיי געהערען זיך טאקי אן גרויסע, גאנץ גרויסע מחותנים... נאר פון דער אבגעברענטער באד וועללין מיר רעדען שפעטער, איצטער האלטען מיר ביי טרייטעלס שקאפעס.

צווישען אונז גערעדט, טרייטלען אליין פלעגט דאס אין טיפען הארצען זעהר שטארק קרענקען.

– סטייטש, פלעגט ער טענין מיט זיך אליין, ווען ער פלעגט שמירען דעם וואגען אדער איינשפאנען – סטייטש, נאך אמאל, איך אליין האב געדונגען אויף דעם בולוואנאוועקער יריד פערד, געקויפט פערד, באצאהלט פאר פערד נאך טהייערער מיט דריי קערבלעך, ווארום אזא פאר שקאפעס וואלט איך געקאנט קויפען פאר זיבען און צוואנציג קערבלעך און די פערד קאסטען מיך דרייסיג קערבלעך, דאס אלץ כדי איך זאל זיין א בעל עגלה פון פערד, צום סוף האב איך נאר אומזיסט ארויסגעווארפען דריי קערבלעך...

חוץ די ארויסגעווארפענע דריי קערבלעך האט טרייטלען נאך מעהר פארדראסען וואס ער איז א בעל עגלה פון שקאפעס, נים ווי אללע אנדערע פון אנדערע שטאדט, וואס זענען בעלי עגלות פון פערד, נאר זיין טענין האט גאר נישט געהאלפען, ער האט

זִיךְ גֶעשֶׁעמְט װֶענֶען דֶעם עֶפִּים עֶמִיצִין צוּ זָאגֶען וּבִפְרַט נָאךְ זַיין אֵייגֶען װַייבּ, אַזוֹי אַז זִי פְּלֶעגְט אוֹיךְ מֵיינֶען אַז אִיהר מַאנן אִיז אַ בַּעַל עֲגָלָה פוּן שְׁקַאפֶּעס.

אִין זַיין גַאנְץ אוּמְגְלִיק זֶענִין שוּלְדִיג גֶעוֶוען דִי חֵדֶר יוּנְגְלֶעךְ; דֶען טְרַייטִילְס שְׁטִיבֵּל הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אוֹיפ׳ן „מְלַמְדִישֶׁען גָאסִיל״. דִי װַייסֶע חֶבְרָה הָאבֶּען זַיינֶע פֶּערְד אַ נָאמֶען גֶעגֶעבֶּען שְׁקַאפֶּעס, חוּץ דֶעם פְּלֶעגֶען זֵיי זִיךְ נוֹקֵם זַיין אִין טְרַייטֶעלְס שְׁקַאפֶּעס װִי אָן הָמָן׳ען.

װִיפִיעל מָאל טְרַייטִיל הָאט זִיךְ גֶעפְּרִיוְט זֵיי אָבְּטְרַייבֶּען, עֶס הָאט אִיהם אָבֶּער נִישְׁט גֶעהָאלְפֶען, װָאס מֶעהר עֶר הָאט זֵיי גֶעטְשֶׁעפֶּעט, הָאבֶּען זֵיי אִיהְם מֶעהר גֶעטְהוּן צוּם טוֹידְט. אִיז עֶפִּים מֶעגְלִיךְ אַװֶעקְצוּטְרַייבֶּען פְלִיעגֶען אָדֶער װַאנְצֶען?

טְרַייטְלֶען הָאט אַמָאל אַזוֹי צוּגֶעטְרֶעטֶען צוּם הַארְצֶען, אַז עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ זַיין װַייבּ טְרַיינֶע:

– הֶערְסְט דוּ, טְרַיינֶע, װֶען עֶס זָאל זִיךְ מִיר מַאכֶען אַ קוֹנֶה אוֹיף דֶער שְׁטוּבּ, װָאלְט אִיךְ אַרוֹיס פוּן דֶער מְלַמְדִישֶׁער גַאס...

טְרַיינֶע הָאט אָבֶּער גוּט גֶעװאוּסְט אַז אוֹיף אִיהר שְׁטוּבּ (הױז) װֶעט זִיךְ אַזוֹי גִיךְ אִין זְלִידְנִיװֶקֶע קֵיין קוֹנֶה נִישְׁט גֶעפִינֶען, װַייל װֶעלְכֶער זְלִידְנִיװֶקֶער יוּד קוֹיפְט דֶען אַ שְׁטוּבּ? װֶער עֶס װִיל אַ שְׁטוּבּ, גֶעהְט אִין סְקַארְבּ אַרַיין (צוּ װֶעלְכֶען דָאס שְׁטֶאדְטִיל גֶעהֶערְט) אוּנ זָאגְט דֶעם פַּאן קָאמִיסַארְזְשֶׁע: „גִיבּ מִיר אַ שְׁטִיקֶל עֶרְד צוּ בּוֹיעֶן אַ שְׁטוּבּ אוּנ אִיךְ װֶעל צָאהלֶען סְקַארְבָּאװֶע גֶעלְד״. דָאס טְרֶעפְט אָן פוּנְקְט צְװֵיי קֶערְבְּלֶעךְ אַ יָאהר. מַאטֶערְיַאל אוֹיף אַ שְׁטוּבּ גֶעפִינְט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג בַּיי אַ קְלֵיין שְׁטֶאדְטִילְדִיגֶען יוּדֶען אוֹיפ׳ן בּוֹידֶעם, אֲפִילוּ װֶען עֶר דַארְף נִיט הָאבֶּען, װָארוּם װאו פַארְװַאלְגֶערְט זִיךְ נִישְׁט בַּיי אִיהם פוּן דֶער סוּכָּה אַ סְלוּפּ, אַ בְּרֶעטֶעל, אַ טְהִיר, אַ רַאהְם פוּן אַ פֶּענְסְטֶער, גְלַאט אַזוֹי עֶטְלִיכֶע פוֹילֶע שְׁטִיקֶער הָאלְץ, אוּנ אַז עֶס דֶערְגֶעהְט נִישְׁט, דֶערְקוֹיפְט מֶען אַ בִּיסֶעל גֶעהִילְץ פַאר אַ פִינְף-גִילְדֶען-שְׁטִיק, מֶען דִינְגְט דְרַיי גוֹיִם אוֹיפ׳ן טָאג צוּ צְװֵיי גִילְדֶען אַ טָאג אוּנ אִין עֶטְלִיכֶע טֶאג אַרוּם שְׁטֶעלְט מֶען אוֹיף אַ שְׁטוּבּ. אַי, דֶער דַאךְ אִיז נִישְׁט גֶעדֶעקְט אוּנ עֶס אִיז נִישְׁט דָא מִיט װָאס – אִיז אוֹיךְ נִישְׁט קֵיין אוּמְגְלִיק. דֶערְװַייל קוֹיפְט מֶען פַאר צְװֵיי גִילְדֶען שְׁטְרוֹי אוּנ מֶען דֶעקְט צוּ אַ שְׁטִיק׳ל דַאךְ אוּנ מֶען װָאהְנְט הַתְחָלַת אַ בִּיסֶל עֶנְגְלֶעךְ, ד. ה. אוּנְטֶער דֶעם שְׁטִיקֶל צוּגֶעדֶעקְטֶען דַאךְ, שְׁפֶּעטֶער מִיט עֶטְלִיכֶע װָאכֶען הֶעלְפְט גָאטט עֶס מַאכְט זִיךְ אַ מְצִיאָה׳לֶע – אַ הוּנְדֶערְט אַלְטֶע טְשֶׁערִיפֶּעס, דֶעקְט מֶען װַייטֶער אַ שְׁטִיקֶל דַאךְ אוּנ מֶען װָאהְנְט שׁוֹין גְרוֹיסֶער, נָאךְ שְׁפֶּעטֶער טְרֶעפֶען זִיךְ עֶטְלִיכֶע אַלְטֶע שִׁינְדְלֶען אָדֶער בְּרֶעטֶער, קוֹיפְט מֶען װַייטֶער אוּנ מֶען דֶעקְט אַלֶע מָאל נָאךְ אַ שְׁטִיקֶל בִּיז גָאטט הֶעלְפְט מֶען דֶעקְט דֶעם גַאנְצֶען דַאךְ אוּנ דֶער זְלִידְנִיװֶקֶער יוּד הָאט שׁוֹין אַ גַאנְצֶע שְׁטוּבּ.

אִיז טְרַיינֶע דֶען נִישְׁט גֶעװֶען גֶערֶעכְט אַז זִי פְּלֶעגְט אִיהם עֶנְטְפֶערֶן:

– װֶער װֶעט בַּיי אוּנְז קוֹיפֶען דִי שְׁטוּבּ, װֶער דַארְף זִי? אַלֶע זְלִידְנִיװֶקֶער יוּדֶען הָאבֶּען אֵייגֶענֶע שְׁטִיבֶּער, אוּנ װִידֶער װָאס דַארְפְסְט דוּ זִי פַארְקוֹיפֶען? עֶס פַארְשְׁטֶעהְט

זִיךְ אַז דִיךְ אַארְט נִישְׁט, וָוארום דו בִּיזְט אַ מַאנְסְבִּיל, אָבֶער אִיךְ בִּין אַ יוּדֶענֶע אונ ווילל הָאבֶּען אַ נַחֲלָה...

טְרַייטִיל הָאט קֵיין מָאל נִישְׁט פַארְשְׁטַאנֶען טְרַיינֶען וֶוען זִי פְּלֶעגְט אִיהם זָאגֶען אַז דִי שְׁטוּב דַארְף מֶען נִישְׁט פַארְקוֹיפֶען, וַוייל זִי אִיז אַ יוּדֶענֶע אונ ווילל הָאבֶּען אַ נַחֲלָה. נָאר טְרַיינֶע הָאט גֶעוואוּסְט וָואס זִי הָאט גֶערֶעדְט.

אִין זְלִידְנִיוְוקֶע פְּלֶעגְט נִישְׁט נָאר טְרַיינֶע נָאר אַללֶע ווייבֶּער שְׁטֶענְדִיג טְרַאכְטֶען גָאטט זָאל זֵיי הֶעלְפֶען זֵיי זָאלֶען קוּמֶען צוּ אַ נַחֲלָה. אונ אַז גָאטט הָאט אַיינֶער גֶעהָאלְפֶען אונ זִי אִיז שוֹין גֶעקוּמֶען צוּ אַ שְׁטִיקֶל נַחֲלָה, הַאלְט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג דָאס ווייבּ אַז דִי נַחֲלָה זָאל טַאקֶע בְּלַייבֶּען אַ נַחֲלָה.

אַזוֹי פִיהְרְט זִיךְ, דַאכְט זִיךְ, בַּיי אַללֶע קְלֵיינְשְׁטֶעדְטֶעלְדִיגֶע יוּדֶען, אַז וֶוען דֶעם מַאנן קוּמְט אוֹיס שְׁלֶעכְט אונ עֶר הַאלְט אֵיין עֵצָה מִיט דֶעם ווייבּ, אַז מֶען דַארְף פַארְקוֹיפֶען דִי שְׁטוּב וֶועט מֶען זִיךְ קֶענֶען צוּ פִיהְרֶען דִי הֶאנְד, בַּאקוּמְט עֶר שְׁטֶענְדִיג אַ פַארְטִיגֶע תְּשׁוּבָה:

– נֵיין, מַיין מַאנן, דָאס נִישְׁט, פוּן קֵיין נַחֲלָה מַאכְט מֶען נִישְׁט קֵיין תֵּל...

– סְטַייטְשׁ, שְׁרַייט עֶר, וָואס הֵייסְט אַ תֵּל? אַז מִיר וֶועלֶען נִישְׁט פַארְקוֹיפֶען דִי שְׁטוּב וֶועלֶען מִיר דָאךְ נִישְׁט הָאבֶּען פוּן וָואס צוּ לֶעבֶּען, אונ אַז מִיר וֶועלֶען יָא פַאר־קוֹיפֶען, וֶועלֶען מִיר זִיךְ קֶענֶען רִיהְרֶען, וַוייטֶער עֶפִּיס מַאכֶען אַ גֶעשֶׁעפְט, אונ אַזוֹי וָואס? וֶועלֶען מִיר דֶען דִי שְׁטוּב בַּייסֶען?

נָאר טַעֲנִיט מִיט דֶער יוּדִישֶׁער פְרוֹי וויפִיעל אִיהר ווילְט, עֶס וֶועט נִישְׁט הֶעלְפֶען, אִיהר וֶועט בַּיי אִיהר נִישְׁט פוּעֶלְן זִי זָאל פַארקוֹיפֶען אִיהר נַחֲלָה, זִי אִיז גְרֵייט אוֹיס־צוּטְהוּן פוּן זִיךְ דִי לֶעצְטֶע פָאר אויהרִינְגְלִיךְ מִיט דֶעם אֵיינְצִיגֶען שַׁבָּתדִיגֶען קְלֵיידֶעל, וָואס עֶס אִיז אִיהר גֶרֶעסְט פַארְגֶנִיגֶען צוּ גֶעהְן דַארִין אִין שוּל אַרֵיין, אַלְץ פוּן זִיךְ צוּ פַארְקוֹיפֶען, אַבִּי נִישְׁט פַארקוֹיפֶען דִי נַחֲלָה.

עֶס אִיז טַאקִי אַ וואוּנְדֶער! דִי שְׁטוּב – דִי נַחֲלָה, אִיז דֶען נִישְׁט דֶעם מַאנְנְס גְלַייךְ ווִי דֶעם ווייבְּס? אֶפְשַׁר נָאךְ מֶעהר זַיינְס ווִי אִיהרְס, נָאר אַז עֶס קוּמְט אַ שְׁלֶעכְטֶע צַייט, אִיז דֶער מַאנן גְרֵייט צוּ פַארְקוֹיפֶען אונ דָאס ווייבּ דֶערְלָאזְט נִישְׁט בְּאֵין אוֹפֶן, נָאר דֶער טַעַם הֶערפוּן אִיז – אִיךְ ווייס אֲפִילוּ נִישְׁט פַארוָואס – נָאר יוּדִישֶׁע פְרוֹיֶען רֶעכֶענֶען שְׁטֶענְדִיג אַז זֵיי מוּזֶען אַמָאל וֶוערֶען אַלְמָנוֹת, ד. ה. אַז דִי מַאנֶען מוּזֶען שְׁטַארְבֶּען פְרִיהֶער פוּן זֵיי. אֶפְּט זֶעהֶען מִיר צְווִישֶׁען יוּדֶען נָאךְ נָאר יוּנְגֶע ווייבְּלֶעךְ, וָואס לֶעבֶּען זִיךְ גַאנְץ גְלִיקְלִיךְ מִיט זֵייעֶרֶע מַאנֶען, פְּלוּצִים פוּן דֶעם גַאנְצֶען לִיעבְשַׁאפְט, וֶוען דֶער מַאנן דַארְף אָנְקוּמֶען צוּ אִיהר, ווִי לְמָשָׁל בַּיים סֵדֶר, אִיהם הֶעלְפֶען הֵייבֶּען דִי שִׁיסֶעל, גֶעהְן מִיט אִיהם צוּ זַיינֶע פְרַיינְד אוֹיף אַ שִׂמְחָה אונ בַּיי אַנְדֶערֶע גֶעלֶעגֶענְ־הַייטֶען וֶוען אַ יוּד דַארְף אָנְקוּמֶען צוּם ווייבְּס לַאסְקָא – שְׁפַּארְט זִי זִיךְ אַיין עֶר זָאל אִיהר גֶעבֶּען אַ תּוֹסְפוֹת כְּתוּבָה, צוּ אַ פַארְמַאלְנֶע כְּתוּבָּה בַּיים נָאטַארְיוּס.

אִיךְ שְׁווֶער אַייךְ אַז זִי דֶענְקְט גָאר נִישְׁט זִיךְ מִיט אִיהם צוּ גֶט'ן, זִי הָאט אִיהם בֶּאֱמֶת לִיעבּ, אַ סִימָן אַז וֶוען אִיהר מַאנן זָאל נָאר פִיהלֶען אַז זַיין ווייבּ מֵיינְט אַמָאל זִיךְ

מִיט אִיהם גֶט׳ן, וָואלְט עֶר דָאךְ אִיהר אויף קֵיין קָאפֵּיקֶע נִישְׁט גֶעגֶעבֶּען קֵיין הוֹסָפוֹת כְּתוּבָּה, נָאר מֶען זֶעהְט דָאךְ אַז דֶער מַאנן גִיט יָא, וָואס־זְשֶׁע דֶען מֵיינְט דָאס וַוייבּיל מִיט אִיהר פֶּערְלַאנְגֶען? גָאר פָּשׁוּט, זִי רֶעכֶענְט אַמָאל אֵיין אַלְמָנָה צוּ וֶוערֶען, דֶערְפַאר מְהוּט זִי שְׁטֶענְדִיג אִיהר מֶעגְלִיכְקֵייט דֶער מַאנן זָאל קוֹיפֶען אַ שְׁטוּב – אַ נַחְלָה; אִיהר גַאנְצֶער גֶעדַאנְקֶען אִיז אַז וֶוען זִי וֶועט וֶוערֶען אַמָאל אֵיין אַלְמָנָה זָאל זִי חָאטְשׁ הָאבֶּען אַ נַחְלָה, מַאקִי אִיבֶּער דֶער אוּרְזַאכֶע טְרֶעפְט זִיךְ אָפְט בַּיי יוּדִישֶׁע וַוייבֶּער, אַז אֲפִילוּ וֶוען זִי זָאלל נִישְׁט הָאבֶּען אויף שַׁבָּת, מוּז זִי זִיךְ קוֹיפֶען אַ הַאלְז פֶּערִיל, פִינְגֶערְלֶעךְ, זִילְבֶּערְנֶע לַייכְטֶער, וַוייל אִין דִי אַללֶע זַאכֶען לִיגְט אִיהר נַחְלָה. וֶוען זִי וֶועט וֶוערֶען אֵיין אַלְמָנָה וֶועט זִי הָאבֶּען מִיט וָואס זִיךְ צוּ בַּאוָואֶרעֶנֶען, אוּנ ווִידֶער אַ שְׁטוּב אוּנ צִיערוּנְג אִיז שׁוֹין אַ הַאלְבֶּער נְדַן, דֶערְמִיט וֶועט זִי קֶענֶען ווִידֶער אַמָאל חַתוּנָה הָאבֶּען, אָהן דֶעם אָבֶּער אִיז שׁוֹין אִיהר וֶועלְט פַארְפַאלֶען.

חָאטְשׁ טְרַיינֶע אִיז גֶעוֶוען נָאר אַ בַּעַל עֲגָלָה׳ס וַוייבּ הָאט זִי אִינְדֶעסֶען גֶעהַאט שֵׂכֶל זִיךְ צוּ בַּארֶעכֶענֶען גְלַייךְ מִיט אַללֶע וַוייבֶּער; וַוייל אַ יוּדִישֶׁע פְּרוֹי, זִי מֶעג זַיין דֶעם רָבְ׳ס וַוייבּ, דֶעם בַּעַל בַּיִת וַוייבּ אָדֶער דֶעם בַּעַל מְלָאכָה׳ס – בְּלַייבְּט זִי תָּמִיד דִי אֵייגֶענֶע יוּדִישֶׁע פְּרוֹי אוּמֶעטוּם!

צוּ דָאס יוּדִישֶׁע וַוייבּ טְהוּט גְלַייךְ וָואס זִי בַּארֶעכֶענְט זִיךְ אַזוֹי, קֶען אִיךְ נִישְׁט זָאגֶען, עֶס קֶען זַיין אַז זִי הָאט דֶערְמִיט רֶעכְט אוּנ אֶפְשַׁר נַיין...

---

## II.

## דִי יוּדִישֶׁע טְרָאיְקָא.

– סְטַייטְשׁ, וָואס רֶעדְסְט דוּ? אִיךְ זָאל נִישְׁט פַארקוֹיפֶען דִי שְׁטוּב? פְּלֶעגְט טְרַייטִיל אַלְץ טַעֲנִין מִיט אִיהר, אִיךְ קֶען פָארְט נִישְׁט זִיצֶען צְווִישֶׁען דִי מְלַמְּדִים אוּנ מִיט דִי וַוייסֶע חֶבְרָה, זַיי טְהוּעֶן מַיינֶע פֶערְד, מַיינֶע שׂוֹנְאִים גֶעזָאגְט, צוּם טוֹידְט.

– אִיךְ וֵויים נִישְׁט וָואס זַיי טְהוּעֶן אַזוֹינְס; חַלֶעבֶּען דוּ בִּיזְט נָאר אַ שְׁלֶעכְטֶער, פְּלֶעגְט אִיהם טְרַיינֶע גֶעבֶּען צוּ פַארְשְׁטֶעהן, וָואס אַארְט דִיךְ אַז זַיי שְׁפִּיעלֶען זִיךְ מִיט זַיי. וָואס דֶען זָאלֶען דִי שְׁקַאפֶּעס טְהוּן וֶוען זַיי קוּמֶען צוּ פָאהְרֶען פוּן דֶעם יְרִיד אָדֶער פוּן דֶעם רֶבִּין זָאל לֶעבִּין? אַז קֵיין שְׁטַאל הָאבֶּען זַיי נִישְׁט, קֵיין עֶסֶען הָאסְט דוּ זַיי אויךְ נִישְׁט צוּ גֶעבֶּען, מִיר דַאנְקֶען גָאטְט אַז מִיר אַלֵיין הָאבֶּען נִיט נַעֲנִין זַאט, נָאר נָאךְ אַוֶועקְגֶעבֶּען דִי חַיּוֹת רָעוֹת.

טְרַייטִיל הָאט גֶעזֶעהֶן אַז זַיין וַוייבּ הָאט רֶעכְט, עֶר אִיז וַוייטֶער גֶעבְּלִיבֶּען זִיצֶען צְווִישֶׁען דִי מְלַמְּדִים, בִּיז עֶר אִיז גֶעוָואהְנְט גֶעוָוארֶען מִיט דֶער וַוייסֶער חֶבְרָה, עֶס פְּלֶעגְט אִיהם שׁוֹין גָאר נִישְׁט אַארֶען וָואס דִי חֵדֶר יוּנְגְלֶעךְ הָאבֶּען גֶעמוּטְשִׁיט דִי שְׁקַאפֶּעס.

דִי שְׁקַאפֶּעס אַלֵיין זֶענִין דֶערְמִיט זֶעהר צוּפְרִידֶען גֶעוֶוען, פַאר זַיי אִיז דָאס גֶעוֶוען דָאס גְרֶעסְטֶע גְלִיק, וַוייל טְרַייטִיל וֶוען עֶר פְלֶעגְט קוּמֶען פוּנ׳ם וֶועג, הָאט עֶר

זַיי נִישְׁט גֶעפִּיהרְט צוּם זְשַׁלָאבּ גֶעגֶעבְּן עֶסֶען, וִוי עֶס פִּיהרְט זִיךְ בַּיי לַייטֶען מִיט פֶּערְד, עֶר פְּלֶעגְט זַיי נָאר אוֹיסְשְׁפַּאנֶען – שְׁטֶענְדִיג מָלֵא רְצִיחָה, שְׁטֶענְדִיג מִיט אַ גַאנְצֶע דְרָשָׁה פוּל מִיט מוּסָר – ווייל זַיי הָאבֶּען אִיהם נִישְׁט ווֶענִיג דָאקוּטְשֶׁעט אִין ווֶעג, אַלֶע מָאל זֶענִין זַיי שְׁטֶעהֶען גֶעבְּלִיבֶּען אוּנ עֶר הָאט גֶעמוּזְט אַלֶע מָאל אַרָאבּשְׁפְּרִינְגֶען אוּנ זַיי שְׁלֶעפֶּען, חוּץ דִי בַּייטְשֶׁען ווָאס עֶר פְּלֶעגְט זַיי בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה גֶעבֶּען, פְּלֶעגְט עֶר זַיי נָאךְ זָאגֶען:

– ווַארְט נָאר אוֹיס, מְשׁוּמָדִים, לָאמִיר נָאר קוּמֶען אַהֵיים ווֶעט אִיהר הָאבֶּען אַייֶער אוֹיסקוּמֶענִישׁ, אִיךְ ווֶעל אִין אַייךְ אַרַיינְלֶעגֶען אַז אִיהר ווֶעט פַארְגֶעסֶען ווֶען אַייֶער טַאטֶע אִיז גֶעווֶען...

אוּנ טְרַייטִיל פְּלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג מְקַיֵים זַיין ווָאס עֶר הָאט צוּגֶעזָאגְט, נָאךְ מִיט כְּרָאצֶענְט. בַּיים אוֹיסְשְׁפַּאנֶען הָאט עֶר אוֹיף זַיי אוֹיסְגֶעשִׁיט דֶעם גַאנְצֶען גֵיהִנָם קְלָלוֹת, אַרַיינְגֶעלֶעגְט עֶטְלִיכֶע צֶעהְנְדְלִיג בַּייטְשֶׁען חוּץ קוּלַאקִים, מִיט דֶעם הָאט זִיךְ טְרַייטִיל גֶעקִיהלְט דָאס הָארְץ, דִי פֶּערְד פְּלֶעגֶען זִיךְ גַאנְץ רוּהִיג נִיט אַיילֶענְדִיג אַוֶועקְגֶעהְן, אַ פְּנִים זַיי הָאבֶּען זַייֶער בַּעַל עֲגָלָה מִיט דִי דְרִיקִים אוּנ קְלָלוֹת גוּט גֶעקֶענְט. ––

אִיהר זָאלְט אַייךְ נִיט ווּאוּנְדֶערְן, לִיעבֶּע לֶעזֶער, ווָאס טְרַייטִיל פְּלֶעגְט מִיט זַיינֶע שְׁקַאפֶּעס טַעֲנִין גְלַייךְ ווִי מִיט זַיין ווַייבּ טְרַיינֶען, גְלַייךְ ווִי זַיי פַארְשְׁטֶעהֶען זַיינֶע רֵייד, גְלַייךְ ווִי זַיי אַלֵיין קֶענֶען רֶעדֶען אוּנ אָבְּעֶנְטְוֶוערֶען; אִיהר ווֶעט גֶעווִיס מֶעהר פַארְוואוּנְדֶערְט ווֶערֶען אַז אִיהר ווֶעט גֶעוָואהר ווֶערֶען אַז זַיינֶע צְווֵיי שְׁקַאפֶּעס הָאט מֶען אִין זְלִידְנִיוּוקֶע גֶערוּפֶען מִיט נָאמֶען, אוּנ נָאךְ מִיט אַזוֹינֶע נָאמֶען ווִי מֶען קֶען רוּפֶען אַייךְ אוּנ מִיךְ. בֵּיידֶע הָאבֶּען גֶעהֵייסֶען יֶעקִיל, נָאר כְּדֵי מֶען זָאל צְווִישֶׁען זַיי ווִיסֶען אַ חִלוּק, הָאבֶּען דִי ווַייסֶע חֶבְרָה אַיין שְׁקַאפֶּע גֶערוּפֶען יֶעקִיל דֶער לַאנְגֶער, אוּנ דִי אַנְדֶערֶע יֶעקִיל דֶער קַאלִיקֶע. –

יֶעקִיל דֶער לַאנְגֶער אִיז גֶעווֶען הוֹיךְ אוּנ לַאנְג ווִי דֶער יוּדִישֶׁער גָלוּת אוּנ דַאר ווִי אַ חָארִט, מֶען הָאט נָאר גֶעזֶעהֶען בַּיי אִיהם בֵּיינֶער, אַזוֹי אַז מֶען הָאט זַיי גֶעקָאנְט אַלֶע אִיבֶּערְצֶעהלֶען. עֶר הָאט לִיעבּ גֶעהַאט שְׁטֶענְדִיג אַרוּמְגֶעהְן, אוּנ דָאס אִיז טַאקִי גֶעווֶען דֶער אַיינְצִיגֶער חִלוּק צְווִישֶׁען אִיהם אוּנ זַיין חַבֵר, ווֶעלְכֶער פְּלֶעגְט בְּעשְׁטֶענְדִיג לִיגֶען. פוּן דֶעם אוֹיסְשְׁפַּאנֶען בִּיז צוּם אַיינְשְׁפַּאנֶען פְּלֶעגְט עֶר זִיךְ פוּן דֶעם אָרְט נִישְׁט רִיהרֶען.

ווֶען דִי חֵדֶר יוּנְגְלֶעךְ פְּלֶעגֶען דֶערזֶעהֶען טְרַייטִילְס שְׁקַאפֶּעס, פְּלֶעגֶען זַיי זִיךְ דֶער-פְרֵייעֶן, זַיי פְּלֶעגֶען זַיי אַרוּמפַּאלֶען פוּן אַלֶע זַייטֶען; דִי גְרֶעסֶערֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעצְט רַייטֶענְדִיג, דִי קְלֶענֶערֶע הָאבֶּען זַיי פָּשׁוּט אַזוֹי גֶערִיסֶען, הֶער בַּיי דֶער מָארְדֶע, דֶער בַּיים פוּס, זַיי הָאבֶּען זַיי גֶעטְרִיבֶּען, גֶעיָאגְט, גֶעשְׁלָאגֶען. נָאר בַּיי דֶעם אַלֶעם הָאבֶּען זַיי זִיךְ אִין דֶער ווַייסֶער חֶבְרָה נִישְׁט גֶענַארְט, ווָארוּם דִי יוּנְגְלֶעךְ פְּלֶעגֶען זַיי הָאדִיוֶוען מִיט זַייעֶרֶע אָנְבַּייסֶענְס, חָאטְשׁ פֶּערְד עֶסֶען נִישְׁט קַיין בְּרוֹיט, בְּרוֹיט מִיט שְׁמַאלְץ, מִיט פּוּטֶער-אָדֶער מִיט אַיינְגֶעמַאכְטְס, הָאבֶּען זִיךְ טְרַייטִילְס פֶּערְד דֶערְצוּ אַיינְגֶעווֶעהנְט. פְרִיהֶער הָאבֶּען זַיי דִי יוּנְגְלֶעךְ מִיט גֶעוואַלְד גֶעהָאדִיוִוט מִיט אַזוֹינֶע מַאֲכָלִים, בִּיז דִי פֶּערְד

האבען געפונען אז דאס איז טאקי אויך איין עסען. חוץ דעם פלעגען די יונגלעך קריגען פון זייערטוועגען הײ, שטרוי, אונ זיי ברענגען, אונ ווען עס האט נישט געסטאיעט, פלעגען זיי אראבחאפען פון די דאכער שטרוי, די בעלי בתים פלעגען זיך נישט איין מאל באקלאגען אז מען גנבית אראב שטרוי פון זייערע דאכער, נאר דאס האט זיי נישט געהאלפען.

טרייטיל׳ס פערד האבען בעשיינפערליך געזעהען אז עס איז דא א גאטט וואס שפייזט אפילו א ווערעמיל אויף דער ערד אונ זיי אויך! —

* * *

טרייטיל איז געוועזען דער איינציגער בעל עגלה אין זלידניווקע, ווארום נאך וואס האט מען אין דעם שטעדטיל בעדארפט נאך א בעל עגלה? אין אמת׳ן איז טרייטיל מיט זיין עגלה אויך געוועזען איבריג, נאר טרייטיל איז דאך געוועזען א יוד, אונ אז גאט האט געוואללט טרייטעל׳ען שפייזען, האט ער אפילו אין זלידניווקע אויך געפונען פארשוי־נען וואס פלעגען פאהרען איין מאל די וואך קיין בולאנאווקא אויף דעם יריד (17 ווערסט פון זלידניווקע) אונ איין מאל קיין טיווער יווקע (20 ווערסט) צום רבין אויף שבת. דערפון האט טרייטיל מיט זיין פאמיליע אונ זיינע שקאפעס געלעבט. קיין בולאנאווקא איז שוין געוועזען א מקח ווי א בייגעל א גראשען: א פארשוין אויבען אן — א גילדען אהין אונ א גילדען צוריק; אקעגען — א גריווינקע, אויף דער קעלנע — א האלבען גילדען. פלאץ אויף זיין פוהר איז ב״ה שטענדיג געוועזען גענוג, האטש צולעג זיך ווי ביים טאטען אין וויינהויז (ווי טרייטיל פלעגט זאגען), הלוואי וואלטען נאר אזוי פיעל פארשוינען געוועזען, נאר וואס האט ער געקאנט טהון אז אין זלידניווקע האבען זיך פארט מעהר נישט געפונען ווי פופצען פארשוין צום יריד אונ אכצען צום רבין.

מערקווירדיג איז אז ביי טרייטלין אויף דער פוהר איז שטענדיג געוועזען גרוים, וויפיעל פארשוינען עס זאלען זיך יאווען אונ איהם פרעגען, צו ער האט פלאץ, האט ער שטענדיג געענטווערט:

— אזוי פיעל פלאץ אפילו זיך אויסציהען אונ שלאפען א גאנצען וועג!

אי דערנאך האט זיך אויסגעלאזט אז ווען מען האט חאטש געקאנט איין פוס אריינזעצען אין דער בויד איז מען אויך שוין געוועזען א גליקליכער, מעהר איז מען געגאנגען צו פוס ווי געפאהרען אונ נאך מעהר האט מען געמוזט העלפען אונטערן בארג שלעפען די שקאפעס מיט דער גרויסער בויד. ווי אזוי דען פאהרט א יוד? איהר ווילט אפשר ער זאל פאהרען מיט פאיעטאנים, צו מיט פאסט, צו מיט א רוסישער פראהליכער טראיקא? אויף דארויף איז מען דאך א יוד... אין גלות.... די זלידניווקער יודען האבען קיין מאל קיין טענות נישט געהאט צו טרייטעל׳ען פאר זיין פאהרען; פונקט פארקעהרט — זיי זענין מיט איהם געוועזען זעהר צופריעדען, זיי האבען זיך נאר עפים בעסערס נישט פארגעשטעלט ווי טרייטיל׳ס פאהרען.

אויף דעם יריד קיין בולאנאווקא פלעגט טרייטיל ארויספאהרען מיט די פארשוי־

גֶען בַּאלְד נָאךְ הַבְדָלָה אונ שְׁטֶענְדִיג פַארְשְׁפֶּעטִיגֶען דֶעם יָרִיד; נָאר וֶועמֶען אַארְט דָאס? אַז גָאטְט ווִילְל גֶעבֶּען דֶעם זְלִידְנִיוְוקֶער יוֹדֶען אַ גוּטֶען יָרִיד, גִיט עֶר אֲפִילוּ וֶוען עֶר קוּמְט אָן גַאנְץ שְׁפֶּעט, אונ אַז גָאטְט ווִילְל נִישְׁט, הֶעלְפְט נִישְׁט וֶוען עֶר קוּמְט אָן גַאנְץ פְּרִיה פַאר דֶעם יָרִיד. דָאס פְלֶעגֶען שְׁטֶענְדִיג זָאגֶען דִי זְלִידְנִיוְוקֶער יוֹדֶען

הַיינְט וָואס הָאט דָאס גֶעקָאנְט אַארֶען וִדי פַארְשׁוּינֶען וֶוען טְרַייטִיל פְלֶעגְט זִיבְּצֶען וֶוערְסְט פוּן זְלִידְנִיוְוקֶע קִיין בּוּלַאנָאוְוקֶע פָאהְרֶען כִּמְעַט אַ גַאנְצֶען מֵעֵת לְעֵת? וָואס הָאט מֶען זִיךְ גֶעהַאט צוּ אַיילֶען?

וֶוער שְׁמוּעסְט צוּרִיק פוּן דֶעם יָרִיד, דֶעמֶעלְט זֶענִין דִי פַארְשׁוּינֶען גָאר גֶעוֶועןְ צוּפְרִיעדֶען מִיט זַייעֶר בַּעַל עֲגָלָה; וָוארוּם פוּן דֶעם יָרִיד פְלֶעגְט טְרַייטִיל צוּ זִיךְ זַאלַיין זָאגֶען:

— אִיךְ זָאל אֲפִילוּ ווִיסֶען אַז דֶער רוּחַ זָאל מִיךְ נֶעמֶען, מוּז אִיךְ דָא אִין דֶער קְרֶעטְשְׁמֶע אוֹיסְטְרִינְקֶען אַ בִּיסֶל בְּרָאנְפִין, אונ אַז טְרַייטִיל הָאט גֶענוּמֶען אַבִּיסֶל בְּרָאנְפִין הָאבֶּען שׁוֹין אַלֶע פַארְשׁוּינֶען גֶעווּאוּסְט אַז גָאטְט זָאל נָאר שׁוֹמֵר וּמַצִיל זַיין, דִי שְׁקַאפֶּעס („דִי חַיוֹת רָעוֹת" ווִי טְרַייגֶע רוּפְט זַיי) וֶועלֶען אָנְהוֹיבֶּען שְׁטֶעלֶען פִּיס, מַאכֶען מִיט דִי קָאפּ אונ אַמָאל מִיט דִי הִינְטֶערְשְׁטֶע פִּיס אַרַיינְקְלַאפֶּען צוּ דִי פַארְשׁוּינֶען אִין דֶער עֲגָלָה אַרַיין אונ טְרַייטִיל וֶועט אָנְהוֹיבֶּען אַרְבַּייטֶען מִיט דֶער בַּייטְשׁ, מִיט דִי אַקְסְלֶען אונ אַלֶע אֵבְרִים, דֶעמֶעלְט אִיז טַאקִי אַ פֶערְגְנִיגֶען מִיט אִיהְם צוּ פָאהְרֶען; מֶען פְלִיהְט, פֶעלְדֶער שְׁטֶעהֶען, וֶואלְדֶער וַואקְסֶען, דִי הִינְד פוּן דִי דֶארְפֶער בִּילֶען אונ טְרַייטִיל בַּעַל עֲגָלָה אִיז שְׁטָאלְץ אוֹיף זַיינֶע פֶערְד, ווִי דֶער רוּסִישֶׁער יַאמְשְׁטְשִׁיק אוֹיף זַיין טְרָאיְקָא.

* * *

צוּרִיק פוּן דֶעם יָרִיד פְלֶעגְט טְרַייטִיל אָנְקוּמֶען מָאנְטַאג זַייגֶער צְוֶועלְף בַּיי טָאג, אוֹיסְשְׁפַּאנֶען דִי פֶערְד, זַיי הַאלְטֶען אַ הַאלְבֶּע שָׁעָה אַ דְרָשָׁה מִיט סְטִיסַאקִים, ווִי עֶר הָאט זַיי צוּגֶעזָאגְט אוּנְטֶערְוֶועגְס אונ זַיי לָאזֶען פְרַאנְק אונ פְרַיי אוֹיף אַלֶע פִיער זַייטֶען אִין זְלִידְנִיוְוקֶע בִּיז מִיטְוָואךְ.

מִיטְוָואךְ פְלֶעגְט טְרַייטִיל פָאהְרֶען קִיין טִיוְורִיוְוקֶע צוּם רֶבִּין אוֹיף שַׁבָּת. אַז טְרַייטִיל הָאט גֶעוָואלְט אַיינְשְׁפַּאנֶען דִי פֶערְד, פְלֶעגְט עֶר נֶעמֶען אַ לֵיידִיגֶען זַאק אונ זַיי גֶעהֶען זוּכֶען אִיבֶּער גַאנְץ זְלִידְנִיוְוקֶע, מֵילָא „יֶעקִיל דֶעם קַאלִיקֶע" פְלֶעגְט עֶר בַּאלְד גֶעפִינֶען לִיגֶענְדִיג אוֹיף דֶער מְלַמְדִישֶׁער גַאס, נָאר „יֶעקִיל דֶעם לַאנְגֶען" פְלֶעגְט אִיהְם נִישְׁט אַזוֹי גְרִינְג אָנְקוּמֶען צוּ גֶעפִינֶען, עֶר הָאט אִיהְם גֶעמוּזְט זוּכֶען אִין אַלֶע גַאסֶען אונ דֶערְנָאךְ מִיט דֶעם זַאק פַארְנַארֶען צוּם וָואגֶען.

צוּרִיק פוּן טִיוְורִיוְוקֶע פְלֶעגְט עֶר כִּמְעַט תָּמִיד קוּמֶען פְרַייטָאג נָאךְ לִיכְט בֶּענְשֶׁען, שְׁטֶענְדִיג הָאט עֶר פַארְשְׁפֶּעטִיגְט, אונ הָאט גֶעמוּזְט מִיט דִי חֲסִידִים (וָואס זֶענִין פַאר אַכְטְטָאגֶען שַׁבָּת גֶעפָאהְרֶען צוּם רֶבִּין) וֶועלְכֶע עֶר הָאט גֶעפִיהְרְט, אָנְקוּמֶען קִיין זְלִידְנִיוְוקֶע צוּ פוּס.

אַזוֹי הָאט אָבְּגֶעפִיהְרְט זַיין לֶעבֶּען טְרַייטִיל דֶער בַּעַל עֲגָלָה; עֶר הָאט דֶערְבַּיי קוֹים

גֶעהַאט אויף בְּרויט, שְׁטֶענְדִיג גֶעוֶוען אויסְגֶעשְׁמִירְט מִיט סְמָאלֶע, נִישְׁט נָאר זַיין פֶּעלְץ וָואס עֶר פְּלֶעגְט טְרָאגֶען זוּמֶער אונ ווינְטֶער, נָאר אֲפִילוּ דָאס פָּנִים, דִי בָּארְד, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר גֶעלֶעבְּט אונ זַיין וַוייבּ טְרַיינֶע הָאט אוֹיךְ גֶעלֶעבְּט, חָאטְשׁ זִי פְּלֶעגְט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג קְלָאגֶען אונ וויינֶען אַז אִיהְר טְרֵייטְל הָאט וֶוענִיג פַארְשׁוּינֶען [15] מֶענְשֶׁען אויף אֵיין פוּהְר אִיז גֶעוֶוען קַארְג!).

# III

## דִי שְׁטָאדְט זְלִידְנִיוְוקֶע.

דִי לֶעוֶוער הָאבֶּען גֶעוִויס נִישְׁט פַארְגֶעסֶען אַז דָאס אַלְץ אִיז מִיט טְרֵייטְלֶען גֶעשֶׁעהֶען צוּרִיק מִיט אַ יָאהְר צְוֵויי דְרַיי ד. ה. נָאךְ אֵיידֶער דִי בָּאד אִיז אָבְּגֶעבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען.

אִין זְלִידְנִיוְוקֶע אִיז פוּן תָּמִיד אָן גֶעוֶוען אַ בָּאד, אַ פַיינֶע בָּאד, דַוְוקָא אַ שֶׁאנֶע בָּאד, וָואס אִיז גֶעוֶוען אֲפִילוּ צוּ פַיין פַאר אַזַא קְלֵיין שְׁטֶעדְטִיל. וֶוען אונ וֶוער עֶס הָאט אויפְגֶעבּוֹיעט דִי בָּאד הָאט קֵיינֶער נִישְׁט גֶעדֶענְקְט, אַ טְהֵייל הָאבֶּען גֶעזָאגְט אַז דִי בָּאד שְׁטֶעהְט פוּן שֵׁשֶׁת יְמֵי בְרֵאשִׁית אָן, אונ אַ טְהֵייל הָאבֶּען דֶערְצֶעהְלְט אַז זֵיי הָאבֶּען פוּן זֵיירֶע בָּאבֶּעס גֶעהֶערְט, אַז דָאס שְׁטֶעדְטִיל זְלִידְנִיוְוקֶע הָאט פְרִיהֶער גֶעקֶערְט אַ גְרוֹיסֶען פָּרִיץ, וָועלְכֶער הָאט זֶעהְר לִיעבּ גֶעהַאט דִי דָארְטִיגֶע יוּדֶען, אונ אַזוֹי וִוי עֶר הָאט גֶעוואוּסְט אַז עֶהְרְלִיכֶע יוּדֶען קֶענֶען זִיךְ נִישְׁט בַּאגֶעהֶען אָהְן אַ בָּאד, וִוי לְהַבְדִיל אָהְן אַ בֵּית מֶדְרָשׁ, הָאט עֶר פַאר זַיינֶע יוּדֶעלֶעךְ אויסְגֶעבּוֹיעט אַ בָּאד.

ווִידֶער דֶערְצֶעהְלְט מֶען נָאךְ עַד הַיּוֹם אַ גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה אִיבֶּער דֶער זְלִידְנִיוְוקֶער בָּאד, אונ וִוי עֶס וַוייזְט אוֹיס אִיז שׁוֹין דֶער מַעֲשֶׂה מֶעהְר צוּ גְלוֹיבֶּען: זְלִידְנִיוְוקֶע אִיז אַמָאל גֶעוֶוען אַ דָארְף, דֶער פָּרִיץ פוּן דֶעם דָארְף הָאט גֶעהַאט אַ רַייכֶען יוּדִישֶׁען מוֹכְסָן, זֶעהְר אַ גְרָאבֶּען יוּנְג, אַיין אֶמֶת'ן עַם הָאָרֶץ, דֶער יוּד הָאט אָבֶּער גֶעהַאט אַ וַוייבּ אַיין אִשָּׁה צְנוּעָה, אַיין אֶמֶתֶע צַדֶקֶת, עֶר הָאט אַמָאל גֶעהַאט דִי זְכִיָה אַז אִין דֶערְצַייט וָואס זַיין וַוייבּ הָאט בֶּעדַארְפְט גֶעהְן אִין מִקְוֶה, אִיז אִיהְר גֶעקוּמֶען צוּ חָלוֹם אַיין אַלְטֶע יוּדֶענֶע אונ הָאט אִיהְר גֶעזָאגְט אַז פוּן אִיהְר דַארְף גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען דֶער צַדִיק אַ בְּרֶמֶעלֶע מַלְאָךְ, וָועלְכֶער וֶועט הָאבֶּען אַ לִיכְטִיגֶען שְׁטֶערִין אִין הִימֶעל אונ וֶועט רַעשֶׁען אויף דֶער וֶועלְט, נָאר פוּן צְוֵויי זַאכֶען זָאל זִי זִיךְ אָבְּהִיטֶען: עֶרְשְׁטֶענְס דֶער מַאנְן דֶער עַם הָאָרֶץ זָאל דֶערפוּן נִישְׁט וויסֶען, צְווייטֶענְס אַז גֶעהֶענְדִיג פוּן דֶער מִקְוֶה זָאל זִי זִיךְ נִישְׁט נָאר נִישְׁט אָנְרִיהְרֶען אָן קֵיין גוֹי אונ מִיט קֵיינֶעם נִישְׁט רֶעדֶען, ווַייל עַל פִּי יוּדִישֶׁען דַת טָאר דָאס קֵיין יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער נִישְׁט אֲפִילוּ אַ פְּרָאסְטֶע, וּבִפְרַט זִי דִי צַדֶיקֶת, נָאר זִי זָאל זִיךְ אֲפִילוּ אָן קֵיין יוּדֶען נִישְׁט אָנְרִיהְרֶען, מִיט אַיין וָוארְט אָן קֵיין בָּשָׂר וָדָם וָואס וֶוערְט גֶעבּוֹירֶען פוּן עֶרְד אונ מוּז צוּרִיק וֶוערֶען עֶרְד.

וֶוען דִי מוֹכְסָנִיְתֶע פְלֶעגְט דַארְפֶען גֶעהְן אִין מִקְוֶה, פְּלֶעגְט זִי מוּזֶען פָאהְרֶען זִיבֶּעצִין וֶוערְסְט אִין שְׁטֶעדְטִיל בּוּלַאנָאוְוקֶע, ווַייל זְלִידְנִיוְוקֶע אִיז דָאךְ דֶעמָאלְט גֶעוֶוען

אַ דָארְף, אוּנ וואוּ־וָשֶׁע הָאט אִיהר גֶעזֶעהן אַ מִקְוָה אִין אַ דָארְף? נָאר זַייט זִי אִיז בִּנְבִיאוּת גֶעוָואהר גֶעוָוארֶען אַז זִי דַארְף טְרָאגֶען אַ מַלְאַךְ, פְּלֶעגְט זִי אַהִין פָאהרֶען אוּנ צוּרִיק גֶעהן צוּ פוּס אִיבֶּער וָואלְדֶער אוּנ פֶּעלְדֶער, אִיבֶּער טְהָאלֶען אוּנ בֶּארְג, יַמִים אוּנ טַייכֶען, כְּדֵי זִי זָאל זִיךְ מִיט קֵיינֶעם נִישְׁט בַּאגֶעגֶענֶען אוּנ קֵיינֶער זָאל זִיךְ אָן אִיהר נִישְׁט אָנְרִיהרֶען. עֶס הָאבֶּען גֶעמֶעגְט זַיין פְּרֶעסְט, שְׁנֵייעֶן מִיט גְרוֹיסֶע וִוינְדֶען, שְׁלַאקְס רֶעגֶענְס, פְּלֶעגְט זִי אַלְץ גֶעהן צוּ פוּס, וַואלְד אַיין וַואלְד אוֹיס, בִּיז זִי פְּלֶעגְט פּוּנְקְט זֵייגֶער צְוֶועלְף (וֶוען דִי הֶאנֶער הָאבֶּען גֶעקְרֶאהְט דָאס צְוֵוייטֶע מָאל אוּנ דִי שְׁטֶערן הָאבֶּען זִיךְ גֶעבִּיטֶען) אָנְקוּמֶען קֵיין זְלִידְנִיוְוקֶע, זִיךְ שְׁטֶעלֶען אִין גְרֶעסְטֶען פְרָאסְט בַּיים מוּכְּסָנְס פֶענְסְטֶער אוּנ אַזוֹי לַאנְג קְלַאפֶּען, בִּיז דֶער עַם הָאָרֶץ הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעחַאפְּט אוּנ אִיהר גֶעעֶפִינְט דִי טְהִיר.

– סְטַייטְשׁ, וֶועט אִיהר פַארוואוּנְדֶערְט פְרֶעגֶען, וִוי אַזוֹי קֶען דָאס גָאר זַיין? זִיבֶּעצִין וֶוערְסְט צוּ פוּס אָבְגֶעהן בִּיז צְוֶועלְף דֶעם זֵייגֶער? נָאר פַארְגֶעסְט אָבֶּער נִישְׁט אַז זִי הָאט גֶעדַארְפְט טְרָאגֶען אַ מַלְאַךְ, קֶען דָאךְ אַוַודַאי זֶעהר שֶׁאן זַיין אַז אַ מַלְאַךְ הָאט זִי גֶעטְרָאגֶען פוּן בּוּלַאנָאוְוקֶע קֵיין זְלִידְנִיוְוקֶע, וֶוער וֵייסְט? אִיךְ דֶערְצֶעהל דָאס נָאר דֶערְפַאר אִיהר זָאלְט נִישְׁט פְרֶעגֶען קֵיין קֻשְׁיוֹת אוֹיף גָאטְס נִסִים אוּנ מַעֲשִׂים מִיט זַיינֶע צַדִיקִים, וָוארוּם עֶר טְהוּט מִיט זֵיי וָואס עֶר וִויל, וֶוען עֶס אִיז אֲפִילוּ פַאר דֶעם מֶענְשֶׁענְס שֵׂכֶל פַארְבָּארְגֶען.

אַז דִי מוּכְסֶנְטֶע הָאט גֶעבָּארֶען דֶעם מַלְאַךְ אִיז לִיכְטִיג גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט אִין יֶעדֶען וִוינְקֶעלֶע, דִי עֶרְד הָאט גֶעצִיטֶערְט, דִי בּוֹימֶער פוּן דִי וָואלְדֶער זֶענִין פוּן אַ גְרוֹיסֶען שְׁטוּרֶם וִוינְד אַיינְגֶעפַאלֶען, דִי חַיוֹת רָעוֹת אִין דִי מִדְבָּרִיוֹת הָאבֶּען גֶעשְׁרִיעֶן פוּן אֵיין עֶק וֶועלְט אִין דֶער אַנְדֶערֶער עֶק וֶועלְט, עֶס הָאט אוֹיסְגֶעבְּרָאכֶען אַ גְרוֹיסֶער שְׁלַאקְס רֶעגֶען, דִי רְשָׁעִים הָאט מֶען גֶעבְּרֶענְט אִין גֵיהִנָם אוּנ אוֹיפ׳ן הִימֶעל אִיז גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער רַעשׁ...

אִין דֶער אֵייגֶענֶער נַאכְט הָאט זִיךְ דִי צַדֶיקֶת וִוידֶער בַּאוִויזֶען דִי פְרִיהֶערִיגֶע יוֹדֶענֶע אוּנ הָאט צוּ אִיהר אַזוֹי גֶעזָאגְט:

– מַיין לִיעבֶּע טָאכְטֶער! דֶער הֵיילִיגֶער בּוֹיךְ וָואס אִיז זוֹכֶה גֶעוֶוען בַּיים גְרוֹיסֶען הַאר פוּן דֶער וֶועלְט וָואס שַׁאפְט אִיבֶּער אַלֶע פֶעלְקֶער אוּנ אִיבֶּער טוֹיזֶענְד וֶועלְטֶען אוּנ אִיבֶּער צֶעהן טוֹיזֶענְד אוּנְטֶערְשְׁטֶע וֶועלְטֶען, אַז עֶר זָאל טְרָאגֶען נַיין חֳדָשִׁים דֶעם גְרוֹיסֶען שְׁטֶערן, זָאל פוּן הַיינְט אָן אוּנ וַוייטֶער אוֹיךְ אַזוֹ גֶעהן אִין מִקְוָה וִוי בִּיז אַהֶער, כְּדֵי עֶר (דֶער בּוֹיךְ) זָאל אוֹיף אֵייבִּיג זַיין הֵיילִיג.

נָאר אַזוֹי וִוי דִי מוּכְסֶנְטֶע הָאט שׁוֹין נָאךְ דֶעם שְׁטֶערן מֶעהר קֵיין מַלְאַךְ נִישְׁט בַּאדַארְפְט טְרָאגֶען הָאט זִי שׁוֹין מֶעהר נִישְׁט גֶעהַאט דִי זְכִיָה אַ מַלְאָךְ זָאל זִי אִיבֶּער־טְרָאגֶען אִיבֶּער דִי פֶעלְדֶער אוּנ בֶּארְג פוּן בּוּלַאנָאוְוקֶע קֵיין זְלִידְנִיוְוקֶע. וָואס־וָשֶׁע הָאט זִי גֶעזָאלְט טְהוּן? זִי הָאט זִיךְ גֶעהֵייסֶען בּוֹיעֶן אַ בָּאד אִין זְלִידְנִיוְוקֶע. דֶער רַייכֶער מוּכְסָן הָאט גֶעשִׁיקְט דֶעם פָּרִיצְס גוֹיִם אוּנ מֶען הָאט אוֹיפְגֶעבּוֹיעט אַ גֶעמוֹיעֶרְטֶע בָּאד מִיט אַ מִקְוָה, וָואס אִיז גֶעוֶוען אַוואוּנְדֶער אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אַזוֹי אַז פוּן אַלֶע עֶקֶען

פון דֶער וֶועלְט אִיז מֶען גֶעפָאהרֶען קֵיין זְלִידְנִיוְוקֶע אָנְקוּקֶען דִי בָּאד מִיט דֶער מִקְוָה׳.

פון דֶער צַייט זֶענִין אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אַ סַךְ יָאהרֶען, דֶער מוּכְּסָן אִיז דֶערוַוייל גֶעשְׁטָארְבֶּען, דִי מוּכְּסֶנְטֶע אִיז אוֹיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען, דֶער מַלְאַךְ אַלֵיין וֶועלְכֶען זִי הָאט גֶעבּוֹירֶען, אִיז שׁוֹין אוֹיךְ גֶעשְׁטָארְבֶּען, פּוּנְקְט אִין דֶער צַייט וֶוען אִין מִיטֶען הֶעלֶען טָאג אִיז גֶעוֶועזֶען פִינְסְטֶער אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אַז מֶען הָאט גֶעמוּזְט אָנְצִינְדֶען לִיכְט אוּנ פַארמַאכֶען דִי לָאדֶען.

נָאר דִי בָּאד אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִין זְלִידְנִיוְוקֶע!

וואוּ הָאט אִיהר אָבֶּער גֶעזֶעהן אַז אַ בָּאד זָאל זַיין אָהן יוּדֶען? קֶען דָאס זַיין? אֶפְשַׁר מַאקִי צוּ לִיעב דֶעם הָאבֶּען זִיךְ צוּ בִּיסְלִיכְוַויז אָנְגֶעהוֹיבֶּען בַּאזֶעצֶען יוּדֶען אִין זְלִידְנִיוְוקֶע, בִּיז פוּן דֶעם דָארְף אִיז גֶעוָוארֶען קֵיין עַיִן הָרָע אַ שְׁטֶעדְטִיל מִיט אַ בָּאד, אַ מִקְוָה, אַ בֵּית הַמִּדְרָשׁ, מִיט אַ טַאקְסֶע א. ד. ג. מִיט אֵיין וָוארְט מִיט אַלֶע זַאכֶען וָואס פַּאסֶען צוּ יוּדֶען.

אַזוֹי אִיז גֶעוֶוען בִּיז פַאר דְרַייא יָאהרֶען, ד. ה. אַזוֹי הָאבֶּען זִיךְ דִי זְלִידְנִיוְוקֶער יוּדֶען מִיט זֵייעֶרֶע וַוייבֶּער, טֶאכְטֶער אוּנ קִינְדֶער גֶעלֶעבְּט אִין זְלִידְנִיוְוקֶע, אַז גָאטט אַלֵיין הָאט זֵיי גֶעמֶעגְט מְקַנֵּא זַיין. מְרַייטִיל בַּעל עֲגָלָה הָאט זֵיי גֶעפִיהרְט אַלֶע זוּנְטָאג קֵיין בּוֹלַאנָאוְוקֶע אוֹיפ׳ן יָרִיד אוּנ אוֹיף אַלֶע שַׁבָּת צוּם רֶבִּין קֵיין טִיוְורִיוְוקֶע. וֶוער שְׁמוּעסְט נָאךְ אַז טְרַייטִיל פְלֶעגְט אוֹיף שַׁבָּת אַרָאבּבְּרֶענְגֶען קֵיין זְלִידְנִיוְוקֶע אַ נַייֶען גוּטֶען יוּדֶען, אִיז מֶען גֶעוֶוען גָאר אִיבֶּערְגְלִיקְלִיךְ. אַגַאנְצֶע וָואךְ זֶענִין דִי וַוייבֶּער פַאר נַאכְט אוּנ דִי מַאנְסְבִּילֶען אִין דֶער פְרִיה גֶעגַאנְגֶען אִין מִקְוָה אַרַיין אוֹיף וָואס דִי וֶועלְט שְׁטֶעהט; דִי וַוייבֶּער זֶענִין גֶעוֶועזֶען נָאךְ גְלִיקְלִיכֶער, וַוייל דְרָואשֶׁע דִי טוּקֶערן אִיז גֶעוֶוען זֶעהר אַ פְרוּמֶע יוּדֶענֶע אוּנ הָאט פַאר צְוֵויי פְּיַאטְקִים (זֶעקְס גְרָאשִׁין) כָּשֵׁר גֶעמַאכְט אַ וַוייבִּיל וִוי גָאטט אַלֵיין הֵייסְט, ד. ה. אִיהר אָבְּגֶעשְׁנִיטֶען דִי נֶאגִיל אַז בְּלוּט אִיז גֶעגַאנְגֶען, זִי הָאט אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אַז טָאמֶער הָאט אֵייגֶע אַרוֹיסגֶעהֶענְדִיג פוּן דֶער מִקְוָה זִיךְ אַרוֹיס גֶעהַאפְּט מִיט אַ וָוארְט, אָדֶער אוֹיסגֶעשְׁנַייצְט דִי נָאז, זָאל זִי בַּאלְד צוּרִיק אַרַיין אִין מִקְוָה אַרַיין. בַּיי דֶער טְהִיר פוּן דֶער בָּאד הָאט זִי אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אַז יֶעדֶעס וַוייבִּיל זָאל חו״ש נִישְׁט פַארְגֶעסֶען זִיךְ אָנְרִיהרֶען אָן פַּייוָוִישׁ פָּאנְפֶעוַואטֶע. וָואס הָאט גֶענוּמֶען בַּיי דְרָואשֶׁע דֶער טוּקֶערן וָואבּ־גֶעלְד, חוּץ אַ פְרִישׁ פְלֶעצֶעל אַלֶע פְרַייטָאג אִין דֶער פְרִיה. מִיט אֵיין וָוארְט דְרָואשֶׁע הָאט פַאר זֶעקְס גְרָאשֶׁען גוּט אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אַז יֶעדֶע פְרוֹי וָואס אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין מִקְוָה זָאל אַרוֹיס כָּשֵׁר וִוי דִי יוּדִישֶׁע טֶאכְטֶער פַּאסְט, עֶס הָאט אִיהר אֲפִילוּ גֶעמֶעגְט אוֹיסקוּמֶען אִין אֵיין אָבֶענְד צְוַואנְצִיג מָאל זִיךְ אוֹיסטְהוּן אוּנ אָנְטְהוּן, נָאר אַבִּי כָּשֵׁר־יוּדִישׁ. דֶערְפַאר טַאקִי זֶענִין אִין זְלִידְנִיוְוקֶע בִּיז פַאר דְרַייא יָאהרֶען גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען לוֹיטֶער צַדִּיקִים אוּנ אִין גַן עֵדֶן אִיז שׁוֹין כִּמְעַט נִישְׁט דָא קֵיין לֵיידִיג אָרְט, אִין אַלֶע זַייטֶען אִיז עֶר פוּל מִיט גִילְדֶענֶע שְׁטוּהלֶען פַאר דִי זְלִידְנִיוְוקֶער וַוייבֶּער.

* *
*

נָאר פַאר דְרַייא יָאהרֶען . . . עֶס נֶעמְט אָן אַ שְׁרֶעק אַז מֶען דֶערמָאנְט זִיךְ . . . פְרַייטָאג

צו נאַכטס, דער עָרל, דער בָאד-גוי האָט גערייבערט אַ לולקע ציבעק אויפ'ן בוידים פון דער בָאד אונ איז אַזוי אַנטשלאָפען געוואָרען... שפּעט ביי נאַכט ווען אַלע זלידרניוועקער יודען האָבען געשמאַק געשלאָפען לכבוד שבּת האָט זיך די בָאד אָנגעחאַפּט אונ אָנגעהויבען ברענגען. אין דער שטילער נאַכט האָט זיך דאָס פייער צו ביסלעכווייז מעהר מעהר פאַרבּרייטעט, דער זלידרניוועקער טונקעלער הימעל איז אויף איינינע אָרטער העלל געוואָרען, מען האָט געזעהן אויף איהם ברייטע פאַסען אונ קיילעכדיגע רויטהע פלעקען. די זלידרניוועקער האָבען אַלץ געשמאַק געשלאָפען לכבוד שבּת, מען האָט נאָר געהערט ווי די האָהנער האָבען געקרעהט אונ די הינד געבילעט!

פּיוויש פּאַנפּעוואַטע, דער שמש פון דער שול, דער איינענער וואָס האָט געדיענט ביי דוואָשע דער טוקערן אין בָאד, האָט זיך אויפגעחאַפּט פריהער פון אַללע, ווייל ער האָט באַדאַרפט פאַר טאָג געהן קלאַפּען, וועקען, רופען דעם עולם אין שול אַריין תּהלים זאָגען

אַז פּיוויל איז אַרויס פון זיין שטיבל, וואָס איז געווען אויף דער מלמדישער גאַס, האָט ער באַלד מיט זיין פּאַנפּעוואַטע קול אָנגעהויבען שרייען אונטער דער נאָז: „ע ם ב ר ע נ ט!". נאָר אַלע זלידרניוועקער, אַפילו אַ מינדעסט קינד, האָבען געקענט פּיווישעס קול. אונ וואָס קען שרייען פּיוויש דריי שעה פאַר טאָג אַז ניט זיין שטענדיגען: „שטעהט אויף, שטעהט אויף! אָרעמע יודען צו עבודת הבורא!" אונ נאָך אַנדערע פּסוקים וואָס ער פלעגט דערביי זינגען מיט אַ וויינענדיג קול, אַז עס האָט יעדען אָנגעחאַפּט אַ שרעק ליגענדיג אין בעט. איצט אַז פּאַנפּאַטש האָט געשריען „עס ברענט", האָט איטליכער געמיינט אַז ער רופט אין שול אַריין, אונ יעדער וואָס איז אויפגעשטאַנען, האָט זיך פּאַוואָלי אָבגעוואָשען נאָגיל-וואַסער, געזאָגט אַלע ברכות אונ אָנגעהויבען אַרויסגעהן פון שטוב.

דער ערשטער נאָך פּיווישען וואָס איז אַרויסגעקומען אויף דער גאַס, איז געווען טרייטיל בעל עגלה, ווייל ער האָט געוואָהנט נעבען פּיווישען אונ האָט דער ערשטער געהערט זיין קול. ברכות אויסוויינינג האָט ער נישט געקענט, אָנצינדען אַליכט האָט ער נישט געטאָרט ווייל עס איז געווען שבּת, דערפאַר האָט ער זיך פריהער פאַר אַלע אָבגעפאַרטיגט אונ איז אַרויס אויף דער גאַס, כּדי ער זאָל קומען אין שול אַריין איידער דער עולם וועט זיך שטעלען זאָגען תּהלים אונ זאָל דערווייל קענען ביי די יאָהרצייט ליכט אָבחאַפּען אין סידור אַלע ברכות

– אוי טרייטיל, געוואַלד, עס ברענט! האָט פּאַנפּאַטש געשריען אַז ער האָט דערזעהן טרייטלין אויף דער גאַס.

– יאָ, עס ברענט! געוואַלד פּיוויש! אַ פּאַזשאַר, וואָס האָסט דו געשוויגען ביז אַהער? פאַר וואָס האָסט דו נישט געשריגען? געוואַלד, עס ברענט! עס ברענט! האָט טרייטיל אָנגעהויבען שטאַרק צו שרייען אונ איז צוזאַמען מיט פּיווישען געלאָפען.

– געוואַלד! עס ברענט, טרייטיל! וואָס הייסט איך האָב נישט געשריגען, טרייטיל?

איך שְׁרַיי שוין בַּאלְד אַ הַאלְבֶּע שָׁעָה אַז עֶס בְּנֶענְט, אִיךְ הָאבּ שוין ־קיין כּחַ נִישְׁט צוּ שְׁרַייֶען... הָאט פַּייוויש גֶעעֶנְטְוֶוערְט לוֹיפֶּענְדִיג.

– עֶס בְּרֶענְט, גֶעוַואלְד! עֶס בְּרֶענְט! אִיךְ הָאבּ דִיךְ טַאקִי גֶעהֶערְט שְׁרַייֶען אוּנ בִּין אויפְגֶעשְׁטַאנֶען, נָאר אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט אַז דוּ שְׁרַייעְסְט אִין שׁוּל אַרַיין, וֶוער הָאט זִיךְ גֶעקָאנְט רִיכְטֶען אַז דוּ זָאלְסְט פְּלוּצִים דְרַייא שָׁעָה פַאַרְטָאג שְׁרַייֶען אַז עֶס בְּרֶענְט? אוֹי פַּייוויש, עֶס בְּרֶענְט! גֶעוַואלְד, יוּדֶען, עֶס בְּרֶענְט! לָאמִיר, פַּייוויש, שְׁרַייֶען: „גֶעוואלְד, יוּדֶען, עֶס בְּרֶענְט!“ הָאט טְרַייטִיל גֶעפוּנֶען אַיין עֵצָה צוּ לֶעשְׁין דָאס פַייֶער.

– גֶעוַואלְד, יוּדֶען, עֶס בְּרֶענְט! הָאבֶּען בֵּיידֶע לויפֶענְדִיג גֶעשְׁרִינֶען מִיט דֶעם גַאנְצֶען כּחַ.

– פָּאנְפַאטְש! קַארַאאוּל! פָּאזְשַׁאר! אִיז זֵיי אַקֶעגֶען גֶעלָאפֶען דֶער נַאקִיטֶער אַבְגֶעסְמַאלִיטֶער בָּאד־גוֹי, אִיךְ לויף אִין דֶער צֶערְקְוַוא קְלִינְגֶען –: „נַא גֶעוַואלְד“, פָּאזְשַׁאר!

– פַּייוויש דוּ בִּיסְט שוּלְדִיג, פַארְוָואס הָאסְט דוּ נִישְׁט גֶעשְׁרִיעֶן אַז עֶס בְּרֶענְט? הָאט טְרַייטִיל אִיהם ווִידֶער גֶעזָאגְט לויפֶענְדִיג.

– ווַי אַזוֹי וֶשֶׁע וָואלְסְט דוּ גֶעוָועלְט אויפְגֶעשְׁטַאנֶען אַז אִיךְ זָאל נִיט גֶעוָועְן שְׁרַייֶען.

טְרַייטִיל הָאט נִישְׁט גֶעווּאוּסְט וָואס אִיהם צוּ עֶנְטְוֶוערן.

דֶערְוַוייל זֶענִין אויף דֶער גַאס אַרוֹיס נָאךְ עֶטְלִיכֶע יוּדֶען אוּנ ווִי זֵיי הָאבֶּען דֶערְזֶעהְן דֶעם רויטְהֶען הִימֶעל, הָאבֶּען זֵיי אויךְ אָנְגֶעהויבֶּען שְׁרַייֶען: „גֶעוַואלְד! עֶס בְּרֶענְט“ בִּיסְלֶעךְ וַוייז אִיז דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶעדְטִיל אַרוֹיס אויף דֶער גַאס, בַּעֲלֵי בָּתִּים, וַוייבֶּער, יוּנְגֶע לַייט, וַוייבְּלֶעךְ, מֵיידְלֶעךְ, קִינְדֶער אוּנ וַוייסֶע חֶבְרָה, אַ לַיארֶם, אַ גֶעפִּילְדֶער, אַ גֶעשְׁרַיי, אַ גֶעלוֹיפֶערַיי!... אוּנ דֶער פְּלַאם פוּן דֶעם גְרויסֶען פַייֶער הָאט זִיךְ אַלֶע מָאל פַארְגְרֶעסֶערְט אוּנ פַארְגְרֶעסֶערְט!...

דִי הַאלְבּ־אָנְגֶעבְּהוּגֶע וַוייבֶּער הָאבֶּען פַאר גְרוֹיס שְׁרֶעק אוּנ צִיטֶערְנִיש זִיךְ דֶערְוַוייל בֶּאהַאלְטֶען, דִי אויפ'ן בּוֹידֶעם, דִי אוּנְטֶערן פְּרִיפֶּעטְשִׁיק, דִי אוּנְטֶערן טִישׁ. דִי מַאנְסְבִּילֶען אוּנ דִי וַוייסֶע חֶבְרָה זֶענִין גֶעלָאפֶען צוּם פָּאזְשַׁאר לֶעשֶׁען. אָט שְׁטֶעהְט אִיצְט אַרוּם דֶער בָּאד כִּמְעַט דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶעדְטִיל, אַלֶע שְׁרַייֶען אוּנ קָאמַאנְדָאוֶוען. בֶּערִיל פְּלַאסְטֶער הָאט זִיךְ אַרוֹיפְגֶעחַאפְּט אִין דֶער הוֹיךְ אויף אַ צוּבְרָאכֶענֶעם לַייטֶער, עֶר שְׁטֶעהְט הֶעכֶער פוּן אַלֶע אוּנ שְׁרַייט הֶעכֶער פוּן אַלֶע.

אִיהְר מוּחְט מִיר, לִיעבֶּע לֶעזֶער, פֶערְצֵייהֶען וָואס אִיךְ בַּאקֶען אַייךְ אִיצְטֶער נִישְׁט נָאהֶענְטֶער מִיט בֶּערִיל פְּלַאסְטֶער, אֶפְשַׁר וֶועט אִיהְר זִיךְ שְׁפֶּעטֶער מִיט אִיהְם בַּאקֶענֶען, נָאר אִיצְטֶער פַּאסְט נִישְׁט, אִיצְט אִיז אַ פָּאזְשַׁאר, אוּנ ווִידֶער בֶּערִיל'ן אַלֵיין וֶועט אִיצְטֶער נִישְׁט אָנְשְׁטֶעהְן זִיךְ מִיט אַייךְ צוּ בַּאקֶענֶען: עֶר אִיז אִיצְט גֶעוָוארֶען אַ גֶענֶעראל אוּנ קָאמַאנְדְרָאוֶועט מִיט דֶעם גַאנְצֶען פָּאזְשַׁאר. קוּקְט אִיהְם נָאר אָן ווִי עֶר הָאט אַלֶץ פוּן זִיךְ אַרָאבְּגֶעוָוארְפֶען אוּנ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן נָאר אִין דֶער יַארְמֶעלְקֶע מִיט דֶעם צוּהְרַאסְקֶעטֶען הֶעמְד, וַוייסֶע גַאטֶעקֶעס אוּנ מִיט דִי פַּאנְטָאפִיל, זַיינֶע לַאנְגֶע קָאלְטֶענְעֶוַואטֶע פֵּאוֹת פְּלִיהֶען אַהִין וואוּ דֶער ווִינְד טְרָאגְט דָאס פַייֶער, זַייט בֶּערִיל

לעבט האט ער נישט גערעדט קיין רוסיש, ער האט פשוט נישט געקאנט, און ווידער ווי אזוי מעג אזא פייערדיגער יוד רעדען רוסיש? נאר ווען עס איז געווען א פאזשאר אין זלידניוועקע, פלעגט זיך בעריל אליין מאכען פאר גענעראל און קיין אנדער לשון נישט רעדען נאר רוסיש, חוץ ווען ער האט בעדארפט עמיצין שעלטען וואס מען דערלאנגט איהם נישט אזוי גיך א טאפיל וואסער, דעמאלט פלעגט ער שעלטען אויף רוסיש געמישט מיט יודיש.

בעריל פלאסטער איז תמיד געווען א שטילער, א גוטער, ווי מע זאגט: „א מעקעלע"· יעדער וואס האט נאר געוואלט איז איהם געקראכען אויפ'ן קאפ, אפילו א קינד, און ער האט זיך שטענדיג געלאזט; שטענדיג איז ער געווען איינגעהויקערט, פארקלאגט און האט גאר קיין צוויי נישט געקאנט צאהלען, ער האט מעהר נישט געוואוסט ווי די קלויז מיט דעם רבין, נאכלויפען נאך יודישע מצות, ווי למשל: אכטונג געבען די מקוה זאל האלטען א שיעור, טאמער איז געקומען אין שטאדט אריין א גוט יודיל צו איין איינקעל, זאל ער נישט אוועקפאהרען פארשעמט; שטראפען יונגע לייט פאר זייערע עברות און נאכדענקען ווי אזוי קען מען פארקירצען דעם יודישען גלות און נאך אזוינע זאכען. זיין ווייב האט געהאלטען א קלייטיל און דערפון האט זי איהם מיט די קינדער מפרנס געווען, ווי עס פאסט פאר איין עהרליכע יודענע וועלכע האט א מאן א תלמיד חכם.

נאר ביי א פאזשאר איז דער בעריל גאר איבערגעביטען געווארען. דער איינגעהויקערטער גוטער בעריל פלעגט פלוצים באקומען גדלות מיט שטארקייט און פלעגט זיין באז. ביי יעדען פאזשאר האט זיך בעריל פריהער פאר אלע ארויפגעדראפעט אויף א צובראכענעם לייטער, שטעהן האבער פון אלע און יעדען איבערשרייען מיט זיין צובראכענער רוסישער שפראכע, אזוי אז אפילו דער פריסטאוו פון דעם שטאדטיל מיט די דיעסיאטניקים פלעגען דרך ארץ האבען פאר בעריל'ן און אלץ טהון וואס ער האט מיט זיין ווילדען געשריי געשאפט. בעריל האט זיך געפיהלט אויף דעם לייטער ביי א פאזשאר ווי איין אמתר גענעראל, ווי סקאבאליעוו פאר פלעוונא.

באמת'ן פלעגט בעריל אייגענטליך גאר נישט טהון, נאר שרייען און קאמאנדאווען, און ווערען אויסגעשמירט אין גאנצען מיט סאזשע, אזוי אז ער האט א פנים געהאט ווי א שווארץ יאהר, נאר דעמעלט איז קיינער זיינסגלייכען נישט געווען, עס פלעגט זיך איהם אויסוויזען אז ער טהוט איבער מעשים און קעהרט איבער וועלטען, איצט קענט איהר זיך פארשטעלען וואס בעריל האט איבערגעארבייט ביי דעם פאזשאר פון דער באד.

— גאספאדין פריסטאוו! האט ער געשריגען צום פריסטאוו און צו די דיעסאטניקעס וועלכע זענען אונטען געשטאנען און האבען געשריגען מען זאל לויפען צו חייקעל דעם סטאראסטא ברענגען די קישקע, גאספאדין פריסטאוו! וואדי, וואדי, פרישלאט וועדרא!—ווייסע חברה! א רוח אין אייערע טאטערס אריין, הינד! ברענגט וואסער, שפאנט איין און ברענגט וואסער, סטא טשערטעי וואם! האט ער געקאמאנדאוויט צו דער

ווייסֶער חֶבְרָה אונ ווייטֶער גֶעשְׁרִיגֶען אונ גֶעשָׁאלְטֶען אַלֶע וָואס זֶענִין גֶעשְׁטַאנֶען בַּיי דָעם פָּאזְשַׁאר,

---

# IV.

## אַ „גֶעזָאגֶעכְטְס"

דָאס הָאט אֲפִילוּ אַ קִינְד אִין זְלִידְנִיוְוקֶע גֶעוואוּסְט אַז ווִי בַּאלְד מֶען דֶערְמָאנְט אִין זְלִידְנִיוְוקֶע שְׁקַאפֶּעס, מֵיינְט מֶען טְרֵייטִילְס שְׁקַאפֶּעס. וּבִפְרַט נָאךְ ווֶען דִי ווַייסֶע חֶבְרָה הָאבֶען גֶעהֶערְט דָאס ווָארְט „אַיינְשְׁפַּאנֶען", זֶענִין זֵיי זִיךְ צוּלָאפֶּען אִיבֶּער גַאנְץ זְלִידְנִיוְוקֶע זוּכֶען יֶעקִיל דֶעם לַאנְגֶען אונ יֶעקִיל קַאלִיקֶע. מֵילָא יֶעקִיל־קַאלִיקֶע הָאבֶען זֵיי בַּאלְד גֶעפוּנֶען לִיגֶענְדִיג אִין מִיטֶען דֶער מְלַמְדִישֶׁער גַאס, נָאר יָעקִיל דָעם לַאנְגֶען הָאבֶען זֵיי גֶעמוּזְט לַאנְג זוּכֶען.

חָאטְשׁ דִי שְׁקַאפֶּעס הָאבֶען אָנגֶעקוּקְט דִי ווַייסֶע חֶבְרָה ווִי פַּארוואוּנְדֶערְט – ווִי קוּמְט עֶס פְּלוּצִים שַׁבָּת פַאר טָאג? עֶס הָאט זִיךְ זֵיי גָאר נִישְׁט גֶעגְלוֹיבְּט זִיךְ צוּ רִיהְרֶען פוּן דֶעם אָרְט, נָאר דִי ווַייסֶע חֶבְרָה זֶענִין אוֹיף זֵיי אַרוֹיפְגֶעפַאלֶען אונ הָאבֶען זֵיי גֶערִיסֶען פוּן אַלֶע זַייטֶען מִיט אַ גֶעשְׁרֵיי אונ אַ גֶעפִילְדֶער אַז זֵיי זֶענֶען פַּארטוּמֶעלְט גֶעוָוארֶען אונ הָאבֶען טַאקִי גֶעמוּזְט בַּאלְד גֶעהְן מִיט דֶער ווַייסֶער חֶבְרָה.

אוֹיפ'ן פָּאזְשַׁאר אִיז דֶער לַיארְם נָאךְ גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען, נָאר אַז דִי ווַייסֶע חֶבְרָה הָאבֶען גֶעבְּרַאכְט דִי שְׁקַאפֶּעס מִיט טְרַייטִילְס בּוֹיד מִיט אַ פֶּאסִיל וַואסֶער, זֶענֶען דִי קוֹלוֹת פָּשׁוּט גֶעגַאנְגֶען בִּיז אִין זִיבֶּענְטֶען הִימֶעל.

דֶער עוֹלָם אִיז אַזוֹי פֶּערְנוּמֶען גֶעוֶוען מִיט דֶעם פָּאזְשַׁאר, אַז קֵיינֶעם אִיז נִישְׁט גֶעקוּמֶען אִין זִינֶען אַרַיין צוּ בַּאמֶערְקֶען וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ אַרוּם דֶעם פָּאזְשַׁאר.

* * *

נִישְׁט ווַייט פוּן דֶער בָּאד אוֹיפ'ן בַּארְג זֶענִין גֶעשְׁטַאנֶען עֶטְלִיכֶע בַּאזוּנְדֶערֶע פָּארְלֶעךְ, זֵיי הָאט דֶער פָּאזְשַׁאר אִינְטֶערֶעסִירְט ווִי דֶער פַּאראַיָאהְרִיגֶער שְׁנֶעע, זֵיי זֶענִין גָאר פַּארְטְרַאגֶען מִיט עֶפִּיס אַנְדֶערְשׁ, פַאר זֵיי אִיז דִי שְׂרֵיפָה אַ גַאנְצֶער יוֹם טוֹב!...

דִי פָּארְלֶעךְ אוֹיפ'ן בַּארְג זֶענִין דִי זְלִידְנִיוְוקֶער הֶעלְדֶען, וָואס פִיהְרֶען לַאנְגֶע יָאהְרֶען גַאנְצֶע רָאמַאנֶען אִין שְׁטֶעדְטִיל מִיט פַּארְלִיעבֶּענִישֶׁען אונ פַּארְדְרֶעהְנִישֶׁען! ווֶער ווַייסְט ווִיפִיעל צַייט עֶס אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען זַייט זֵיי הָאבֶען זִיךְ נִישְׁט גֶעזֶעהְן מִיט זַיירֶע טְהַייעֶרֶע אונ טְהַייעֶרֶע, לִיבֶּע אונ לִיבֶּע?... זֵיי זֶענִין אִיצְט פַּארְטְרַאגֶען אונ קֶענֶען זִיךְ גָאר נִישְׁט גֶענוּג אוֹיסְרֶעדֶען דִי הֶארְצֶער פַאר דֶער לַאנְגֶער שְׁוֶוערֶער צַייט וָואס מֶען הָאט זִיךְ נִישְׁט גֶעזֶעהְן, פַאר דֶער צַייט פוּלל מִיט זִיפְצֶען, בֶּענְקֶען, נָאךְ אַ סַךְ זִיסֶע בִּיטֶערֶע, טְהַייעֶרֶע, שְׁלֶעכְטֶע, גִילְדֶענֶע חֲלוֹמוֹת!

– וָואס? אִין זְלִידְנִיוְוקֶע שְׁפִּיעלְט מֶען אוֹיךְ רָאמַאנֶען, מִיט פַּארְלִיעבֶּענִישֶׁען? עֶס

חֲלוֹמֶען זִיךְ דָארְט אוֹיךְ חֲלוֹמוֹת פוּן פַארְלִיעבֶּענִישֶׁען ? וֶועט גֶעוִויס פְרֶעגֶען דֶער גְרוֹיס־שְׁטֶאדְטִישֶׁער לֶעזֶער ׃

יָא, אִין זְלִידְנִיוְקֶע אוֹיךְ ! נִיט עֶרְגֶער וִוי בַּיי אַייךְ אִין דִי גְרוֹיסֶע שְׁטֶאדְט ! ־ הָאבֶּען אוֹיךְ הֶערְצֶער אוּנ אוֹיגֶען וָואס פִיהְלֶען אוּנ זֶעהֶען, זֵיי פַארְלִיעבֶּען זִיךְ אוֹיךְ אוּנ פִיהְרֶען גַאנְץ לַאנְגֶע רָאמַאנֶען, זֵיי וַוייזְט זִיךְ אוֹיךְ אוֹיס אַז וֶוען זֵייעֶרֶע טְהַייעֶרֶע גֶעלִיעבְּטֶע הַייבֶּען אָן צוּ רֶעדֶען, אִיז דָאס גָאר נִיט קֵיין רֶעדֶען פוּן אַ פְּרָאסְטֶען מֶענְשֶׁען, נָאר עֶס גִיעסְט זִיךְ פוּן זֵייעֶרֶע מַייעֶר זִיעסֶער הָאנִיג. דִי לְבָנָה לַייכְט זֵיי אוֹיךְ צוּ, דִי לִיעבֶּע זוּנְן שְׁמֵייבֶעלְט זֵיי אוֹיךְ צוּ, דִי בּוֹימֶער קוּקֶען אוֹיךְ אוֹיף זֵיי מִיט זֵייעֶרֶע גְרִינֶע אֵייגְלֶעךְ אוּנ דִי פֵייגֶעלֶעךְ זִינְגֶען זֵיי אוֹיךְ צוּ אוֹיפ׳ן בַּארְג לֶעבֶּען דֶער בֶּאד גְלַייךְ וִוי בַּיי אַייךְ אִין דִי גְרוֹיסֶע שְׁטֶאדְט אוֹיף דִי בּוּלְוַוארֶען גֶעבֶּען דִי פָאנְטַאנִים אוּנ גֶארְטְנֶער, דָאס קָאפֵּיקֶענֶע חֵלֶב׳נֶע לִיכְטֶעל לַייכְט זֵיי אוֹיךְ אַרוֹיס פוּן דִי קְלֵיינֶע שְׁטִיבְּלֶעךְ פוּן דִי נִידְרִיגֶע פֶענְסְטֶער, פּוּנְקְט וִוי בַּיי אַייךְ דָאס זוּנְנֶהֶעללֶע לִיכְט פוּן דֶעם עֶלֶעקְטְרִישֶׁען פַייעֶר !

נָאר דֶער חִילוּק אִיז – אִין דִי גְרוֹיסֶע שְׁטֶאדְט זֶעהְט מֶען דִי רָאמַאנֶען שְׁפִּיעלֶען וִוי מֶען ווִילל אוּנ וֶוען מֶען ווִילל, אֲפִילוּ אִין מִיטֶען הֶעלֶען טָאג, אֲפִילוּ אִין דִי אוֹיגֶען פוּן דִי עֶלְטֶערְן אוּנ פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אוּנ קֵיינֶער דֶענְקְט גָאר נִישְׁט זֵיי צוּ שְׁטֶערֶען ׃

אָבֶּער נִישְׁט אַזוֹי גְרִינְג קוּמֶען אָן דִי קְלֵיינְשְׁטֶאדְטֶעלְדִיגֶע הֶעלְדֶען זֵייעֶרֶע רָאמַאנֶען אוּנ פַארְלִיעבֶּענִישֶׁען ׃ וֶוער עֶס ווִילל, דִי עֶלְטֶערְן, אַ פֶּעטֶער, אַ מוּהמֶע, אַ קָרוֹב, אַ שְׁכֵנָה, אֲפִילוּ אַ פְרֶעמְדֶער, שְׁטֶערְט זֵיי׃ וֶוער עֶס ווִילל קוּמְט אוּנ זָאגְט אַז עֶס הָאט זִיךְ אִיהם אוֹיסְגֶעדַאכְט בְּשַׁעַת עֶר אִיז גֶעבְּכְטֶען גֶענַאנְגֶען אִין נַאס אַז דֶער בָּחוּר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען מִיט דֶעם אוּנ דֶעם מֵיידֶעל׃ דָאס אִיז שׁוֹין גֶענוּג אַז אַלֶע זָאלֶען גְלוֹיבֶּען (אָפְט אֲפִילוּ דִי אֵייגֶענֶע עֶלְטֶערְן), אַז אוֹיף מָארְגֶען גַאנְץ פְרִיה וֶועט דָאס מֵיידֶעל הָאבֶּען אַ מַמְזֵר, אַז מֶען זֶעהְט אָבֶּער דָאס קִינְד נִישְׁט – הָאט זִי עֶס מְסַתְּמָא עֶרְגִיץ הִינְטֶער אַ בְּרִיק פַארְגְרָאבֶּען פַאר שַׁאנְד אוּנ פַאר בּוּשָׁה. פוּן אִיצְט אָן הָאט מֶען שׁוֹין נִישְׁט גֶעהַאט וָואס מְקַנֵּא צוּ זַיין דֶעם בָּחוּר אוּנ נָאךְ מֶעהְר דָאס מֵיידֶעלֶע וָואס הָאבֶּען גֶעבְּכְטֶען דָאס אוּמְגְלִיק גֶעהַאט צוּ רֶעדֶען צְווֵיי וֶוערְטֶער פַאר אִיבְּרִיגֶע צְווֵיי אוֹיגֶען ׃ בֶּעהַאלְטֶען זִיךְ אַז אַ פְרֶעמְדֶער זָאל נִישְׁט בַּאמֶערְקֶען וִוי מֶען רֶעדְט, אִיז אִין אַ קְלֵיין שְׁטֶעדְטִיל גָאר נִישְׁט מֶעגְלִיךְ, וַוייל אַ קְלֵיין שְׁטֶאדְטִיל אִיז וִוי אַ לַאמְטֶערְן, יֶעדֶער וַוייסְט וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ בַּיים אַנְדֶערְן, פוּן דֶער גְרֶעסְטֶער זַאךְ בִּיז צוּ דֶער קְלֵיגְסְטֶער, אֲפִילוּ וָואס פַאר אַ בָּארְשְׁט יֶענֶער קָאכְט, צוּ מִיט קַארְטָאפְלִים, אָדֶער מִיט פַאסְאלִים, וּבִפְרַט נָאךְ אַזוֹינֶע זַאכֶען וָואס מֶען רֶעדְט וַוייסְט מֶען דָאךְ גֶעוִויס׃ דַארוּם פַארְגֶעהֶען אָפְט וָואכֶען אוּנ חֳדָשִׁים אֵיידֶער מֶען קֶען הָאבֶּען אַ גֶעלֶעגֶענְהַייט זִיךְ צוּ זֶעהְן מִיט דִי טְהַייעֶרֶע, אֵיידֶער מֶען קֶען אִיבֶּערְחַאפֶּען אַ וָוארְט ; דָאס קֶען נָאר דֶערֶמֶעלְט גֶעלִינְגֶען וֶוען עֶס טְרֶעפְט זִיךְ אִין שְׁטֶאדְטִיל אַ „נֵס״, אָדֶער אַ צוּפַאל ׃ אַזוֹינֶע צוּפַאללֶע טְרֶעפֶען זִיךְ אִין זְלִידְנִיוְקֶע עֶטְלִיכֶע מָאל אִין יָאהר : פַאר אַלֶע שִׂמְחַת תּוֹרָה צוּ דִי הַקָּפוֹת, וֶוען מֶע לָאזְט אַרַיין ווַייבֶּער אוּנ מֵיידְלֶעךְ אִין דֶער

מאַנְסְבִּילִישֶׁער שׁול קוּשֶׁען דִי תּוֹרָה, דֶעמֶעלְט וֶוען דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם אִיז פַּארְטְרַאגֶען מִיט זִינְגֶען אוּנ הוּלֶען, וֶוען עֶס אִיז אוּמֶעטוּם אַ גֶעשְׁרַייִ אַ גֶעפִּילְדֶער אוּנ דִי וַוייסֶע חֶבְרָה קֶעהְרֶען אִיבֶּער דִי וֶועלְט מִיט זַייעֶר גֶעשְׁרַייִ: „צִיגֶעלֶע", „צִיגֶעלֶע", – חַאפֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ דִי גֶעלִיעבְּטֶע, דִי טְהַייעֶרֶע, אַ „גֶעזְאַגֶעכְטְס", ד. ה. אוֹיף זַייעֶר לָשׁוֹן, אַ וָוארְט, אַ גְרִינְגֶען קְרֶעכְץ, אַ טִיעפֶּען זִיפְץ, אַ פַּייעֶרְדִיגֶען קוּק אוּנ אַמָאל אַ הַייסֶען קוּשׁ. דֶער צְווייטֶער צוּפַאל אִיז, וֶוען לַייבְּקֶע דֶער גְרָאבֶּער וַוארְפְט דִי שִׁיסֶעל צוּזַאמֶען מִיט דֶעם מִיטְטָאג דֶעם ווייב אִין פָּנִים אַרַיין אוּנ מַאכְט אִיהְר אַ לָאךְ אִין קָאפּ. זִי לוֹיפְט אַרוּים מִיט אַ גְרוֹיסֶען גֶעוואַלְד אַז גַאנְץ זְלִידְנִיוְוקֶע דֶערְהֶערְט, דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶעדְטִיל לוֹיפְט צוּזַאמֶען זִיךְ אַרַיינְמִישֶׁען „מַאכֶען שָׁלוֹם צְווִישֶׁען מַאנְן אוּנ ווייב", דָאס אִיז ווִידֶער אַ גֶעלֶעגֶענְהַייט פַאר דִי „טְהַייעֶרֶע" צוּחַאפֶּען אַ „גֶעזְאַגֶעכְטְס". צוּ גְרוֹיסֶער פְרֵייד פוּן דִי זְלִידְנִיוְוער הֶעלְדֶען טְרֶעפְט זִיךְ דֶער צוּפַאל עֶטְלִיכֶע מָאל אִין יָאהְר.

נָאךְ אַ צוּפַאל: וֶוען גָאט הֶעלְפְט עֶס גֶעהְט דוּרְךְ אַ פָּאלְק סָאלְדַאטֶען מִיט מוּזִיק, וֶוען עֶס פָּאהְרֶען דוּרְךְ קָאמֶעדְיַאנְשְׁטְשִׁיקֶעס, דֶעמֶעלְט לוֹיפְט אוֹיךְ דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶעדְטִיל אוּנ דֶערְוַוייל חַאפְּט מֶען ווִידֶער אַ גֶעזְאַגֶעכְטְס; ווִידֶער אִיז אַ גֶעלֶעגֶענְהַייט וֶוען עֶס קוּמְט אַ גוּטֶער יוֹר אוֹיף שַׁבָּת, אַלֶע לוֹיפֶען צוּם רֶבִּין, מֶען בַּאלֶאגֶערְט דִי פֶּענְסְטֶער, יֶעדֶער ווִילְל זֶעהן ווִי דֶער רַבִּי „פְּרַאוִויט דֶעם טִישׁ", ווִי עֶר גְלָאצְט מִיט דִי אוֹיגֶען, ווִי עֶר מַאכְט מִיט דֶעם מוֹיל. אִין דֶעם גְרוֹיסֶען עֶנְגְשַׁאפְט גֶעפִינֶען זִיךְ אוֹיךְ דִי הֶעלְדֶען מִיט זַייעֶרֶע הֶעלְדִינֶען אוּנ חַאפֶּען „אַ גֶעזְאַגֶעכְטְס", נָאר דֶער בֶּעסְטֶער צוּפַאל אִיז אַ פְּאזְשַׁאר... גַאנְץ זְלִידְנִיוְוקֶע לוֹיפְט אוּנ אִיז פַּארְטְרָאגֶען, דִי הֶעלְדֶען אוּנ זַייעֶרֶע גֶעלִיעבְּטֶע לוֹיפֶען אוֹיךְ אוּנ זֶענִין אוֹיךְ פַּארְטְרָאגֶען... נָאר מִיט זַייעֶרֶע „לִיעבֶּעס".

אָט אוֹיפ׳ן בַּארְג נֶעבֶּען דֶער בָּאד זֶענִין אִיצְט אוֹיךְ גֶעשְׁטַאנֶען דִי גְלִיקְלִיכֶע פָּארְלֶעךְ, דִי בָּאד הָאט גֶעבְּרֶענְט אוּנ גֶעבְּרֶענְט אוּנ זֵיי הָאבֶּען גֶערֶעדְט אוּנ גֶערֶעדְט...

–זֶעה נָאר, חַנָה, דִי וֶואנְד זֶענִין שׁוֹין אוֹיךְ צוּוַואלֶעט גֶעוָוארֶען... בַּאלְד וֶועט זִיךְ עֶנְדִיגֶען דֶער פָּאזְשַׁאר...

– וָואס־זְשֶׁע אִיז, דָוִד?

–וָואס הַייסְט וָואס? מִיר וֶועלֶען בַּאלְד מוּזֶען זִיךְ צוּגֶעהְן אוּנ וֶוענְן קֶענֶען מִיר זִיךְ נָאךְ אַמָאל זֶעהְן?...

– גָאטְט וַוייסְט, הָאט חַנָה גֶעזָאגְט כִּמְעַט מִיט טְרֶעהְרֶען. אִין דִי אוֹיגֶען, אוּנ אִיהְם שְׁטַארְק גֶעדְרִיקְט דִי הֶאנְד.

– פַּארְוָואס גָאטְט וַוייסְט? בִּיז וַואנֶען גָאטְט וֶועט וַוייסֶען אִיז נָאךְ ווייט, עֶס אִיז שְׁוָוער צוּ וַוארְטֶען, אִיךְ הָאבּ דָאךְ דִיר שׁוֹין לַאנְג גֶעזָאגְט...

– וָואס?

דָוִד הָאט אַבִּיסֶל נָאכְגֶעטְרַאכְט אוּנ גֶעזָאגְט:

– אַז מִיר זָאלֶען שִׁיקֶען ר׳ זַלְמָן דֶעם שַׁדְכָן צוּ אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן...

— אָ, נֵיין, דָוִד, מֶען טאָרף נִשְׁט, אִיך הָאבּ דָאך דִיר נָאך דְעמָאלְט גֶעזָאגְט אַז מֶען טאָרף נִשְׁט...

— פַאר וָואס טאָרף מֶען נִשְׁט? וָואס וֶועט זַיין פוּן אוּנְז דֶער סוֹף? ר' זַלְמָן רֶעדְט מִיר אַנְדֶערֶע שִׁדוּכִים, וֶוער ווייסְט? מָארְגֶען קֶען מַיינֶע עֶלְטֶערְן גֶעפֶעלֶען צוּ טְהוּן מִיט מִיר אַ שִׁדוּךְ, וָואס קֶען אִיך זֵיי טְהוּן? אִיך וֶועל זֵיי אֲפִילוּ קֵיין וָוארְט נִישְׁט טָארֶען זָאגֶען, וּבִפְרַט נָאך זָאגֶען „נֵיין"...

— וָואס־זְשֶׁע אִיז? מֶען טאָרף טַאקִי נִישְׁט זָאגֶען „נֵיין", זָאלְסְט טַאקִי וֶוערֶען אַ חָתָן לְמַזָל אוּנ הָאבֶּען חֲתוּנָה לְמַזָל!

— וָואס זָאגְסְט דוּ, חַנָה? וָואס רֶעדְסְט דוּ? וָואס הֵייסְט אַ חָתָן וֶוערֶען לְמַזָל? צוּ חֲתוּנָה הָאבֶּען לְמַזָל? וָואס זֶענִין דָאס פַאר וֶוערְטֶער? אִין עֶרְשְׁטֶען וָואס וֶועט זַיין מִיט דִיר? אוּנ צְוֵוייטֶענְס... אִיך הָאבּ לִיעבּ...

— מִיט מִיר... מִיט מִיר, לִיעבֶּער דָוִד, וֶועט גָאר נִישְׁט זַיין, דַאכְט זִיך אִיך הָאבּ דִיר שׁוֹין אַמָאל גֶעזָאגְט אוּנ טָאמֶער נֵיין, זָאג אִיך דִיר אִיצְטֶער אַז אִיך וֶועל קֵיין מָאל נִישְׁט חֲתוּנָה הָאבֶּען, קֵיין מָאל נִישְׁט, דָוִד!

דָוִד אִיז שְׁטִיל גֶעוָוארֶען, עֶר הָאט נִישְׁט גֶעפוּנֶען קֵיין וֶוערְטֶער צוּ רֶעדֶען, עֶר הָאט נָאר גֶעקוּקְט אוֹיף אִיהְר, זִי הָאט זִיך אִיהְם אִיצְט אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַזוֹי קִינְדֶערְשׁ, אַזוֹי נַארִישׁ, טַאקִי פְּשׁוּט וִוי אַ קְלֵיין, נָאר אַ שֶׁען מֵיידֶעלֶע, וָואס מֶען הַאלְט אוֹיף דֶער הַאנְד אוּנ מֶען הָאט עֶס שְׁטַארְק לִיעבּ. זִי אִיז אִיצְט גֶעוֶוען אַזוֹי רוּהִיג, וִוי גְלַייך זִי הָאט אִיהְם גָאר קֵיין בֵּייעֶס נִישְׁט דֶערְצֶעהְלְט, עֶס הָאט זִיך אִיהְר אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז זִי הָאט אִיהְם שׁוֹין נִישְׁט אֵיינְמָאל דָאס גֶעזָאגְט... אוּנ עֶס הָאט זִיך אִיהְר גֶעמֶעגְט אַזוֹי אוֹיסְוַוייזֶען, וָוארוּם פִיעל טֶעג, פִיעל נֶעכְט, אוּנ פִיעל צַייט זֶענִין בַּיי אִיהְר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען מִיט דֶעם גֶעדַאנְקֶען — „נִיט חֲתוּנָה הָאבֶּען בְּאֵין אוֹפֶן, קֵיין מָאל נִישְׁט חֲתוּנָה הָאבֶּען"... דֶער גֶעדַאנְקֶען אִיז אִיהְר אִיצְט צוּם הוּנְדֶערְטְסְטֶען מָאל גֶעקוּמֶען אִין קָאפּ אַרֵיין, נָאר דָוִד הָאט אִיהְר אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען:

— חַנָה, גוּטֶע חַנָה, אִיך בֶּעט דִיך מוּטְשֶׁע מִיך נִים לַאנְג אוּנ זָאג מִיר בַּאלְד, אָהְן אַ שׁוּם פָּארְרֶעדֶע, וָואס מֵיינְסְט דוּ מִיט דִי וֶוערְטֶער? דוּ בִּיזְט דָאך קְלוּג, וִוי־זְשֶׁע קֶאנְנְסְט דִי אַזוֹינְס זָאגֶען? אָדֶער דוּ מַאכְסְט זִיך נַארִישׁ?

— גָאר נִישְׁט נַארִישׁ, לִיעבֶּער דָוִד, אִיך זָאג עֶס דִיר גַאנְץ עֶרִינְסְט, אִיך טְרַאכְט דֶערְפוּן שׁוֹין לַאנְג, נָאר דִיר הָאבּ אִיך עֶס דֶערְצֶעהְלְט אוּנ ווייטֶער קֵיינֶעם נִישְׁט.

— חָאטְשׁ דֶערְהַרְגֶע מִיך אוֹיפֶן אָרְט פַארְשְׁטֶעה אִיך נִישְׁט קֵיין הַאלְבּ וָוארְט.

— וָואס פַארְשְׁטֶעהְסְט דוּ דָא נִיט? גָאר פְּשׁוּט, אִיך וֶועל קֵיין מָאל נִישְׁט אוּנ פַאר קֵיינֶעם נִישְׁט חֲתוּנָה הָאבֶּען.

— אָבֶּער פַאר וָואס? פַאר וֶוען? קֶען דָאס זַיין? אִיז דֶען דָאס מֶעגְלִיך? וִוי קוּמֶען צוּ דִיר פְּלוּצִים אַזוֹינֶע גֶעדַאנְקֶען?

— גָאר נִיט פְּלוּצִים, שׁוֹין לַאנְג... נאה אִיך וֶועל דִיר בֶּעסֶער אַלְץ דֶערְצֶעהְלֶען.

זַייט מַיין שְׁוֶועסְטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען — קֵיינֶער אִיז גֶעבֶּען אִיהר נִישְׁט גֶעוֶוען נָאר אִיךְ, זִי הָאט מִיךְ מִיט אִיהרֶע וַוארֶעמֶע הֶאנְד אַרוּמגֶענוּמֶען, גֶעקוּשְׁט, גֶעקוּשְׁט אוּנ גֶעזָאגְט: טְהַייעֶרֶע שְׁוֶועסְטֶער! הָאבּ נִישְׁט חַתוּנָה, וֶועסְט דוּ לֶעבֶּען לַאנְג אוּנ זַיין גְלִיקְלִיךְ. יָא, חַתוּנָה הָאבֶּען, הָאט זִי וַוייטֶער גֶעזָאגְט, זַיין אַ פְרוֹי פַאר דֶעם מַאנן, אַ מוּטֶטֶער פַאר קִינְדֶער, זַיין אַ בַּעל הַבַּיִת׳טֶע בַּיי זִיךְ אִין שְׁטוּבּ, אִיז, דַאכְט זִיךְ, וֶועהר אַ טְהַייעֶרֶע זַאךְ, דָאס גְרֶעסְטֶע גְלִיק אוֹיף דֶער וֶועלְט! אִיךְ וֵויין אוּנ קְלָאג אִיצְטֶער פַאר וָואס אִיךְ הָאבּ חַתוּנָה גֶעהַאט, אִיךְ הָאבּ אַ מַאנן, קִינְדֶער, נָאר אִיךְ בִּין קֵיין מָאל קֵיין פְרוֹי, קֵיין מוּטְטֶער נִישְׁט גֶעוֶוען, אוּנ נִיט קֵיין בַּעל־בָּיִת׳טֶע, ד. ה. לֶעבֶּען זֶעלְבְּסְטְשְׁטֶענְדִיג בַּיי זִיךְ אִין שְׁטוּבּ, אַ זֶעלְבְּסְטְשְׁטֶענְדִיגֶע פְרוֹי, אַ זֶעלְבְּסְטְשְׁטֶענְדִיגֶע מוּטְטֶער. אִיךְ הָאבּ גֶעהָאפְט אוּנ גֶעהָאפְט אַז אִיךְ וֶועל נָאךְ דֶערלֶעבֶּען דִי צַייט וֶוען אִיךְ וֶועל אוֹיךְ לֶעבֶּען ווִי מֶענְשֶׁען לֶעבֶּען, נָאר... אִיצְטֶער מוּז אִיךְ יוּנְג פוּן דֶער וֶועלְט אַוֶועק, אִיבֶּערלָאזֶען מַיין מַאנן מַייְנֶע קִינְדֶער... מַאקִי וַוייטֶער דֶערפַאר וָואס אִיךְ הָאבּ חַתוּנָה גֶעהַאט... הָאבּ נִישְׁט חַתוּנָה, לִיעבֶּע שְׁוֶועסְטֶער, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין פִיעל גֶערֶעדְט מִיט דִיר אִין דֶער צַייט וָואס אִיךְ בִּין קְרַאנְק, חָאטְשׁ אִיךְ וָואלְט נִישְׁט בֶּעדַארְפְט מִיט דִיר רֶעדֶען פוּן אַזוֹינֶע זַאכֶען, נָאר אִיךְ הָאבּ דִיךְ לִיעבּ, מַיין יוּנְגְסְטֶע שְׁוֶועסְטֶער, אוּנ ווִיל דוּ זָאלְסְט לֶעבֶּען אַ סַךְ לֶאנְגֶער פוּן מִיר, לֶאנְגֶער ווִי אִיךְ אוּמְגְלִיקְלִיכֶע יוּדִישֶׁע זְלִידְנִיוֶוקֶער טָאכְטֶער הָאבּ גֶעלֶעבְּט... נָאךְ דִי וֶוערְטֶער אִיז זִי גֶעשְׁטָארְבֶּען...

— נֵיין, חַנָה, דוּ בִּיזְט אַ שְׁלֶעכְטֶע, אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעבֶּעטֶען אוּנ גֶעבֶּעטֶען אַז דוּ זָאלְסְט מִיר דֶערְצֶעהְלֶען קוּרְץ אוּנ זָאלְסְט מִיךְ נִישְׁט מוּטְשֶׁען, אִיךְ זָאל פֶערְשְׁטֶעהְן פַאר וָואס דוּ ווִילְסְט נִישְׁט חַתוּנָה הָאבֶּען, צוּם סוֹף הָאסְט דוּ מִיר דֶערְצֶעהְלְט אַ גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה פוּן דַיין שְׁוֶועסְטֶער, ווִי זִי אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען (וֵויים אִיךְ דֶען נִישְׁט אַז דַיין שְׁוֶועסְטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען?). נָאר פַארוָואס אֵייגֶענְטְלִיךְ זִי הָאט דִיר אָנְגֶעזָאגְט אַז דוּ זָאלְסְט נִישְׁט חַתוּנָה הָאבֶּען, וֵויים אִיךְ בִּיז אִיצְט נִישְׁט. אִיךְ פְרֶעג דִיךְ: קֵיין מָאל נִישְׁט חַתוּנָה הָאבֶּען? אִיז דֶען דָאס מֶעגְלִיךְ? קֶען דֶען אַ פְרוֹי גְלִיקְלִיכֶער זַיין וֶוען זִי הָאט קֵיין מָאל נִישְׁט חַתוּנָה?

— נֵיין, דָוִד, דוּ הָאסְט נִישְׁט מִיךְ נִישְׁט מַיין שְׁוֶועסְטֶער פַארְשְׁטַאנֶען.

— נֵיין, נֵיין, אִיךְ הָאבּ נִישְׁט פַארְשְׁטַאנֶען, זָאג, דֶערְצֶעהל, לִיעבֶּע חַנָה!

נָאר חַנָה הָאט גֶעשְׁוִויגֶען אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען רוֹיטְה וֶוערֶען, חָאטְשׁ דָוִד הָאט דָאס נִישְׁט גֶעקָאנְט בַּאמֶערְקֶען אִיבֶּער דֶער נַאכְט, אוּנ נָאךְ מֶעהר אִיבֶּער דֶעם פַייֶער וָואס הָאט אַרִיבֶּער גֶעשַׁיינְט פוּן דֶעם פָּאזְשַׁאר אוֹיף חַנָה׳ס פָּנִים. אוּנ זִי הָאט אִיהם מַאקִי וַוייטֶער נִישְׁט דֶערְצֶעהְלְט, זִי הָאט זִיךְ גֶעשֶׁעמְט, עֶס פַּאסְט נִישְׁט פַאר אַ מֵיידֶעל וּבִפְרַט נָאךְ פַאר אַ מַאנְסְבִּיל צוּ רֶעדֶען פוּן אַזוֹינֶע זַאכֶען, חָאטְשׁ עֶס אִיז וֶועהר אַ וַוייטִיג צוּ שְׁוַוייגֶען. אִיז דֶען אִיהר שְׁוֶועסְטֶער נִישְׁט גֶעשְׁטָארְבֶּען דֶערפַאר וָואס זִי הָאט גֶעשְׁוִויגֶען? זִי הָאט אַלֶץ אִיבֶּערגֶעטְרָאגֶען ווִי אֵיין אֱמֶת׳ע יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער אוּנ קֵיין מָאל קֵיין וָוארְט נִישְׁט גֶעזָאגְט אִיהרֶע עֶלְטֶערן, אִיהר מַאנן, אִיהרֶע פְרַיינְד, נָאר אִיהר קְלֵיינֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער הָאט זִי דֶערְצֶעהְלְט בְּשַׁעַת זִי אִיז גֶעלֶעגֶען שְׁלָאף

דְעמֶעאס אִיז גְעוֶוען אוֹיף דֶעם דְרִיטֶען טָאג וֶוען פְּרוּמֶע (חַנָה׳ס שְׁוֶועסְטֶער) אִיז פַארשְׁלַאפְט, וַוגְעוָוארֶען אונ הָאט גְעפִיהלְט אַז זִי וֶועט שׁוין מֶעהר נִישְׁט לֶעבֶּען. זִי הָאט גֶעקוּקְט מִנָען ,יט טְרוֹיעְרִינֶע אוֹיגֶען אוֹיף חַנָה׳ן, וֶועלְכֶע אִיז כִּמְעַט פוּן אִיהר בֶּעט נִישְׁט אַוֶועקגֶעגַאנְגֶען.

רְשָׁעִי – פְּרוּמֶע! וָואס קוּקְסְט דוּ אוֹיף מִיר אַזוֹי טְרוֹיעֶרִיג, וִוי אוֹיף אַיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶער? נַיין, נָוה, שְׁוֶועסְטֶער, אִיךְ בִּין נִישְׁט אוּמְגְלִיקְלִיךְ, אִיךְ בִּין גֶעזוּנְד, לָאז נָאר גָאמְט הֶעלְפֶען אַז אַנְצֶעוֶרדוּ זָאלְסְט וִוי צוּם גִיכְסְטֶען גֶעזוּנְד וֶוערֶען.

וָואס נָאר פְּרוּמֶע הָאט נִישְׁט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ קוּקֶען אוֹיף אִיהר, זִי אִיז גֶעלֶעגֶען אִין בַּאפְרוּיסֶער הִיץ אונ הָאט גֶערֶעדְט פוּן דֶער הִיץ.

אַז זִי הָאט דֶערהֶערְט וִוי חַנָה בֶּעט גָאטְט זִי זָאל וֶוערֶען וִוי צוּם גִיכְסְטֶען גֶעזוּנְד הָאט זִי זִיךְ צוּ אִיהר אָנְגֶערוּפֶען:

– נַיין, חַנָה, אִיךְ וֶועל נִישְׁט זַיין גֶעזוּנְד... אִיךְ הָאבּ פַארלוֹירֶען מַיין גֶעזוּנְד... מַיין גַאנְץ גֶעזוּנְד... אִיךְ הָאבּ דָאס גֶעפִיהלְט אַלֶע טָאג... אִיךְ וָואלְט גֶעקָאנְט זַיין גֶעזוּנְד אונ נָאךְ אַ סַךְ לֶעבֶּען... גֶעדֶענְקְסְט דוּ, חַנָה, וִוי שֶׁאן אונ גֶעזוּנְד אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען, וֶוען אִיךְ בִּין גֶעוֶוען אַ מֵיידֶעל? אַ יָא פוּנְקְט וִוי אַצוּנְד?... אונ אַז אִיךְ הָאבּ חַתוּנָה גֶעהַאט, גֶעדֶענְקְסְט דוּ מַיין שְׁלֹמה׳ן וֶוען עֶר אִיז מִיט מִיר פוּן דֶער חוּפָּה גֶעקוּמֶען... דוּ בִּיזְט אַרִיבֶּער גֶעקְרָאכֶען אִיבֶּער אַלֶע קֶאפּ צוּ זֶעהן דֶעם חָתָן? גֶעדֶענְקְסְט דוּ וִוי דֶעמָאלְט אִיז אַלֶץ גֶעוֶוען אַזוֹי שֶׁאן, לִיכְטִיג, אונ אִיךְ הָאבּ מִיךְ אַלֶץ גֶעשֶׁעמְט אונ בִּין אַלֶע מָאל רוֹיטְהֶער אונ רוֹיטְהֶער גֶעוָוארֶען? אִיךְ הָאבּ נִישְׁט גֶעקָאנְט אוֹיפְהוֹיבֶּען דִי אוֹיגֶען אוֹיף עֶמִיצִין אַ קוּק צוּ טְהוּן, אונ וֵויסְט דוּ פַארוָואס? אִיךְ בִּין דָאךְ קֵיין מָאל קֵיין שֶׁעמֶעדִיגֶע נִישְׁט גֶעוֶוען – אִיךְ הָאבּ נִישְׁט גֶעוואוּסְט וִוי זִיךְ צוּפִידהֶרֶען, וָוארוּם אַז מֶען הָאט חַתוּנָה אִיז מֶען שׁוֹין נִישְׁט קֵיין פִּיצֶעלֶע מֵיידֶעלֶע אונ מֶען טְהוּט וָואס מֶען וִויל, נָאךְ אַ חַתוּנָה וֶוערְט מֶען שׁוֹין „אַ מֶענְשׁ”; דָאס פְלֶעגְט דִי מַאמֶע מִיר נָאךְ מֵיידֶעל-וַוייז זָאגֶען, אונ אִיךְ הָאבּ נִישְׁט גֶעוואוּסְט וִוי אַזוֹי אַ מֵיידֶעל דַארְף זִיךְ פִּיהרֶען וֶוען זִי וֶוערְט אַ מֶענְשׁ. אוֹיף דֶעם צְווייטֶען טָאג נָאךְ דֶער חוּפָּה הָאבּ אִיךְ גֶעפְרֶעגְט אוּנְזֶער מוּטְטֶער וִוי אַזוֹי מֶען דַארְף זִיךְ פִּיהרֶען נָאךְ דֶער חַתוּנָה, וֶוען מֶען הָאט אַ מַאנן אונ מֶען וֶועט הָאבֶּען קִינְדֶער... (וֶועמֶען הָאבּ אִיךְ גֶעזָאלְט פְרֶעגֶען, וֶוער הָאט מִיךְ גֶעזָאלְט לֶערְנֶען אַז נִיט דִי מַאמֶע?).

– מַיין נִיט, פְּרוּמֶע, הָאט מִיר דִי מַאמֶע גֶעעֶנְטְוֶוערְט, אַז דוּ בִּיזְט נָאךְ אַ מֵיידֶעל דוּ בִּיזְט שׁוֹין אַ וַוייבֶּעל, דַאנְקֶען גָאטְט, וָואס אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט זַיין לִיעבֶּען נָאמֶען צוּ דֶערמַאנֶען, גֶענוּג גֶעוֶועזֶען פָּטוּר פוּן אַלֶע זַאכֶען, אִיצְטֶער הָאסְט דוּ שׁוֹין אוֹיף זִיךְ אַ סַךְ אַחֲרָיוֹת׳ן.

– יָא. מַאמֶע, הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְטְוֶוערְט, אִיךְ וֵויים אַז אִיךְ בִּין שׁוֹין נִישְׁט וִוי בִּיז אַהֶער פְרֵיי אונ הָאבּ אַ מַאנן אונ וֶועל הָאבֶּען קִינְדֶער, אִיךְ דַארְף וִויסֶען וִוי מִיט דֶעם מַאנן צוּ לֶעבֶּען, וִוי אִיהם אָבּהִיטֶען, וִוי קִינְדֶער עֶרְצִיהֶען.

– נַיין, טָאכְטֶער, הָאט מִיר דִי מַאמֶע גֶעזָאגְט, אַז מֶען וֶוערְט אַ אִשָׁה, נֶעמְט

מען אויף זיך ארויף א יאך פון מצות פאר דעם גרויסען אלמעכטיגען גאטט; דא האבען קינדער צדיקים דארף מען נאר בעטען ביי גאטט, עס העלפט גאר נישט קיין לעז גערנען, ווייל אז עס איז באשערט האבען גוטע קינדער, וואקסען זיי אליין אויס גוט; דעסגלייך מאנן דארף מען אויך נישט לאזען צו פיעל זיך אויף דעם קאפ קריכען, ווייל צו די מעראנס-בילען טאר מען זיך נישט שטארק צולאזען, זיי פארדרעהען דערנאך דעם קאפ אז זהי יעגען מען איז צו גוט מיט זיי. אז מען פאהרט א מאל צו גאסט צו דער שוויגער, דארף מען זיך אוודאי למע"ה נישט לאזען טרעטען אויף די פיס, ווארום דיין שוויגער-מיין מחותנת'טע איז ביי מיר גאר נישט אזא מיוחס'טע, ווייל אין הונדערט יאהר דארום וועט זי נאך נישט דערלעבען צו האבען אזא טהייערן טאטען א צדיק ווי איך האב געהאט, אונ ווי לאנג קרענקען זיי אלע, ווי עס איז מיר אנגעשטאנען איך זאל מיך מיט זיי משדך זיין. נאר אונזערע זינד זענען גרויס פאר דעם וואס איך בין ניט ווערטה איהם צו דערמאנען, האט ער אונז געשטראפט, לאז דאס שוין זיין רבונו של עולם איין אבקומעניש פאר מיר, פאר דיר אונ פאר אלע אונזערע ליעבע. טאטער איז אונז געוועזען באשערט צו זיין שלאף, אדער א שלעכטער זאל אונז דעם וועג איבערגעהן, זאלען מיר אלע דערמיט אבקומען. ליעבער גאטט! דארום מעג איהר זוהניניא, וואס דארף רעכענען פאר א גליק וואס ער איז זוכה געוועזען איינצושטעהן ביי מיר אין שטוב, דיך באדיענען, נישט דו איהם. אז דו ביזט שוין געווארען א אשה, האסט דו שוין אויף דיר מעהר אחריות'ן ווי א מאנסביל, איבער דעם וואס אונזער מוטטער, די צדקת חוה ע"ה, האט געזינדיגט אין גן עדן מיט דעם היילינען בלאטט וואס די באזע שלאנג, די מרשעת, האט זי איבערגערעדט, אונ דער יצר הרע האט גענומען האבער פון דעם יצר טוב. דארום, טאכטער, זאלסט דו שוין אוועקווארפען דיינע אללע מיידעלשע זאכען, ווייל דו דארפסט וויסען אז דו ביסט געכטען א אשה געווארען, אונ איבער דעם דארפסט דו געמען אויף זיך מיט גרויס ציטערניש, מיט צובראכענע גלידער אונ מיט גרויס געבעט, די גרויסע דריי מצות וואס דער אויבערשטער האט אונז, נשים צדקניות, געגעבען מן השמים דורך זיין היילינער תורה. די שלשה מצות זענען גרעסער פון אלע מצות, דערפאר מוז מען זיי אבהיטען ווי דאס שווארצאפעל פון דעם אויג. מיין נשים, מיין טאכטער, אז דו וועסט נאכגעהן די היינטוועלטיגע ווייבלעך, וועלכע זענען פאר אונזערע גרויסע זינד בעשאפען געווארען, אונ וועסט וועלען אבנארען די מאמע, ד. ה. דו וועסט נישט מקיים זיין מיט אלע פישטשיוועקעס, ווי מען האט אונז נשים פירגע-שריעבען אין דער היילינער תורה, זאלסט דו וויסען, אז דו קענסט נאר פארבארגען פאר דיין מאמען אונ פאר אנדערע מענשען, וואס זענען באשאפען פון בשר ודם, אבער נישט פאר גאטט, ווארום ער, דער באשאפער פון דער גאנצער וועלט, איז א חופש כל חדרי בטן, דאס איז די טייטש: אז גאט ווייסט וואס עס טהוט זיך אין אלע קאמערן, אין אלע ניערען, פון אונזער בויך אונ אין די פארבאגענע ארטער פון אלע באשאפענישען אויף דער גאנצער וועלט. די דריי מצות זענין:

חַלָה נֶעמֶען, לִיכְט בֶּענְשֶׁען, אוּנ דִי מִקְוָה. דִי עֶרשְׁטֶע צְווֵיי מִצְוֹת וֶוענִין פוּן דִי גְרִינְגֶע, ווייל זַיי הָאט דֶער אויבֶּערשְׁטֶער בַּאשַׁאפֶען אַז דִי אִשָׁה זָאל זִיךְ מִיט זַיי בַּאשֵׁיינֶען, כְּדֵי דִי אִשָׁה זָאל נִישְׁט גֶעשְׁטְרוֹיכֶעלְט וֶוערֶען נִישְׁט אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ נִישְׁט אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט. וֶוען דֶער לִיעבֶּער שַׁבָּת פַארגֶעהְט אוּנ מֶען בְּרֶענְט דִי רְשָׁעִים אִין גֵיהִנָם. אָבֶּער דֶער עִיקָר פַאר אַ אִשָׁה אִיז דִי מִצְוָה פוּן דֶער הֵיילִיגֶער מִקְוָה, ווייל אוֹיף אִיהר אִיז דִי אִשָׁה גֶעבּוֹיעט גֶעוָוארֶען אוּנ פוּן דֶער אִשָׁה אִיז דִי גַאנְצֶע וֶועלְט בַּאשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען. אֲפִילוּ דֶער גְרוֹיסֶער בַּעַל שֵׁם טוֹב, ר' יִשְׂרָאלִינְיָא וָואס זַיין גְלַייכֶען אִיז נִישְׁט גֶעוֶוען אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, זַייט דִי וֶועלְט אִיז בַּאשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען, אִיז אוֹיךְ גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען פוּן אֵיין אִשָׁה. דִי אִשָׁה הָאט זוֹכֶה גֶעוֶוען בַּיים אַלְמֶעכְטִיגֶען גָאטט צוּ הָאבֶּען אַ זוּהְן אַזַא צַדִיק, נָאר דֶערפַאר, ווייל זִי הָאט מְקַיֵים גֶעוֶוען אַלֶע דִינִים פוּן דֶער מִקְוָה, דְהַיְינוּ: אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער וֶוען עֶס קוּמְט אִיהר גֶעבָּאטֶענֶע צַייט, מוּז גֶעהְן אִין מִקְוָה נָאר בַּיי נַאכְט, וֶוען עֶס אִיז שׁוֹין פִינְסְטֶער, אָדֶער וֶוען שְׁטֶערְן שְׁטֶעהֶען אוֹיפ'ן הִימֶעל, עֶס מֶעג זַיין פְרֶאסְט, אַ שְׁנֶעע, אַ שְׁלַאקְס-רֶעגֶען, אַ מַבּוּל — מוּז זִי גֶעהְן; דִי מִקְוָה מֶעג אֲפִילוּ זַיין ווייט דְרַיי ווֶערסְט אוּנְטֶער דֶער שְׁטָאדְט, צְווִישֶׁען בֶּערְג מִיט גְרִיבֶּער, צְווִישֶׁען בּוּדִיקֶעס אוּנ דֶארְנֶער. אוּנ וָואס ווייטֶער מֶען גֶעהְט אִיז דֶער שְׂכַר אִין הִימֶעל גְרֶעסֶער. מֶען דַארְף נָאר גֶעהְן אַלֵיין, כְּדֵי מֶען זָאל זִיךְ נִישְׁט אָנְרִיהְרֶען אִין קַיין טָמֵא מֶענְשֶׁען, ווייל דִי שֵׁדִים, רוּחוֹת אוּנ אַלֶערְלֵיי קְלִיפּוֹת וָואס שְׁטֶעהֶען אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן דֶער מִקְוָה בִּיז צוּ דֶער הֵיים פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען מַחֲנוֹת-ווייז, קֶענֶען חו"ש הָאבֶּען אַ שְׁלִיטָה, נָאר אַז מֶען גֶעהְט אַלֵיין אוּנ מֶען הָאט מְקַיֵים גֶעוֶועזֶען אַלֶע דִינִים פוּן דֶער מִקְוָה, הָאט מֶען פַאר זַיי קַיין מוֹרָא נִישְׁט צוּ הָאבֶּען, חָאטְשׁ זַיי פְלִיהֶען אַרוּם פוּן אַלֶע זַייטֶען.

חַנָה אִיז פוּן דִי רֵייד וָואס דִי שְׁוֶועסְטֶער הָאט אִיהר דֶערצֶעהְלְט שְׁטַארְק דֶערשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ צִיטֶערְן. זִי הָאט מִיט גְרוֹיסֶער אַנְגְסְט גֶעפְרֶעגְט דִי שְׁוֶועסְטֶער!

— אוּנ דוּ בִּיזְט גֶעגַאנְגֶען אַלֵיין, פְרוּמֶע? הָאסְט קַיין מוֹרָא נִישְׁט גֶעהַאט? אוּנְזֶער בָּאד אִיז דָאךְ אַזוֹי ווייט, אַזשׁ אוּנְטֶער דֶער שְׁטָאדְט נֶעבֶּען טַייךְ? דִי מַאמֶע הָאט מִיר אֲפִילוּ דֶערצֶאהְלְט אַז אִין טַייךְ אוּנ נֶעבֶּען דֶער פוּסְטֶער מִיהְל וָואס שְׁטֶעהְט בַּיים טַייךְ, גֶעפִינֶען זִיךְ אֲפִילוּ בַּיי טָאג רוּחוֹת, שֵׁדִים אוּנ נִישְׁט גוּטֶע וּבִפְרַט נָאךְ בַּיי נַאכְט....

— אוֹי, לִיעבֶּע שְׁוֶועסְטֶער, דֶערְמָאן מִיךְ נִישְׁט... אַ דַאנְק גָאטט וָואס אִיךְ שׁוֹין אִיבֶּערגֶעקוּמֶען דִי וֶועלְט מִיט דִי רוּחוֹת אוּנ שֵׁדִים אוּנ גֶעה שׁוֹין אוֹיף דֶער אֶמֶת'ר וֶועלְט! קֶען אִיךְ דִיר דֶען דֶערְצֶעהְלֶען דִי אַלֶע זַאכֶען וָואס דִי מַאמֶע הָאט מִיר אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען? וָואס אִיךְ הָאבּ אַלֵיין אִיבֶּערגֶעטְרָאגֶען? דִי אַלֶע שְׁרֶעקֶענִישֶׁען, פַּיין אוּנ צָרוֹת פוּן דֶער מִקְוָה? דִי ווייטְהִיגֶען פוּן דְוָואשֶׁע דֶער טוּקֶערִין, פַּייוִויש פָּאנִי-פֶעווָאטֶע? פַאסְט עֶס דֶען אִיךְ זָאל דֶערצֶעהְלֶען פַאר דִיר, אַ מֵיידִיל, אַ קִינְד? אַז דוּ וֶועסְט ווֶערֶען אַ ווייבֶּעל, וֶועסְט דוּ אַלְץ ווִיסֶען, נָאר לָאז דִיךְ גָאטט אָבְּהִיטֶען...

איך וואונדער מיך נאר ווי איך לעב נאך... אוי! אז איך דערמאן זיך ווען איך פלעג קומען, פלעגט אויף מיר דוואשע אנהויבען צו שרייען און מיך רעווידירען פונקט ווי נאטשאלסטווא דעם נייעם רעקרוט... און דא איז ווינטער, עס איז קאלט ווי אין א פאלאנקע. דוואשע! פלעג איך זי פרעגען מיט גרויס ציטערניש, פאר וואס האט מען חאטש נישט געוואַרעמט די מקוה? עס איז דאך אזוי קאלט אז אפילו א הונד קען נישט אריינגעהן... האט זי זיך צושריגען אויף מיר פאר אלע ווייבער:

— וואס ביזט דו עפעס א פריצע? ביי אונז אין זלידניווקע איז ב״ה נישט געוועזען און וועט ניט זיין קיין פריצעס; אפשר ווילסט דו מען זאל דיר מאכען א מקוה ווי אין אדעס מיט מאשינען, וואס קליפות מיט גוים וואַרמען די מקוה און עס געהען ווייבער וואס האבען מאנגען מיט געגאלטע און געשווירענע באַרד!

די אנדערע ווייבער וואס זענען געוועזען דערביי און דאנקען גאטט אז זיי האבען פון יענעם אבצורעדען — האבען אנגעהויבען אבקען און ווייקען אז ניט אומזיסט שטראפט אונז גאט און ווילל אונז נישט פארגעבען אונזערע גרויסע זינד, ווייל ביי אונז אין זלידניווקע געפינען זיך אזוינע יודישע טאכטער וואס היטען נישט אב די הייליגע דינים פון דער מקוה, וואס די גאנצע וועלט שטעהט דאַרויף און נאר פאר א שלעכטען געדאנקען ווערד מען אין ביידע וועלטען געשטראפט ביז אין צעהנטען דור.

— עס האט מיר נאר באנג געטהון, האט זי מיר ווייטער דערצעהלט, וואס איך האב נאר געפרעגט דוואשען, איך האב זיך מוסר נפש געווען און בין אריינגעגאנגען, דערנאך האט זי מיך ווייטער רעווידירט און אז עס איז דוואשען נישט געפעלען, האב איך געמוזט נאך אמאל געהן, און אז איך בין שוין שפעט ביי נאכט קוים לעבעדיג ארויסגעגאנגען פון דער באד און האב זיך פארגעסען אנריהרען אן פייוושען, אדער ער האט ניט געזעהן אז איך האב זיך אנגעריהרט, האט ער זיך צושריגען: זייט-זשע מוחל ווייבעל, קעהרט אייך אום צוריק, איך האב דאכט זיך געזעהן ווי א הונד, צו א חיה איז דורכגעלאפען, אדער א גוי איז דורכגעגאנגען, די אויגען זענען מיר קאליע, איך זעה שוין נישט ביי נאכט, איך זאל אייך קענען אקוראט זאגען ווער און וואס און ווען עס איז פאר אייך דורכגעלאפען, צו דורכגעגאנגען, נאר דאכט זיך עפיס האט מיר געוויס געשימערט פאר די אויגען; און דו דוואשע, האט ער זי אנגעהויבען שעלטען, דו ווייסט נאר אומזיסט געמען פיאטקים, אבער נישט אכטונג צו געבען אויף יודישקייט. דא האט זיך ווידער דוואשע צושריגען: אוי א דונער האט מיך דערשלאגען! זייט-זשע מוחל, ווייבעל קעהרט זיך אום, עס פארשטעהט זיך אז אייך אַרט נישט, וואָרום די זינד פאלט אויף מיין קאפ...

און איך האב זיך געמוזט ווייטער אומקעהרען. היינט איידער איך בין ווינטער אין די גליטשען, אין די פרעסט, אין די רעגענס איבער די גריבער און ראוועס שפעט אין דער פינסטערער נאכט קוים דערגאנגען א לעבעדיגע אהיים!...

אויף מארגען האבען די ווייבער אין איינעם מיט דוואשען און פייוושען געמאכט

אַ קְלַאנְג אִיבֶּער דֶער שְׁטָארְט, אַז אִיךְ בִּין נִיט מְקַיֵּם אַלֶע דִינִים פוּן דֶער מִקְוָה אוּנ לֶעבּ מִיט מַיין מַאן וִוי אַ גוֹיָה, ווייל אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט אַז אִין דֶער מִקְוָה קֶען אֲפִילוּ קַיין הוּנְד נִישְׁט גֶעהְן. דָא הָאבֶּען מִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען גְרִיזֶען דֶער טַאטֶע מִיט דֶער מַאמֶע אוּנ אַלֶע קְרוֹבִים, אוּנ גָאטְט ווייסְט דֶעם אֶמֶת, אַז אִיךְ הָאבּ תָּמִיד מְקַיֵּם גֶעוֶועזֶען דִי מִקְוָה מִיט אַלֶע דִינִים, וִוי יֶעדֶע יוֹדִישֶׁע טָאכְטֶער, וָוארוּם אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ מוֹרָא פַאר אַיין עֲבֵירָה, אַ סִימָן אַז מַיין גַאנְץ לֶעבֶּען, מַיין גַאנְץ גֶעזוּנְד הָאט צוּגֶענוּמֶען דִי מִקְוָה. אִיךְ הָאבּ מִיךְ פַארְקִיהְלְט אוּנ הָאבּ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ הוּסְטֶען, אִיךְ הָאבּ זִיךְ אָנְגֶענוּמֶען אַ שְׁלַאפְקַייט. פוּן גְרוֹיס שְׁרֶעק גֶעהֶענְדִיג בַּיי נַאכְט אוּנ פוּן דֶעם גֶעדַאנְקֶען וִוי דִי שֵׁדִים אוּנ רוּחוֹת שְׁטֶעהֶען בַּיי דִי זַייטֶען אִיז מִיר שִׁיעֶר דִי נְשָׁמָה נִישְׁט אַרוֹיס אוּנ זָאג אִיצְטֶער אוֹיךְ אַז אִין אַזַא מִקְוָה דַארְף אֲפִילוּ נִישְׁט גֶעהְן אַ הוּנְד, וָואס אִיז אוֹיךְ אַ בַּאשֶׁעפֶענִישׁ פוּן גָאטְט, וּבִפְרַט נָאךְ אַ מֶענְשׁ!

— פְרוּמֶע, הָאבּ אִיךְ זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען, וָואס זָאגְסְט דוּ? טָאר מֶען דֶען אַזוֹינְס זָאגֶען אוֹיף אַ מִקְוָה, פוּן וֶועלְכֶער דִי מַאמֶע זָאגְט אַז זִיא אִיז אַזוֹי הֵיילִיג, אַז עֶס שְׁטֶעהְט אִין דֶער תּוֹרָה אַז גָאטְט הָאט גֶעהֵייסֶען גֶעהְן אִין מִקְוָה? אוּנ דוּ זָאגְסְט גָאר אַז אַ הוּנְד דַארְף מֶען אִין מִקְוָה נִישְׁט שִׁיקֶען! גָאטְט שְׁטְרָאפְט אַז מֶען זָאגְט אַזוֹינְס אוֹיף זַיינֶע הֵיילִיגֶע זַאכֶען...

— אוֹי, לִיעבֶּע שְׁוֶועסְטֶער, דוּ פֶערְשְׁטֶעהְסְט מִיךְ נִישְׁט אוּנ אִיךְ קֶען מִיט דִיר אַזוֹי פִיעל דֶערְפוּן נִישְׁט רֶעדֶען, דוּ בִּיזְט נָאךְ אַ יוּנְג קִינְד אוּנ דַארְפְסְט פוּן אַזוֹינֶע זַאכֶען נִישְׁט פִיעל וִויסֶען, אִיךְ זָאג גָאר נִישְׁט אַזוֹי וִוי דוּ מֵיינְסְט...

פְרוּמֶע פְלֶעגְט זִיךְ שׁוֹין מֶעהְר נִישְׁט אוֹיכְרֶעדֶען פַאר מִיר אִיהְר שְׁוֶוער הַארְץ וֶועגֶען דֶער מִקְוָה, זִי הָאט אָפְט פַאר מִיר אוֹיסְגֶעשִׁיט אִיהְר הַארְץ וֶועגֶען אַנְדֶערֶע צָרוֹת וָואס זִי הָאט אוֹיסְגֶעשְׁטַאנֶען זַייט זִי הָאט חֲתוּנָה גֶעהַאט. דָאס אִיז אֲפִילוּ גֶעוֶועזֶען אִיבְּרִיג, ווייל חַנָה הָאט עֶס אַלֵיין גֶעזֶעהֶן אַלֶע טָאג, אַלֶע שָׁעָה.

אוּמְגְלִיקְלִיכֶע יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער! זִי הָאט גֶעזֶעהֶן וָואס מֶען זֶעהְט אִין פִיעל יוּדִישֶׁע הַייזֶער וִוי קִינְדֶער הָאבֶּען חֲתוּנָה, טָאמֶער הָאט פְרוּמֶע גֶערֶעדְט אָדֶער גֶעלַאכְט מִיט אִיהְר מַאנְן, הָאט אִיהְר דִי מַאמֶע בֶּעמֶערְקְט, אַז צוּפִיעל רֶעדֶען מִיט אַ מַאנְן אוּנ וֶוער שְׁמוּעסְט נָאךְ לַאכֶען — פַּאסְט נִישְׁט פַאר קַיין יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער, אַ יוּד אוּנ אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער טָארֶען נִישְׁט לַאכֶען אוּנ פְרֶעהְלִיךְ זַיין, ווייל מִיר זֶענִין אִין גָלוּת, מִיר מוּזֶען אַרוּמְגֶעהְן מִיט אַ טְרוֹיעֶרִיג פָּנִים אוּנ וֶוען מֶען מוּז שׁוֹין יָא לַאכֶען, דַארְף מֶען זִיךְ בַּאגֶעהְן מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל. פְלֶעגְט זִי דִי מוּטְטֶער לֶערְנֶען פוּן אִיהְרֶע הֵיילִיגֶע תְּחִנוֹת; דֶערְפַאר אָבֶּער וֶוען מָשִׁיחַ וֶועט קוּמֶען, וֶועלֶען אַלֶע יוּדֶען אוּנ מִיר מִיט זֵיי מֶעגֶען לַאכֶען אוּנ פְרֶעהְלִיךְ זַיין וִויפִיעל אוּנְזֶער הַארְץ גֶעלוּסְט, אוּנ אַז פְרוּמֶע הָאט גֶעזָאגְט: „בִּיז מָשִׁיחַ וֶועט קוּמֶען אִיז נָאךְ ווייט, אִיךְ קֶען בִּיז דֶעמֶעלְט וֶוערֶען אַיין אַלְטֶע יוֹדֶענֶע, דֶערְווייל אָבֶּער, כָּל זְמַן אִיךְ בִּין יוּנְג, ווִילְל אִיךְ לֶעבֶּען אוּנ פְרֶעהְלִיךְ זַיין“, פְלֶעגְט זִיךְ דִי מוּטְטֶער צוּוויינֶען אַז פַאר אִיהְרֶע זִינְד הָאט זִי גֶעהַאט אַ הַיינְטְוֶועלְטִיגֶע טָאכְטֶער; אוּנ אַז פְרוּמֶע פְלֶעגְט אִיהְר זָאגֶען: „אִיךְ ווִילְל מִיךְ מִיט דִיר נִישְׁט קְרִיגֶען, נָאר

ואס האָסט דו דיך צו מישען ווי אַזוי איך וויל לעבען מיט מיין מאַנן", האָט שוין די מוטטער מעהר ניט געקאָנט שווייגען אונ האָט איהר געוויזען אַז זי איז אַ מאַמע, אַ שוויגער, אונ די קינדער זענין איהרע, זי האָט זייער חתונה געמאַכט פאַר איהר געלד, זי האָט זי אויסגעקליידט ווי אַ מאַנאַרכיניע (אַזוי פלעגט זי זאָגען) פאַר איהר געלד, כלי זמר געדונגען פאַר איהר געלד, קאָסט גיט זי פאַר איהר געלד, געבאָרען האָט זי זי, בלויז האָט זי פאַרגאָסען אונ נאָך אַזוינע טענות, היינט פאַר וואָס זאָל זי זיך ניט מישען אין איהרע קינדערס געשעפטען אפילו נאָך דער חתונה? דאָס רעכט קען ביי איהר קיינער ניט אַוועקנעמען צו זאָגען אַ דעה דער טאָכטער וואָס פאַר אַ קליידעל זי זאָל אָנטהון ווען זי געהט שבת אין שול אַריין, ווי אַזוי זי זאָל רעדען מיט דעם מאַנן וכדומה זאַכען; גיין, די טאָכטער מוז זיך פיהרען ווי די מאַמע וויל; אונ היינט דער מאַנן אַליין, דער איידעם! אויף איהם, דעם איידעם, האָט דאָך די שוויגער בוודאי אַלע רעכטע, וואָרום ער דאַרף זיך שעצען גליקליך וואָס ער איז אָנגעקומען צו דער שוויגער צו אַזאַ גרויסער מיוחסת! ער מוז געהן, שטעהן, זיצען, רעדען, אַזוי ווי זי שאַפט אונ הייסט. אונ טאָמער פאַלט איהם איין זיך אָנצורופען מיט אַ וואָרט, איז איהם געווים ניט מקנא צו זיין, דאַ פליהען געשרייען ביז אין זיבענטען הימעל אַריין: „פאַר מיין זאַלץ אונ ברויט, דערפאַר וואָס איך האָב זיך אַזוי אויסגעבראַכט, הערט מיך גאָר ניט דער איידעם, ווי גלייך ער איז גאָר ניט מיינער!"

אַזוי האָט פרומע אָבגעלעבט עטליכע יאָהר ביי דער מאַמע, ווי די מאַמע האָט געוואָלט, ביז זי איז געשטאָרבען. ניט אומזיסט האָט זי געזאָגט חנה'ן ווען זי איז געלעגען שלאַף, אַז זי האָט געהאַט אַ מאַנן, קינדער, זי איז געווען אַ בעל-הביתטע אונ איז קיין מאָל ניט געווען אַ פרוי פאַר איהר מאַנן, אַ מוטטער פאַר איהרע קינדער... ניט איין גוטען טראָפען פון דעם פאַמיליענלעבען האָט זי גענאָסען אונ פלעגט שטענדיג פאַרשאָלטען דעם טאָג וואָס זי האָט חתונה געהאַט. —

---

## V.

## אַדרשה וועגען דיא מקוה.

דאָס אַליין האָט חנה געהערט אונ געזעהן פון איהר שוועסטער איידער זי איז געשטאָרבען. דער שוועסטערס חתונה מיט איהר גאַנץ לעבען האָט זי ניט געקאָנט פאַרגעסען אויף אַ מינוט, ביי טאָג אונ ביי נאַכט האָט זי וועגען דעם געטראַכט.

כל זמן חנה איז נאָך געווען אַ קינד, האָט זי ווי אַלע קינדער גאָר ניט געדענקט אַז זי וועט אַמאָל אויסערוואַקסען אונ עס וועט אויף איהר אויך אַמאָל קומען אַ צייט ווען זי וועט דאַרפען חתונה האָבען. דאָס וואָס די שוועסטער האָט איהר דערצעהלט פון דער מקוה איז איהר פאַרגעקומען ווי די מעשה וואָס זי האָט געלייענט אין דעם שאָנעם ביכעל „טויזענד אונ איין נאַכט", פון דעם גרויסען ריעז מיט צוועלף קאָפ

און מיט צוויי הונדערט אויגען, וועלכער האט אין א פינסטערער נאכט אוועקגעגנבית ביים מלך די שאנע פערצויבערטע בת מלכה, נאר אז זי איז אונטערגעוואקסען און האט אנגעהויבען פארשטעהן אז זי וועט אויך אמאל דארפען חתונה האבען, איז זי פשוט דערציטערט געווארען, און ווער שמועסט אז ר׳ זלמן דער שדכן פלעגט אריינקומען צו זיי אין שטוב מיט איין אויסריידעניש, איז זי געווארען פאר שרעק בלייך ווי די וואנד, אז אפילו ער פלעגט דאס באמערקען און זי פרעגען:

–וואס האסט דו מורא פאר מיר, חנה? דאכט זיך אז אלע מיידלעך אין זלידניוועקע האבען מיך ליעב, און אז איך קום צו זיי מיט איין אויסרייד, דערלאנגען זיי מיר דאס בעסטע גלעזעל מהעע.

נאר זלמן און די עלטערן האבען דען געקאנט וויסען וואס אין חנה׳ן געהט פאר, אז אפילו איהר ליעבער דוד האט ביז אהער אויך גאר נישט געוואוסט!

די גאנצע צייט ביז זי האט זיך געקאנט צו עפים ענטשליעסען, האבען זי איהרע געדאנקען שטארק געמוטשעט, טאג טעגליך פלעגט זי זיך פרעגען: חתונה האבען; צו ניט חתונה האבען? ווען יא חתונה האבען–זענען איהר אנגעפאלען אלע שרעקליכע זאכען: שדים, רוחות, דוואשע מיט איהר געפילדער, פייוויש מיט זיין פאנפעוואטע ווילד קול, דאס אליין געהן ביי נאכט נעבען טייך, געבענדער פוסטער מיהל, די אלע צרות וואס די שוועסטער האט איבערגעטראגען פון דער מקוה, היינט דאס אלץ וואס זי האט אליין געזעהן: ווי אזוי די שוועסטער מיט איהר מאן, וועלכען זי האט ליעב געהאט, האבען געלעבט אז זיי זענין געווען אויף קאסט. יא חתונה האבען און נישט געהן אין מקוה–קען בודאי נישט זיין, דאס איז א דין ביי יודען–און חנה האט מורא געהאט פאר איין עבירה. אפילו די שוועסטער וואס האט אזוי פיינד געהאט די מקוה, האט אליין אויך געזאגט אז די מקוה איז זעהר וויכטיג, נאר... פאר וואס האט די שוועסטער נישט איין מאל געזאגט אז אפילו א הונד דארף אויך נישט געהן אין מקוה אריין ובפרט נאך א מענטש?..

די שוועסטער איז געשטארבען און חנה האט זיך אליין נישט געקאנט ערקלערען, פארוואס די שוועסטער האט געהאלטען אז די מקוה איז הייליג און דערביי געשאלטען די מקוה און געזאגט אז דורך איהר וועט זי פון דער וועלט געהן, זי האט ביי זיך בעשלאסען נישט חתונה צו האבען און ביי דער ערשטער געלעגענהייט דאס דוד׳ן איבערצוגעבען, חאטש זי האט איהם ליעב.

אז דוד האט ביים פאזשאר אויפן בארג דערהערט אזוינע ווערטער, איזער נישט אבגעטראטען ביז זי האט איהם געמוזט אלץ דערצעהלען פון אנהויב ביז אין סוף.

–יא, האט דוד דארויף געענטווערט, ביי אונז יודען איז דא א סך גוטע מנהגים, מיט וועלכע אנדערע זענין אונז מקנא, נאר צו אונזער אומגליק זענין די מנהגים נישט תמיד געבליבען ריין. ווער עס האט געוואלט–א באזער פאנאטישער רב, א תמעוואטע למדן, א מקבל, א בעטלער, א פרוש וואס לעבט נאר מיט די מלאכים פון הימעל און האלט פאר דער גרעסטער מצוה אז דער מענש דארף זיך אויף דער וועלט נאר פלאגען

און מוטְשֶׁען און נָאךְ אַזוינֶע — הָאבֶּען אַרייִנְגֶעלֶעגְט זֵייעֶר בִּיסֶעלֶע בְּלָאטֶע אִין דִי
מִנְהָגִים און דִינִים. מֶען הָאט דָאס אַלְץ אָבְּגֶעדְרוּקְט אויף רש״י כְּתַב, אִיז דָאס גֶעוָוארֶען
פַאר דֶעם פָאלְק הֵיילִיג, מִסְתָּמָא הָאט דָאס גֶעשְׁרִיבֶּען אַ הִימֶעל מֶענְשׁ! „מְהַייעָרֶע
יוּרֶען״, וְוִי מֶען רוּפְט זֵיי בַּיי אוּנְז לוּמְדִים, פַארְבְּרֶענְגֶען זֵייעֶרֶע גַאנְצֶע יָאהְרֶען, אוּיסְצוּ-
לֶערְנֶען דִי אַלֶע בְּלָאטִים און צְווִינְגֶען אַנְדֶערֶע, וָואס וָואלְטֶען גֶעוָואלְלט לֶעבֶּען וְוִי
מֶענְשֶׁען, אויךְ צוּ פַארְבְּרֶענְגֶען זֵייעֶרֶע יָאהְרֶען דֶערְמִיט. דִי מִקְוָה אִיז גֶעוִוים גֶעוֶוען
זֶעהְר אַ פַיינֶער, נוּצְלִיכֶער דִין; וַואשֶׁען זִיךְ צוּ דֶער צַייט מִיט רֵיין וַואסֶער — אִיז גֶעוִוים
זֶעהְר גֶעזוּנְד פַאר מֶענְשֶׁען וּבִפְרַט פַאר פְרוֹיעֶן, נָאר נָאךְ וָואס הָאט מֶען בֶּעדַארְפְט
דֶערְצוּ אויסְטְרַאכְטֶען שֵׁדִים מִיט רוּחוֹת, נֶאגֶעל שְׁנַיידֶען אַז עֶס זָאל בְּלוּט גֶעהְן, זִיךְ
עֶטְלִיכֶע מָאל אוּיס און אָנְטְהוּן און צוּרִיק אַרַיינְגֶעהְן אִין דֶער מִקְוָה, וֶוען מֶען הָאט
זִיךְ עֶפִּיס אַרויסְגֶעחַאפְּט מִיט אַ וָוארְט אַרויסְגֶעהֶענְדִיג פוּן דֶער מִקְוָה, טָאמֶער הָאט
מֶען זִיךְ פַארְשְׁטָאבֶּען מִיט אַ שְׁטִיקֶעל גְלָאז און מֶען קֶען עֶס נִישְׁט אַרויסְנֶעמֶען, אִיז —
אַז מֶען גֶעהְט אִין מִקְוָה — אִיז מֶען נִישְׁט אַנְדֶערְשׁ כָּשֵׁר, בִּיז מֶען שְׁנַייְדְט נִישְׁט אַרויס
דָאס שְׁטִיקֶעל גְלָאז אִין אַייגֶעם מִיט דֶעם פְלֵיישׁ, און טָאמֶער הָאט מֶען דֶערְפוּן בַּאקוּמֶען
אַ וואוּנְד, אַ בְּלָאטֶער, אַ טְשֶׁערִיק, מוּז מֶען אַז מֶען גֶעהְט אִין מִקְוָה אִיהְם אַרויסְרַייסֶען
מִיט דֶעם פְלֵיישׁ, עֶס מֶעג אֲפִילוּ שְׁטַארְק וֶועה טְהוּן, דֶערְפַאר הָאט מֶען אָבֶּער
אַ גְרויסֶען שְׂכַר אִין הִימֶעל. אִיךְ וָואלְט דֶעם מְקַבֵּל, וֶועלְכֶער הָאט דֶעם דִין אָנְגֶעשְׁרִי-
בֶּען, אַוֶועקְגֶעגֶעבֶּען מַיין גַאנְצֶען שְׂכַר עוֹלָם הַבָּא, עֶר זָאל אויף זִיךְ אַיין מָאל מַאכֶען
דִי אָפֶּערַאצְיֶע, נָאר אִיךְ וַויים נִישְׁט צוּ עֶר וָואלְט עֶס גֶעוָואלְט. אָבֶּער וְוִי גְרִינְג הָאט
עֶר עֶס מִיט זַיין פַאנַאטִישֶׁער פֶּען אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַז אַ וֶועלְט מִיט יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער זָאל זִיךְ
מוּטְשֶׁען! וֶוער הָאט אויסְגֶעטְרַאכְט „דְוָואשֶׁע דִי טוּקֶערִין״ וָואס זָאל זַיין אַ נַאטְשַׁאלְנִיק
אִיבֶּער דִי וַוייבֶּער, זֵיי עֶקְסְפְּלָאאַטִירֶען צוּזַאמֶען מִיט דֶעם בֶּאדֶער, אַז עֶר וַוארְמְט דִי
מִקְוָה וֶוען אִיהְם פַארְגְלוּסְט זִיךְ און זִי זְשַׁאלִיוְוִיט אַ קָאפִּיקֶע אויסְצוּשַׁארְפֶּען דָאס מֶעסֶערִיל
פַאר דִי נֶאגֶעל? וֶוער הָאט אויסְגֶעטְרַאכְט „פַּיוִויש דֶעם פָאנְפַאטְשׁ״, וֶועלְכֶער טְרָאגְט
זוּמֶער און וִוינְטֶער אַ פֶעלְץ מִיט אַ פוּטֶערְן הִיטֶעל, און יֶעדֶעם וַוייבֶּעל וָואס מַאכְט
זִיךְ רֵיין מוּז זִיךְ אָנְרִיהְרֶען אִין זַיין פֶעלְץ, און טָאמֶער הָאט זִי ח״ו פַארְגֶעסֶען, מוּז זִי
נָאךְ אַמָאל מַאכֶען דִי גַאנְצֶע אָפֶּערַאצְיֶע פוּן דֶער מִקְוָה מִיט אַלֶע דִינִים? וָואס פַאר
אַ הֵיידֶענְטְהוּם דָאס אִיז, אַז טָאמֶער בַּאגֶעגֶענְט מֶען אַ גוֹי און מֶען רֶעדְט אֲפִילוּ נִישְׁט
מִיט אִיהְם, אִיז מֶען שׁוֹין טָמֵא!

חַנָה הָאט זִיךְ פַאר דָוִד׳ס וֶוערְטֶער זֶעהְר דֶערְשְׁרָאקֶען, דָוִד הָאט דָאס בֶּעמֶערְקְט.

— וָואס שְׁרֶעקְסְט דוּ דִיךְ אַזוֹי, חַנָה? נִישְׁט נָאר אִיהְר וַוייבֶּער הָאט אויף אַייךְ
אַזוינֶע פְּלַאגֶען מִיט אִינְקְוִויזִיצְיֶעס, מִיר, מַאנְסְבִּילֶן, הָאבֶּען אַ סַךְ מֶעהְר פוּן אַייךְ מִצְוֹת —
יוּדִישֶׁע מִנְהָגִים. יֶעדֶער יוּדִישֶׁער מִנְהָג אִיז פַאר זִיךְ גוּט און הֵיילִיג, נָאר מֶען הָאט זֵיי
אויךְ פַארְמִישְׁט מִיט מִילְיָאנֶען פֵּירוּשִׁים, אַזוֹי אַז מֶען זָאל אֲפִילוּ זַיין מִיט צֶעהְן
קָאפּ וָואלְט גָאר נִישְׁט מֶעגְלִיךְ גֶעוֶוען זֵיי אויסְצוּפִיהְרֶען. אָט דִי אַלֶע צְוֶועצֶען פוּן
טוֹיזֶענְדֶער לֵיידִיגְגֶעהֶערְס נֶעמֶען אוּנְז צוּ דִי יָאהְרֶען און טְרַייבֶּען אוּנְז פְרִיה אִין דֶער

ערד אַריין. זעהר נאַריש איז דיין ענטשלוס נישט חתונה האָבען, אז דו וועסט ווערען עלטער – אין א יאָהר צוויי ארום, וועסט דו אַליין פאַרשטעהן אז דאס איז ביי א יודישער טאָכטער נישט אויסצופיהרען. קיין קלויסטערס זענען ביי אונז יודען נישט דא, פאַרגעס נישט אז ביי אונז יודען נישט חתונה האָבען איז אַ גרעסערער פאַרברעך ווי נישט מקיים זיין דוואָשים אַלע דינים פון דער מקוה און דיינע עלטערן וועלען דאס נישט דערלאָזען.

– וואָס, דוד, נישט חתונה האָבען וועלען די עלטערן אויך נישט לאָזען?!

– נאָך ווי אַזוי נישט לאָזען! און דאס איז זעהר רעכט, וואָרום ווי אַזוי פאַלט דיר גאר איין דער געדאַנקען זיך אַליין דאס לעבען אָבצושניידען? וואָס איז? דו האָסט דיך דערשראָקען פאר די מעשיות וואָס די שוועסטער האָט דיר דערצעהלט, פונקט ווי אַ קינד וואָס מען שרעקט עס מיט אַ מעשה "בערעלע בע" און ער האָט מורא אַרויסצוטרעטען אַ שפּאַן פאר דער טהיר? אַ מענש אָבער אפילו ווען ער ווייסט אז אונטער דער טהיר געפינט זיך איין אמת׳דיגער בער, דאַרף מען אויך דעם קאָפּ נישט פאַרליערען פאר שרעק...

אָרימע חנה! ערשט איצטער איז זי פון דוד׳ס ווערטער געוואָהר געוואָרען אַז אפילו נישט חתונה האָבען וועלען די עלטערן אויך נישט דערלאָזען!

זי איז אַזוי טרויעריג אַראָבגעגאַנגען פון דעם באַרג, אַזוי טרויעריג האָט זי זיך געזעגענט מיט דוד׳ן, אַז זי האָט גאר פאַרגעסען איהם צופרעגען אַ סך זאַכען, פון וועלכע זי האָט געוואָלט מיט איהם רעדען. אין דרויסען האָט שוין אָנגעהויבען טאָגען, עס איז געוואָרען ליכטיגער. דער פּאָזשאַר איז שוין אויך געוואָרען שטילער, אַ סך ווייבער און מיידלעך זענען שוין אַוועקגעגאַנגען און חנה האָט אויך שוין געמוזט אַהיים געהן.

דוד איז נאָך געבליבען אַליין אויף דעם באַרג, עס האָט איהם אַזוי גיך נישט געקאָנט אַרויס פון דעם קאָפּ דאָס אַלץ וואָס ער האָט געהערט פון חנה׳ן.

– זי איז אַ נאַרר, האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין, – נאָר אומגליקליכע חנה! זי האָט זיך דערשראָקען, די ערצעהלונגען פון איהר עלטערער שוועסטער האָבען אַ שרעקליכען איינדרוק אויף איהר געמאַכט, און אַז אַ מענש שרעקט זיך איבער, אַהאַלט ער זיך וואו ער קען נאָר. זי וויל זיך אויך באַהאַלטען אין דעם "נישט חתונה האָבען". נאָר שרעקט זי זיך ווי אַ נאַרר פאר אַ בבא מעשה? אוי ניין! זי שרעקט זיך נעבעך פאר איין אמת׳ן בער, וואָס האָט גיפטיגע צאָהן און שאַרפע לאַפּים! לאָז זיך נאָר איינשטעלען אַ ווייבעל מקיים צו זיין די מקוה ווי עס דאַרף צו זיין, נאָר אָהן די מקבלישע דינים, אָהן דוואָשען, אָהן פּיוּוישען, וועט זי זיך נישט קענען אָבוואַשען אין צעהן וואַסערן פאר די פרומע שטאָדט-ווייבער. געהט זאָגט נאָר אַ וואָרט געגען דער מקוה, וועט מען אייך פשוט אויסרייסען די אויגען! יעדע נאַציע, יעדעס פאָלק האָט זיך זיין אַבערגלויבען, זיינע פאַרבלאָנזשענישען, נאָר ביי אַנדערע פעלקער האָבען ביים פּראָסטען עולם די אַבערגלויבענס איין אָרט נאָר אין מעשיות, לעגענדעס און זאָגען; ביי יודען אָבער איז יעדער פּוסטער אַבערגלויבען, יעדער נאַרישער מנהג –

אַ גַאנְצֶע תּוֹרָה אוּנ מֶען אִיז זַיי אַזוֹי שְׁטְרֶענְג מְקַיֵם מִיט אַלֶע פְּשָׁטְלִיךְ, אַז הַלְוַאי װאלְט מֶען אַזוֹי מְקַיֵם גֶעװֶען דִי אֶמֶתֶע תּוֹרָה, דִי אֶמֶתֶע קְלוּגֶע יוּדִישֶׁע דִינִים! דֶעמָאלְט װאלְטֶען דִי יוּדֶען טַאקִי גֶעװֶען אַזוֹינֶע מֶענְשֶׁען װִי עֶס פַּאסְט יוּדֶען זָאלֶען זַיין...

דָוִד, װֶעלְכֶער הָאט תָּמִיד לִיעבּ גֶעהַאט צוּ בֶּעטְרַאכְטֶען יֶעדֶע זַאךְ, הָאט אִיצְטָער אוֹיךְ גֶעװָאלְט װַייטֶער טְרַאכְטֶען, נָאר אַ שְׁטַארְקֶער קְלַאפּ אִין דֶער פְּלֵייצֶע הָאט אִיהם אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען. דָאס אִיז גֶעװֶען זַיין חַבֵר יוֹסִיל, אֵיין אֵיידֶעם אוֹיף קֶאסְט, אַ יוּנְגֶער מַאנן, עֶר הָאט שְׁטֶענְדִיג צוּזַאמֶען מִיט דָוִד'ן גֶעלֶערְנְט אִין קְלוֹיז, װַייל דָוִד הָאט זִיךְ גֶערֶעכֶענְט אִין זְלִידְנִיװֶקֶע פַאר אַשַׁארְף שְׁפִּיצֶעכִיג קָאפֶּעל.

– פְרֵייעַ זִיךְ, דָוִד, הָאט יוֹסִיל גֶעגֶעבֶּען אַ גֶעשְׁרֵייא.

– אוֹיף װָאס זָאל אִיךְ מִיךְ פְרֵייעֶן? אִיךְ װֵייס נִיט אוֹיף װָאס...

– סְטַייטְשׁ, דוּ װֶעהסְט נִישְׁט? דוּ בִּיזְט בְּלִינְד? דִיא גַאנְצֶע בָּאד אִיז שׁוֹין בַּאלְד אָבְּגֶעבְּרֶענְט בִּיז־אִין גְרוּנְד.

– מִיר דַאכְט זִיךְ אַז מִיר דַארְפֶען װֵיינֶען אָבֶּער נִישְׁט זִיךְ פְרֵייעֶן, װִי דוּ זָאגְסְט, אוּנְזֶער שְׁטֶעדְטִיל װֶעט גֶעננוּג פַארְשְׁװַארְצְט װֶערֶען אֵיידֶער מֶען װֶעט אוֹיסְבּוֹיעֶן אַ נַייעֶ בָּאד.

– דִיא בָּאד גֶעהְט דִיר טַאקִי אַזוֹי שְׁטַארְק אָב, װָאס דִיר גְלוּסְט זִיךְ צוּ װֵיינֶען?

– מָאהְל דִיר אַז אִיךְ קֶען זִיךְ בַּאגֶעהן אָהְן דֶער בָּאד גִיכֶער פוּן דִיר. אִיךְ הָאבּ אוֹיף זִיךְ נִישְׁט קֵיין שְׁװִינֶער זִי זָאל מִיךְ טְרַייבֶּען אַלֶע פְרִיה מָארְגֶען אִין מִקְוָה אַרַיין, נָאר פוּן דֶעסְטװֶעגֶען אִיז דָאךְ אַ חִילוּל הַשֵׁם, װָאס װֶעלֶען טְהוּן אַ שְׁטָאדְט מִיט װַייבֶּער? דוּ פַארְגֶעסְט אַז יוּדֶען, וּבִפְרַט נָאךְ יוּדִישֶׁע װַייבֶּער קֶאנֶנֶען נִישְׁט לֶעבֶּען אֲפִילוּ אֵיין טָאג אָהְן אַ מִקְוָה.

– נָא, װֶעט מֶען זִיךְ מוּזֶען בַּאגֶעהן אָהְן אַ מִקְוָה, הָאט יוֹסִיל אַרוֹיסְגֶעזָאגְט מִיט הַאֶרֶץ.

דָוִד אִיז דֶערְצִיטֶערְט גֶעװָארֶען הֶארֶענְדִיג יוֹסִילְס װֶערְטֶער, עֶר הָאט שׁוֹין גֶעװָאלְט אִיהם אָנְפַאלֶען מִיט אַ פוּל מוֹיל מִיט פַייעֶר, נָאר עֶר הָאט זִיךְ מִיט גֶעװַאלְד אַיינְגֶע־הַאלְטֶען אוּנ אִיהם גֶעפְרֶעגְט קַאלְטְבְּלִיטִיג:

– דוּ זָאגְסְט עֶס פַאר אַ װֶערְטִיל אָדֶער דוּ מֵיינְסְט עֶס עֶרְנְסְט?

– גַאנְץ עֶרְנְסְט, דָוִד, אִיךְ בִּין אִיצְט נָאר נִישְׁט אוֹיפְגֶעלֶעגְט צוּ זָאגֶען װֶערְטְלָעךְ.

– נָא, אוֹיבּ אַזוֹי בִּיזְט דוּ גָאר אַ גְרָאבֶער יוּנְגַאטְשׁ אוּנ אִיךְ הָאבּ מִיט דִיר גָאר־נִישְׁט װָאס צוּ רֶעדֶען. דוּ פַארְגֶעסְט װָאס דִי מִקְוָה אִיז בַּיי יוּדֶען? װִיפִיעל הוּנְדֶערְטֶער יָאהְרֶען דֶער מִנְהָג אִיז שׁוֹין בַּיי יוּדֶען? דוּ װֵייסְט װָאס פַאר אַ טְהַייעֶרֶער אַיידְלֶער גֶעדַאנְקֶען עֶס לִיגְט אִין דֶעם װִיכְטִיגֶען מִנְהָג פוּן דֶער מִקְוָה? װֶען דוּ גְלוֹיבְּסְט נִישְׁט מִיר, גְלוֹיבּ װָאס דָאקְטוֹירִים זָאגֶען. זַיי װוּנְדֶערְן זִיךְ װָאס צְװִישֶׁען יוּדֶען זֶענֶען דָא אַזוֹי װֶענִיג שְׁלַאפְקַייטֶען אוּנ װֶען עֶס טְרֶעפְט זִיךְ ח"ו אַיין עֶפִּידֶעמְיֶע אוֹיף דֶער װֶעלְט, שְׁטַארְבֶּען יוּדֶען װֶענִיגֶער. אִין דִי פְרִיהֶערֶע יָאהְרֶען, װֶען דֶער פַאנַאטִיזְמוּס אִיז נָאךְ זֶעהְר גְרוֹיס גֶעװֶעזֶען אוֹיף דֶער װֶעלְט, אַז מֶען הָאט גֶעזֶעהְן אַז יוּדֶען שְׁטַארְבֶּען אֲפִילוּ

קַיין צֶעהְנְטֶעל נִישְׁט פוּן דֶער עֶפִּידֶעמְיֶע, הָאט מֶען זַיי חוֹשֵׁד גֶעוֶוען אַז זַיי הָאבֶּען עֶפִּים אַזוֹיְנְס אָבְּגֶעטְהוּן אַז אַנְדֶערֶע זָאלֶען שְׁטַארְבֶּען אוּנ זַיי נִישְׁט; יוּדֶען הָאבֶּען פַאר דֶעם חָשַׁד שְׁטַארְק גֶעלִיטֶען. נָאר נִישְׁט דָאס בִּין אִיךְ אוֹיסֶען, אִיךְ וִויל דִיר נָאר וַוייזֶען אַז אֲפִילוּ דִי הַיינְטִיגֶע דָאקְטוֹירִים זָאגֶען אַז דֶער מִנְהָג פוּן דֶער מִקְוֶה אִיז זֶעהְר אַ נִיצְלִיכֶער פַאר דֶעם פָאלְק. אוּנ נָאךְ מֶעהְר פַאר דֶעם פְּרָאסְטֶען עוֹלָם וֶועלְכֶער פִיהְרְט שְׁטֶענְדִיג אַיין אוּמְרֵיין לֶעבֶּען, אִין אַיין ,עֶנְגֶער לוּפְט. וָואס וָואלְט פוּן זַיי גֶעוָוארֶען וֶוען מֶע זָאל נִישְׁט מוּזֶען עַל פִּי דִין גֶעהְן זִיךְ אָפְּט אָבְּוַואשֶׁען מִיט וַואסֶער? אוּנ דָאס לִיגְט שׁוֹין אִין דֶעם יוּדִישֶׁען כַארַאקְטֶער אַז אָהְן שָׂכָר טְהוּט זִיךְ אַ יוּד קַיין רִיהְר נִישְׁט, פַאר יֶעדֶער זַאךְ וִויל אַ יוּד שָׂכָר: שְׂכַר עוֹלָם הַבָּא אָדֶער שָׂכָר מִיט מְזוּמָנֶע גִילְדֶען. גְלוֹיבּ מִיר אַז וֶוען מֶען זָאל אוּנְזֶערֶע זְלִידְנִיוְוקֶער נִישְׁט גֶעוֶוען צְווָאגֶען שְׂכַר עוֹלָם הַבָּא פַאר דֶער מִקְוֶה, וָואלְטֶען זַיי גֶעוִויס נִיט, נָאר נִישְׁט גֶעגַאנְגֶען אִין מִקְוֶה, נָאר אֲפִילוּ קַיין מָאל נִישְׁט אָבְּגֶעוַואשֶׁען דָאס פָּנִים...

יוֹסִיל הָאט זִיךְ צוּלַאכְט.

— הָאסְט גָאר נִישְׁט וָואס צוּ לַאכֶען, יוֹסִיל, אִיךְ דֶערְצֶעהְל דִיר גָאר נִישְׁט דַארוּיף דוּ זָאלְסְט לַאכֶען, אִיךְ וִויל דִיר טַאקִי גָאר עֶרְנְסְט דֶערְוַוייזֶען, חָאטְשׁ דוּ וַוייסְט עֶס אַלַיין זֶעהְר גוּט, אַז אַ יוּד וָואלְט זִיךְ בֶּאֱמֶת קַיין מָאל נִישְׁט גֶעוַואשֶׁען דָאס פָּנִים וֶוען עֶר זָאל נִישְׁט גְלוֹיבֶּען אַז עֶר וֶועט דֶערְפַאר הָאבֶּען שְׂכַר עוֹלָם הַבָּא. זָאג מִיר נָאר, הָאסְט דוּ אַמָאל גֶעזֶעהְן אַ גוֹי, אֲפִילוּ אַ פְּרָאסְטֶען מוּזְשִׁיק, וֶוען עֶר שְׁטֶעהְט אוֹיף אִין דֶער פְרִיה, זָאל זִיךְ נִישְׁט אָבְּוַואשֶׁען אוּנ פַארְקֶעמֶען, אוֹיסְשְׁוֶוענְקֶען דָאס מוֹיל, אוֹיסְטְרֶעסְלֶען דֶעם פֶּעלְץ, צוּ דִי סְווִיטֶע אוּנ אַרוֹיסְגֶעהְן אוֹיף דֶער גַאס וִוי אַ מֶענְשׁ? וִוי אַזוֹי פִיהְרְט זִיךְ אָבֶּער אַ יוּד, וֶוען עֶר שְׁטֶעהְט אוֹיף פוּן דֶעם שְׁלָאף? נָאר פְרִיהֶער מוּז אִיךְ דִיר דֶערְצֶעהְלֶען, אוֹיבּ דוּ וַוייסְט נִישְׁט, אַז יוּדֶען בִּכְלַל צְוָואגֶען, קֶעמֶען זִיךְ נִישְׁט. אַ יוּד, אַ יוּדֶענֶע קֶעמְט זִיךְ נָאר פוּן אַיין שַׁבָּת צוּם אַנְדֶערְן, אוּם פְרַייטָאג נֶעמְט דָאס וַוייבּ דֶעם טָאפּ לָאקְשֶׁען יוֹךְ אוּנ צְווָאגְט זִיךְ אוּנ דִי קִינְדֶערְלֶעךְ לִכְבוֹד שַׁבָּת, דֶעם מַאנְן לָאזְט מֶען אוֹיךְ אַבִּיסִיל אִיבֶּער ,עֶר זָאל זִיךְ אוֹיךְ אוֹיסְצְוָואגֶען לִכְבוֹד שַׁבָּת. אִין דֶער צַייט וַואשְׁט מֶען זִיךְ שׁוֹין אוֹיךְ אָבּ דִי הֶאנְד אוּנ דָאס פָּנִים אוֹיךְ לִכְבוֹד שַׁבָּת אוּנ מֶען טְהוּט זִיךְ אָן אַ וַויים הֶעמְד. אִיךְ מֵיין, לִיעבֶּער יוֹסִיל, וֶוען אַז נִיט צוּ לִיעבּ דֶעם הֵיילִיגֶען שַׁבָּת, וָואס עַל פִּי דִין מוּז מֶען זִיךְ וַואשֶׁען, רֵיין מַאכֶען, אָנְטְהוּן רֵיינֶע קְלַיידֶער — אוּנ דֶערְפַאר פַאר דֶעם אַלֶלֶעמֶען קְרִיגְט מֶען שָׂכָר — וָואלְטֶען אוּנְזֶערֶע זְלִידְנִיוְוקֶער יוּדֶען מִיט זֵייעֶרֶע וַוייבֶּער אוּנ קִינְדֶער אֲפִילוּ אוּם פְרַייטָאג זִיךְ אוֹיךְ נִישְׁט גֶעצְוָואגֶען, נִישְׁט גֶעוַואשֶׁען, אוּנ וֶוער וַוייסְט אוֹיבּ זַיי וָואלְטֶען אֲפִילוּ אָנְגֶעטְהוּן אַ וַויים הֶעמְד. זַיי גֶעוָואהְנֶען זִיךְ אַזוֹי אַיין אִין זֵייעֶר קוֹיטִיג לֶעבֶּען, אַז זַיי פִיהְלֶען נִישְׁט זֵייעֶר אַיינֶענֶע בְּלָאטֶע, זִי מֶעג זַיי לִיגֶען אוֹיף דֶעם פָּנִים. אַ גְרוֹיס גְלִיק אִיז דֶער טְהַייעֶרֶער שַׁבָּת פַאר יוּדֶען! צוּ לִיעבּ אִיהְם מַאכְט זִיךְ דֶער יוּד חָאטְשׁ אַ בִּיסִיל רֵיין! נָאר וִוי אַזוֹי פִיהְרְט זִיךְ אַ יוּד אַ גַאנְצֶע וָואךְ? עֶר גִיסְט אוֹיס אֶפְשַׁר צֶעהְן קְוָוארְט נֶאגֶעל-וַואסֶער, וֶוען עֶר חַאפְּט זִיךְ אוֹיף פוּן דֶעם

שלאף, נאר פריוו גיב א קוק וואס האט ער דא אבגעוואשען? נאר די שפיץ נאגעל (על פי דין) אונ די האנד מיט דעם פנים זענין ווייטער געבליבען מיט דער נעכטיגער בלאטע. א גליק וואס עס איז דא ביי יודען א דין אויף נאגעל-וואסער, פאר וועלכען עס פארשטעהט זיך, קומט א שכר, ווען ניט דער דין מיט דעם שכר, וואלט א יוד זיך די נאגעל אויך נישט אבגעוואסען. פאר דעם דאווענען אונ דערנאך פאר'ן עסען אונ נאך דעם עסען מוז זיך א יוד וואשען על פי דין, ד. ה. טהון א מצוה אונ מען האט דערפאר שכר, דערפאר איז דאס דער יוד מקים אונ וואשט זיך פאר דעם עסען, פאר דעם דאווענען א. ד. ג. — ווי גוט אונזערע חכמים, וואס האבען געשטעלט די דינים, האבען געקאנט אונזער פאלק אונ זיין לעבען, זעהט מען עבען ארויס פון די דינים. ווער ווייסט אויב א יוד וואלט זיך אמאל אבגעוואשען ווען נישט די דינים? הלואי וואלטען זיי נאך געוועזען פורגעשריבען אז אבפוצען די שטיוויל, פאר-קעמען זיך אלע טאג דעם קאפ, אבבארשטען דאס מלבוש, פארקעהרען אלע טאג פאר דער שטוב, האלטען ריין אין שטוב — איז אויך א דין, א מצוה, פאר וועלכע מען האט שכר, וואלטען געוויס אונזערע יודען ריינער געוועזען אונ נישט געהאט אזוינע גרינע פארטריקענטע פנימער. אונזערע יודען נישט נאר זיי טהוען נישט די נוצליכע זאכען, וועלכע זענין נישט פירגעשריבען מיט א דין אונ פאר וועלכע מען האט נישט צוגעזאגט קיין שכר, נאר ווען איינער טהוט יא אזא זאך, הייסט עס גאר א פארברעכען. ווי אפט זאגט מען אב א שוחט, אדער א רב דערפאר וואס ער פוצט זיך, ד. ה. ער פיהרט זיך ריין, געהט איין ארענטליך ריין מלבוש, טראגט צוגעקאמט די האר אונ די בארד. וואס האבען מיר אליין דערפאר וואס מיר טראגען ריינע קאלנער, פוצען אלע טאג די שטיוועל אונ קעמען זיך? וואס זאגט מען אויף אונז? גאנצע דייטשען געווארען, אפיקורסים, געהען אויסגעפוצט ווי א טאק! ריין, ציכטיג ארום זיך געהן איז ביי יודען א פארברעכען. וואס דען? שלעפען אויף זיך די בלאטע מיט דעם ארימקייט — דאס איז גערעכענט פאר א מצוה! קוק זיך נאר צו ווי עהרליכע יודען פיהרען זיך: ביי זיי אין שטוב געפינט זיך קיין מאל נישט קיין קליידער-בארשט, אדער א שוך בארשטעל אונ נאך וואס טויג עס גאר? דערסגלייכען א קאמעל איז אויך נישט נאטהיג, אפשר וואלגערט זיך אמאל אין א יודישער שטוב ביי דער בעל-בית'טע אונטערן קוימען, וואו עס טריקענט זיך וועש, א ברייט קאמעל מיט עטליכע צובראכענע צאהן אונ דאס גאנצע הויז-געזינד באניצט עס פון איין פרייטאג צום אנדערן; עס קומען אבער פיר אזוינע צופאללע אים מענשליכען לעבען ווען אפילו דער פרומסטער יוד פארשטעהט אז מע דארף זיך מאכען ריין, ווי למשל אז מען דארף געהן אויף א חתונה, אויף א ברית, צו א גוטען פריינד אויף א שמחה, דעמעלט נעמט דער יוד אראב פון זיך די קאפאטע אונ טרעסעלט זי אויס אונ דערמיט איז ער שוין פטור, מיט די שיך אדער שטיוועל איז אויך קיין גרויסע דאגה נישט — ער נעמט דאס גרויסע נאז-טיכל אונ ווישט זיי אב אונ טאקי מיט דעם אייגענעם טיכל דאס היטעל אונ ער איז ווייטער ריין. דעם קאפ, די בארד אונ פאות פארגלעט ער

מִיט דֶער הַאנְד אוּנ אִיז פַּארְטִיג, אוּנ שְׁרַייט שׁוֹין צוּם וַוייב: אִיךְ בִּין שׁוֹין אָנְגֶעטְהוֹן. אָט דָאס הֵייסְט בַּיים יוּדֶען זִיךְ רֵיין מַאכֶען! גֶעוַואלְד, יוֹסִיל, וָואס וָואלְט פוּן אוּנְזֶערֶע יוּדֶען, אוּנ מֶעהְר נָאךְ פוּן אוּנְזֶערֶע וַוייבֶּער גֶעוָוארֶען, וֶוען אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים זָאלֶען נִישְׁט גֶעוֶוען פִירְשְׁרַייבֶּען גֶעווִיסֶע דִינִים אוֹיף זִיךְ רֵיין צוּמַאכֶען? וָואס פַאר אַ קִינְדֶער וָואלְטֶען פוּן זֵיי אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען בַּיי זֵייעֶר שְׁמוּצִיגֶען לֶעבֶּען, וֶוען דִי פְרוֹי זָאל נִישְׁט זַיין גֶעצְווּאוּנְגֶען עַל פִּי דִין צוּ גֶעהֶן זִיךְ אָרֶענְטְלִיךְ וַואשֶׁען אִין מִקְוָה? אוּנ דוּ זָאגְסְט אַז מִיר דַארְפֶען זִיךְ בַּפְרַייעֶן וָואס דִי בָּאד אִיז אָבְּגֶעבְּרֶענְט! נֵיין, בְּרוּדֶער, דִי מִקְוָה אִיז אַ גְרוֹיס גְלִיק פַאר יוּדִישֶׁע פְרוֹיעֶן, אוּנ וָואס אוּנְזֶער מִקְוָה בְּרֶענְט אִיז אַ גְרוֹיס אוּמְגְלִיק!

– צוּ פִיעל, דָוִד, הָאסְט דוּ דִיךְ צוּדַרְשֶׁנְת אִיבֶּער דֶער מִקְוָה, דוּ בִּיזְט אַזְשׁ אַרַיינְגֶעקְרָאכֶען אִין דֶער גֶעשִׁיכְטֶע ווִי מֶען אִיז יוּדֶען מְקַנֵא גֶעוֶוען פַאר דֶער מִקְוָה, אוּנ וֶוען עֶס אִיז גֶעוֶוען אַ שְׁלַאפְקַייט אוֹיף דֶער וֶועלְט זֶענִין יוּדֶען ווִינְצִיגֶער גֶעשְׁטָארְבֶּען א. ז. וו. נָאר, לִיעבֶּער דָוִד, דֶעם נוּצֶען פוּן דֶער מִקְוָה, פוּן זִיךְ רֵיין וַואשֶׁען, ווַייס אִיךְ אוֹיךְ, נָאךְ מֶעהְר – חוּץ דֶעם אַלֶעם וָואס דוּ הָאסְט אוֹיסְגֶערֶעכֶענְט, בִּין אִיךְ נָאךְ גֶעקוּמֶען צוּ דֶער אִיבֶּערְצַייגוּנְג, אַז דָאס וָואס יוּדִישֶׁע קִינְדֶער הָאבֶּען זֶעלְטֶען פַארְשְׁטָאפְּטֶע קֶאפּ, קֶען מֶעגְלִיךְ זַיין אַז דָאס אִיז דַאנְק דֶער מִקְוָה.. יָא, דָוִד, פַאר יוּדֶען אִיז אַ גְרוֹיס אוּמְגְלִיק אָהֶן אַ מִקְוָה וּבִפְרַט נָאךְ פַאר אוּנְזֶערֶע זְלִידְנִיוְוקֶער, נָאר אִיךְ מוּז פָארְט זָאגֶען דֶעם אֶמֶת אַז דִי מִקְוָה, דֶעם טְהַייעֶרֶען דִין וָואס דוּ לוֹיבְּסְט אַזוֹי, לִיגְט מִיר שׁוֹין אִין הַארְצֶען אוּנ אִין אַלֶע אֵבָרִים, עֶס אִיז מֶעהְר נִיט אִיבֶּערְצוּטְרָאגֶען... לָאז בְּרֶענֶען דִי בָּאד בִּיז אִין גְרוּנְד אַרַיין, עֶס זָאל פוּן אִיהְר אַשׁ וֶוערֶען! הָאט יוֹסִיל גֶעעֶנְדִיגְט מִיט כַּעַס... עֶר הָאט זִיךְ אַבִּיסִיל אָבְּגֶערוּהְט אוּנ ווַייטֶער גֶעזָאגְט:

– אִיז דֶען בַּיי יוּדֶען דָא אַזוֹינֶע מִקְוָאוֹת ווִי מֶע הָאט אוּנְז מִיט שֵׂכֶל פִירְגֶעשְׁרִיבֶּען? נֵיין, טוֹיזֶענְד מָאל נֵיין. אַנְשְׁטַאט וָואס דִי מִקְוָה אִיז בֶּעשְׁטִימְט גֶעוָוארְן מֶען זָאל זִיךְ רֵיין מַאכֶען, דֶערְפְרִישֶׁען, וָואס דָאס אִיז אַ גְלִיק, אַ פֶערְגְנִיגֶען פַאר דֶעם מֶענְשֶׁען, אִיז בַּיי אוּנְז פוּנְקְט פַארְקֶעהְרְט, פוּן דֶער מִקְוָה גֶעהְט מֶען אַרוֹיס אוּמְרֵיינֶער ווִי מֶען אִיז גֶעוֶוען פְרִיהֶער אֵיידֶער מֶען אִיז אִין אִיהְר אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען; אַלֶע צָרוֹת, שְׁלֶעק אוּנ שְׁלַאפְקַייטֶען בַּאקוּמְט מֶען פוּן דֶער מִקְוָה. אַנְשְׁטַאט וָואס דִי מִקְוָה דַארְף זַיין אַ תַּעֲנוּג פַאר דֶעם מֶענְשֶׁען, אִיז זִי בַּיי אוּנְז יוּדֶען אַ מוּטְשֶׁענִינֶע, אַיין אָבְּקוּמֶענִישׁ, אַזוֹי אַז קֵיינֶער וָואלְט אִין מִקְוָה נִישְׁט גֶעגַאנְגֶען עֶר זָאל נִישְׁט הָאבֶּען מוֹרָא פַאר אֵיין עֲבֵרָה, פַאר לַייטִישֶׁע רֵייד. אִיז דֶען אַנְדֶערְשׁ מֶעגְלִיךְ, אַז שְׁטֶענְדִיג גֶעפִינְט זִיךְ אִין דֶער מִקְוָה מֶעהְר בְּלָאטֶע ווִי וַואסֶער? אוּנ נִיט קֵיין פְּרָאסְטֶע בְּלָאטֶע ווִי מֶען זֶעהְט אוֹיף דֶער גַאס נָאךְ אַ רֶעגֶען, נָאר בְּלָאטֶע פוּן מֶענְשֶׁענְס לַייבֶּער, פוּן מֶענְשֶׁענְס שְׁוַוייס; דוּ ווַייסְט וָואס פַאר אַ כַּם דָא גֶעפִינְט זִיךְ? וֶוער עֶס ווִילְל גֶעהְט אִין דֶער מִקְוָה, שְׁלַאפֶע, קְרֶעצִינֶע, פַארְפַּאסְקוּדִיטֶע, מִיט אָנְשְׁטֶעקֶענְדֶע קְרַאנְקְהֵייטֶען, קֵיינֶעם פַאלְט גָאר נִישְׁט אַיין אַז אַזוֹינֶע קְרַאנְקֶע טָאר מֶען נִישְׁט אַרַיינְלָאזֶען אִין אַ בָּאד וואוּ עֶס גֶעהֶען גֶעזוּנְדֶע מֶענְשֶׁען. בַּיי יוּדֶען הֵייסְט דָאס אוֹיךְ אַיין עֲבֵירָה, וֶוער טָאר שְׁטֶערֶן אַ יוּדֶען צוּ טְהוּן אַ מִצְוָה? אַז פוּן דֶער מִצְוָה קֶען אַ גַאנְצֶע שְׁטָאדְט מִיט גֶעזוּנְדֶ׳

מֶענְשֶׁען קְרַאנְק װֶערֶען – דָאס גֶעהְט קֵיינֶעם נִישְׁט אָן, דָאס אוּמְגְלִיק אִיז נָאךְ אַז דִי אַלֶע פַארְפֶּעסְטֶעטֶע, פַארְפַּאסְקוּדֶעטֶע הַאלְטֶען זִיךְ פוּן דֶער װַייטֶענְס אוֹיף דֶער גַאס, אִין קְלױז אוּנ אִיבֶּערְהױפְּט װאוּ עֶם גֶעפִינֶען זִיךְ מֶענְשֶׁען, אַזױ אַז גֶעזוּנְדֶע מֶענְשֶׁען קֶאנֶען זִיךְ פוּן זֵיי נִישְׁט אָנְשְׁטֶעקֶען. אִין מִקְוָה אָבֶּער צוּלֵייגֶען זֵיי זִיךְ מִיט „זַייעֶר פַארְמֶעגֶען" פוּנְקְט װִי בַּיים טַאטֶען אִין װַיינְהױז, אָהְן חַרְפָּה אוּנ בּוּשָׁה, אַז פְּשׁוּט דִי גְרִינֶע נַאל קְרִיכְט אַרױס קוּקֶענְדִיג. דָא זֶענִין זֵיי אַזױ פְרַיי דֶערְפַאר וָואס קֵיינֶער וֶועט זִיךְ נִיט אוּנְטֶערְשְׁטֶעלֶען זֵיי צוּ שְׁטֶערן, װַייל זֵיי טְהוּעֶן דָאךְ אַ מִצְוָה, װִי עֶם פַּאסְט פַאר עֶהְרְלִיכֶע יוּדֶען. – הַיינְט װִיפִיעל גֶעלְד קָאסְט דִי מִקְוָה יֶעדֶען יוּדֶען, דָאס אִיז דִי צְװֵייטֶע טַאקְסֶע וָואס שִׁינְדְט פוּן זֵיי לֶעבֶּעדִיג דִי הױט, דִי שְׁטָאדְט בַּעֲלֵי בָּתִּים פַארְדִינְגֶען אַלֶע יָאהְר דִי בָּאד אוּנ מֶען גֶעמְט אַ שֶׁאנֶע סוּמֶע גֶעלְד, אַלֶע וָואךְ גֶעהְט מֶען אַרוּם מִיט פּוּשְׁקֶעס פוּן דֶער בָּאד װֶעגֶען, אוֹיף צוּ װַארֶעמֶען דִי בָּאד; דַארְף מֶען דִי בָּאד צוּרֶעכְט מַאכֶען, גֶעהְט מֶען װַייטֶער אַרוּם נָאךְ גֶעלְד, מֶען נֶעמְט שׁױן נִישְׁט־קֵיין גְרָאשֶׁענְס נָאר קֶערְבְּלֶעךְ. גֶעהְט מֶען אִין בָּאד אַרֵיין קָאסְט גֶעלְד דֶערְפַאר וָואס מֶען בָּאדְט זִיךְ אָב – אָדֶער בֶּעסֶער – דֶערְפַאר וָואס מֶען מוּטְשֶׁעט זִיךְ אָב; אַ פְּרוּי קוּמְט גֶעװױס נִישְׁט אָב מִיט צֶעהְן גְרָאשֶׁען, װִי מִיר מַאנְכְּבִּילן, אִיהְר קָאסְט דִי בָּאד נִישְׁט װֶוינִיגֶער פוּן פוּפְצִיג קָאפּ. נָאךְ דֶעם אַלֶעם אוּנ פוּן דִי אַלֶע גֶעלְדֶער אִיז קֵיין מָאל קֵיין װַאסֶער נִישְׁט דָא, נִישְׁט קֵיין קַאלְטֶע אוּנ נִישְׁט קֵיין װַארֶעמֶע, מֶען אִיז גְלִיקְלִיךְ װֶען מֶען דֶערְטַאפְּט אַבִּיסל בְּלָאטִיגֶע װַאסֶער אִין אַ שֶׁאפֶּעל וָואס רִינְט פוּן דְרַיי זַייטֶען. שְׁטֶענְדִיג רִינְט פוּן דֶער סֶטֶעלְיֶע אוֹיפ׳ן קָאפּ, שְׁטֶענְדִיג אִיז דֶער פָּאל אוּנ דִי טְרֶעפּ פוּל מִיט שְׁטִיקְלֶעךְ צוּבְּרָאכֶענֶע בְּרֶעטְלֶעךְ, פַארְשְׁלָאגֶען מִיט קְרוּמֶע טְשְׁװֶעקֶעס אַז מֶען רַייסְט פוּן זִיךְ דָאס פְלֵייש, שְׁטֶענְדִיג מִיט אַ טְשַׁאד אָדֶער אַזױ קַאלְט אַז מֶען קֶען דֶערְפְרָארֶען װֶערֶען. װאוּ קוּמֶען אַהִין דִי אַלֶע גֶעלְדֶער וָואס מֶען נֶעמְט צוּנױף פַאר דֶער בָּאד? פְּרִיװוּ נָאר טְהוּ אַ פְרֶעג, גִיט מֶען דִיר בַּאלְד אַ גְרֵייטֶען חֶשְׁבּוֹן, אַז דִי מִקְוָה הָאט דְרַיי מָאל אִין דֶער וָואךְ נִישְׁט־גֶעהַאלְטֶען דִי מָאס, הָאט מֶען גֶעמוּזְט אַרָאבּ בְּרֶענְגֶען עֶטְלִיכֶע רַבָּנִים פוּן אַלֶערְלֵיי שְׁטֶעדְט כַּשֶׁרן דִי מִקְוָה, אוּנ אֵיין מָאל אִיז גֶעװֶען אַזַא הַארְבֶּע שַׁאֲלָה אוֹיף דֶער מִקְוָה, אַז מֶען הָאט גֶעמוּזְט אַרָאבְּבְּרֶענְגֶען דֶעם רֶבִּין אַלֵיין, אוּנ דָאס קָאסְט דָאךְ בְּװַדַאי אַ סַךְ גֶעלְד! אָט אוֹיף אַזוֹיגֶע זַאכֶען גֶעהְט אַװֶעק דָאס גַאנְצֶע גֶעלְד, נָאר אוֹיף צוּ רֵיינִיגֶען דִי בְּלָאטֶע פוּן דֶער מִקְוָה, טְרַאגְט נִישְׁט. נֵיין, נִישְׁט אַזוֹיגֶע מִקְוָאוֹת װִי מִיר זֶעהֶען אִיצְטֶער בַּיי יוּדֶען הָאט מֶען יוּדֶען פִירְגֶעשְׁרִיבֶּען עַל פִּי דִין, אַיידֶער אַזוֹיגֶע מִקְוָאוֹת אִיז גְלַייבֶער זֵיי זָאלֶען בְּרֶענֶען אוּנ בְּרֶענֶען...

– זֵיי זִיךְ מוֹדֶה, יוֹסִיל, אַז פוּן דִיר רֶעדְט דֶער כַּעַס, דוּ װִילְסְט נִישְׁט בַּארֶע־בֶּענֶען אַז אָהְן דֶער װִיסְטֶער מִקְוָה וֶועט בַּיי אוּנְז אִין זְלִידְנִיװֶקֶע זַיין נָאךְ עֶרְגֶער.

– עֶס קֶען זַיין, נָאר זִי הָאט מִיר אַזױ דֶערְגֶעסֶען אַז אִיךְ װִיל זִי נִישְׁט קֶענֶען, לָאז זִי בְּרֶענֶען...

– מִיט וָואס הָאט זִי דִיר אַזױ מֶעהְר דֶערְגֶעסֶען װִי מִיר? אִיךְ בִּין דָאךְ אוֹיךְ

אַ זְלִידְגִיוְוקֶער, אונ גֶעה אויךְ אָפְּט אִין מִקְוָה אונ לַייד פון אִיהְר גְלַייךְ מִיט אַלֶע, פון דֶעסְטְווֶעגֶען ...

– וָואס גְלַייכְסְט דוּ דִיךְ צוּ מִיר ? דוּ פַארגֶעסְט וָואס פַאר חִילוּק עֶס אִיז וֶועגֶען דֶער מִקְוָה צְווִישֶׁען אַ בָּחוּר אונ אַ יוּנְגֶען מַאנְן פון אַ פְרוֹי וָואס זִיצְט אויף קֶאסְט אונ הָאט אַ שְׁווִיגֶער ! קֶאן אִיךְ דִיר דֶען אַלְץ אִיבֶּערְגֶעבֶּען וויפִיעל אִיךְ מִיט מַיין פְרוֹי לַיידֶען דֶערְפון, דוּ קֶאנְסְט מִיךְ נִישְׁט פַאר אַזַא בֶּאזֶען אַז אִיךְ זָאל הָאבֶּען אַ נְקָמָה פון אַ שְׁטָאדְט אוּמְגְלִיק, נָאר מִסְתָּמָא לִיגְט מִיר דִי בָּאד גוּט אִין הַארְצֶען אַז אִיךְ ווילְל אַזוֹי פון אִיהְר פְּטוּר וֶוערִין, אִיךְ ווילְל אֲפִילוּ נִישְׁט בֶּאטְרַאכְטֶען וָואס דֶער סוֹף וֶועט זַיין, לָאז זַיין עֶרְגֶער אַבִּי דִי מִקְוָה זָאל נִיט זַיין.

---

# VI.

## נָאךְ דֶעם אוּמְגְלִיק.

דָוִד מִיט יוֹסְלִין וָואלְטֶען נָאךְ לַאנְג גֶערֶעדְט אויפֶּן בַּארְג, ווַייל זַייא הָאבֶּען נָאךְ זֵייעֶר שְׁמוּעֵס נִישְׁט גֶעעֶנְדִיגְט, נָאר אַ פְּלוּצִימֶער גְרוֹיס גֶעוַויין מִיט אַ גֶעשְׁרֵיי וָואס מֶען הָאט דֶערהֶערְט פון דֶער זַייט וואוּ דֶער פָּאזְשַאר אִיז גֶעוֶוען, הָאט זַייא אִיבֶּערגֶע־שְׁלָאגֶען. זַייא הָאבֶּען זִיךְ דֶערשְׁרָאקֶען, ווַייל זַייא הָאבֶּען גֶעמֵיינְט אַ הויז הָאט זִיךְ אָנְגֶעהַאפְּט, נָאר ווִיא פַארוואוּנְדֶערְט זֶענִין זַייא גֶעוָוארֶען אַז זַייא הָאבֶּען דֶערזֶעהן אַז קֵיין פַייעֶר זֶעהְט מֶען שוֹין כִּמְעַט נִישְׁט, חוּץ דִיא הָאלְאוֶועשְׁקִים וָואס זֶענִין גֶעלֶעגֶען בֶּארְגַווייז אונ מֶען הָאט בִּיסְלֶעכְוַוייז גֶעלָאשֶׁען. דָאס גֶעשְׁרֵיי אִיז אָבֶּער אַלֶע מָאל גֶעוָוארֶען גְרֶאסֶער אונ גְרֶאסֶער.

זַיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט אַרָאבּ פון דֶעם בַּארְג, דְרוֹיסֶען הָאט שוֹין גֶעטָאגְט אַזוֹי אַז מֶען הָאט שוֹין גֶעקֶאנְט דֶערקֶאנֶען פון שְׁווַארְץ בִּיז וַויים. זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהן ווִי אויף אֵיין אָרְט, טַאקִי בַּיים פָּאזְשַאר, לויפְט זִיךְ צוּזַאמֶען דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם, עֶס וֶוערְד אַגְרוֹיס רֶעדֶעל. פון דֶערְמִיט הָארְט מֶען אַגְרוֹיס גֶעוַויין מִיט קוֹלוֹת עַד לַשָּׁמַיִם, אַז מֶען קֶען נִישְׁט פַארשְׁטֶעהן וֶוער אונ פַאר וָואס מֶען וַויינְט. מִיט פִּיעל מִיה הָאבֶּען זִיךְ דִי יוּנְגֶע לַייט דוּרְכְגֶעשְׁטוּפְּט דוּרְךְ דֶער עֶנְגְשַאפְט אונ הָאבֶּען דֶערזֶעהן ... אַגְרוֹיל מִיט אַ שְׁרֶעק הָאט זַייא אָנְגֶעהַאפְּט קוּקֶענְדִיג ! זַייא הָאבֶּען גֶעזֶעהן ווִיא יֶעקִיל דֶער לַאנְגֶער אונ יֶעקִיל דֶער קָאלִיקֶע זֶענִין גֶעלֶעגֶען אויסְגֶעצוֹיגֶען ווִי לַאנְג זַיי זֶענִין נֶעבֶּען דֶער בּוֹיד מִיט אַלֵיידִיג פָּאסֶעל וַואסֶער. יֶעקִיל דֶער לַאנְגֶער הָאט נָאךְ גֶעזְשִׁיפֶּעט אונ פון יֶעקִיל דֶעם קָאלִיקֶע הָאט מֶען שוֹין קֵיין אָטְהֶעם נִישְׁט גֶעהֶערְט, אונ טְרַייטֶעל מִיט טְרַיינֶען הָאבֶּען זַייא בֶּאוַויינְט :

– וָואס וֶועל אִיךְ אִיצְטֶער טְהוּן ? וואוּ וֶועל אִיךְ נֶעמֶען פַאר מַיין ווַייבּ אונ קִינְדֶער בְּרוֹיט ? אַז קֵיין פֶערְד הָאבּ אִיךְ שוֹין נִישְׁט, הָאט טְרַייטִיל גֶעוַויינְט, אִיךְ הָאבּ דִיר שוֹין לַאנְג גֶעזָאגְט, טְרַיינֶע, אַז מִיר זָאלֶען פַארקויפֶען דִיא שְׁטוּב פון דֶער

מלמדישער גאס, וואלטען דיא ווייסע חברה פארשפארט זיין מיט זיי גוטע ברידער און וואלטען זיי איצטער ביים פאזשאר נישט פארמוטשעט . . . און איצטער...

– א דונער האט מיך דערשלאגען אין מיין טיפען הארצען, האט טריינע ביטער געוויינט, א קלייניקייט! פינף פאסלעך וואכער געבראכט אין איין נאכט! מען קען אפילו פארמוטשען פערד ובפרט נאך שקאפעס, וואס זענין איידעל געצויגען געווארען ווי ביי מיר! דעם לעצטען ביסען פון זיך האב איך זיי אוועקגעגעבען, אבי זיי זאלע ניט זיין הונגעריג, און איצטער – א גרויסער שלאק האט מיך געטראפען, וואו וועל איך געמען מיט מיינע קינדערלעך און מיט מיין מאנן ברויט, אז איך בין נאר געבליבען ביי דער שטוב? ווער וועט זי קויפען? און ווידער ווי אזוי פארקויפט מען דאס לעצטע שטיקל נחלה? געוואלד, יורען! וואס וועל איך טהון? האט זי ווייטער געוויינט, וואס האב איך אזוי פארזינדיגט ביי דעם וואס לעבט אייביג מעהר ווי אלע יורען? די באד איז אבגעברענט געווארען, וואס־זשע בין איך שולדיג? פאר וואס האבען די ווייסע חברה מיינע שקאפעס, מיין לעצט שטיקיל היונה פארמוטשעט?

– וויין ניט, טריינע, האט זיך פלוצים ווי אונטער דער ערד געיאוויט דוואשע די טיקערין מיט א גרויס געוויין, מסתמא האבען מיר פארזינדיגט, מסתמא זענין מיר מעהר נישט ווערטה ביי דעם וואס לעבט אייביג. איך פלעג דען ניט שרייען, אלע טאג דען נישט זאגען די ווייבער אז מיר פארזינדיגען זיך, און אט זענין מיינע בייד מקוים געווארען און מיר האבען דערלעבט זיין גרויסען צארן. די באד איז אבגעברענט געווארען און מיר זענין אהן א מקוה געבליבען, וואס וועלען מיר טהון? און דיין טרייטיל איז אהן שקאפעס געבליבען. מכתמא זענין מיר נישט מעהר ווערטה. מיר האבען עפים דעות צו זאגען זיין ליעבען נאמען, ער באשאפט אלע באשעפענישען אויף דער וועלט און געמט צו אלע באשעפענישען פון דער וועלט, דיינע שקאפעס האט ער אויך באשאפען, היינט וואס האט מען צו וויינען אויף גאטס מעשים? און איך זינדיגע, וואס אומגעוואשען גערעדט בין ניט ווערטה זיין נאמען צו דערמאנען, האב עפים צו זאגען גאטס דעות? עס ברענט די באד, וויל ער עס זאל ברענען, מכתמא זענין מיר ניט ווערטה צו האבען א מקוה, כדי מיר זינדיגע זאלין זיך נאך מעהרער קענען פארזינדיגען פאר דעם וואס לעבט אייביג, אז קיין שום תשובה מיט קיין שום עונש זאלען אונזערע שווערע זינד נישט קענען אבוואשען. איך, דוואשע, האב דען ניט געשריען, אלע טאג מיט זיי זיך די גאל אויסגעגריסען, לאז מען פרעגען פייוויש, ער איז מיין עדות, און זיי געזאגט: ווייבלעך, איהר זענט נאך יונגע קינדער, איהר פארזינדיגט אייך אייערע יונגע יאהר, און טהוט ניט ווי די הייליגע תורה שרייבט אונז נשים פיר, און פייוויש האט זיי אויך געזאגט, אט לאז ער זאגען, וואס שווייגסט דו, פייוויש? זאג, צו איך האב דיר נישט געזאגט?

פייוויש וואס איז געשטאנען פון ווייטענס, אז ער האט דערהערט ווי דוואשע רופט זיין נאמען, איז ער צוגעגאנגען נעהנטער:

– איך האב געשריגען: עס ברענט, האט ער אנגעהויבען דערצעהלען מיט זיין

הייזעריג פֿאנפֿאטע קול, אונ קיינער האט נישט געוואָללט גלויבען, קיינער האט מיך נישט געוואָללט הערען, טרייטיל אויך נישט. איך האב שוין אומעטום געשריען „עס ברענט", איך האב שוין קיין כח נישט געהאט צו שרייען, איך בין שוין הייזעריג געוואָרען. איצט זעהט איהר אז איך האב נישט געשריגען קיין ליגענד...

— ניט דאס פֿייוויש, האט דוואָשע איהם איבערגעשלאָגען, געדענקסט דו ווי איך האב זיי פֿריהער געזאָגט אז זיי פֿארזינדיגען זיך די יאהרען אונ זיי האבען מיר נישט געוואָללט גלויבען?

פֿייוויש איז געבליבען שטעהן ווי תמעוואטע אונ האט איין וואָרט נישט פֿאר־שטאנען וואס דוואָשע האט גערעדט.

— נא וואס שטעהסט דו, פֿייוויש, ווי א ליימענער גולם? זאג, דערצעהל, וואס האט חיים געצים טאכטער דיר געזאגט, האב קיין מורא נישט, מיר האבען זיך שוין בלויז אלע פֿארזינדיגט פֿאר דעם וואס לעבט אייביג, דערצעהל האטש דו אלץ, אז מען וויללט מיר נישט גלויבען, לאָזען אלע וויסען, טאמער דורך דעם וועט דער רבונו של עולם אויף אונז רחמנות האבען אונ אונז פֿארגעבען אונזערע שווערע זינד.

פֿייוויש האט זיך אנגעהויבען דערמאנען ווי אויס דעם שלאף:

— יא, דוואָשע, האסט מיך טאקי דערמאנט, חיים געצים טאכטער, יוסיל דעם איידעמס ווייב, דא ערשט נישט לאנג ווען זי איז געגאנגען צוריק האט זי פֿארגעסען... האב איך איהר נאכגעשריען אונ געזאגט אז זי האט מיך אפֿילו נישט געזעהן ווי איך שטעה ביי דער טהיר, וואָרום ווי האט זי מיך געקאנט זעהען אז איך האב זי ערשט נאך דעם דערזעהן? האט זי מיר געענטפֿערט בזה הלשון:

— איך האב מיך נישט וואס אומצוקעהרען צו ליעב דיר, פֿאנפֿאטש, איך וועל באגעגענען א שענערן יודען פֿון דיר, פֿאנפֿאטש, מיט דעם פֿארשמאלצעוויטען זומער־דיגען פעלץ, אונ... איז זיך טאקי אזוי אוועקגעגאנגען.

— היינט זעהט איהר שוין איבער וועמען עס ברענט די באד? איז דוואָשע מיט פֿייער אריינגעפֿאלען פֿייווישען אין די רייד, איבער וואס אונזערע שווערע זינד זענין אזוי גרויס? אז א יודישע טאכטער זאל זאגען בקול רם אז עס שטעהט איהר נישט אן זיך אנריהרען אין אזא טהייערן יודען ווי פֿייוויש איז. מיינע איינקלעך זאלען מיר נאר אזוי זיין, רבונו של עולם, וואלט איך שוין גאר נישט געוואָללט מעהר ביי דעם וואס לעבט אייביג. א יוד, וואס מעהר פֿון יודישע ווארטער הארט מען נישט פֿון זיין מויל, אין אזא כשרן טהייערן יודען שטעהט זיי נישט אן זיך אנריהרען על פי יודישקייט! פֿאניטשים אדער פֿריצים ווילען זיי איך זאל זיי שטעלען ביי דער טהיר פֿון דער באד! אט וואס פֿאר א זינדיגע יאהרען מיר האבען דערלעבט, אט פֿאר וואס מיר זענין נישט זוכה ביי זיין גרויס גענאד צו האבען א מקוה, אונ זי איז אבגעברענט געוואָרען, גאטט ווייסט דעם אמת אז איך מיט פֿייווישען זענין ריין פֿון אלע זינד; גענוג וואס ער האט אונז איצטער ביידען געשטראפֿט, וואס מיר זענין געבליבען אהן פֿרנסה, אז עס קומט אונז איצטער נאר אין די הייזער ארומצוגעהן. נאר, רבונו של עולם! מיר

נֶעמֶען עֶס אָן פַאר לִיעבּ, דֶער וָואס שְׁפַּייזְט אַ גְרֶאוֶועלֶע הִינְטֶערן בּוים, דֶער וֶועט אוּנְז מִיט זַיין שְׁטַארְקֶער הַאנְד אויךְ שְׁפַּייזֶען, אַבִּי עֶר זָאל אוּנְז מוֹחֵל זַיין.

וֶוער עֶס הָאט נָאר גֶעהֶערְט דְרָואשֶׁען מִיט פַּייוִוישֶׁען הָאט גֶעקְלָאגְט אויף דִי גְרוֹיסֶע זִינְד, נָאר טְרַייטֶעל מִיט טְרַיינֶען הָאבֶּען גֶעווים נִישְׁט גֶעהֶערְט, דְרוּם זֶענִין זַייא נִישְׁט גֶעטְרֶאסְט גֶעוָוארֶען אוּנ הָאבֶּען טַאקִי נִישְׁט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ וַויינֶען אויף זַייעֶר גְרוֹיס אוּמְגְלִיק.

פְּלוּצִים הָאט אֵיינֶער, וֶועלְבֶער הָאט פוּן לַאנְג גוּט גֶעקֶענְט טְרַייטִילְס שְׁקַאפֶּעס אוּנ אִיז בִּיז אַהֶער גֶעשְׁטַאנֶען טְרוֹיעֶרִיג אוּנ גֶעקוּקְט אויף בֵּיידֶע „יֶעקְלִין" ווִי זַייא לִיגֶען אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט, אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן מִיט פְרֵייד:

– עֶס קֶען זַיין אַז זַייא זֶענֶען נָאךְ לֶעבֶּעדִיג, וַוייל יֶעקִיל דֶער קַאלִיקֶע הָאט שְׁטֶענְדִיג לִיעבּ אַזוֹי צוּ לִיגֶען, פוּן דֶעסְטְווֶעגֶען שְׁטֶעהְט עֶר שְׁטֶענְדִיג אויף וֶוען מֶען דַארְף פָאהְרֶען.

– אִיךְ הָאבּ אויךְ אַזוֹי גֶעמֵיינְט, הָאט טְרַייטִיל גֶעעֶנְטְוֶוערְט, נָאר אַז אִיךְ הָאבּ דֶערזֶעהן ווִיא יֶעקִיל דֶער לַאנְגֶער לִיגְט, הָאבּ אִיךְ גֶעווָאוּסְט אַז אִיךְ הָאבּ שׁוֹין קַיין פֶערְד נִישְׁט, וָוארוּם יֶעקִיל דֶער לַאנְגֶער לִיגְט דָאךְ קַיין מָאל נִישְׁט, אוּנ אַז אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעקוֹיפְט אִין בּוּלַאנָאווְקֶע אוֹיפ׳ן יְרִיד, הָאט מִיר דֶער לִיוֶוערַאנְט אַזוֹי גֶעזָאגְט אוּנ מִיר דֶערצֶעהלְט אַז דָאס פֶערְד קוּמְט אַרוּיס גָאר פוּן אַגְרוֹיסֶען פְּרִיצִישֶׁען שְׁטַאל, דֶער פָּרִיץ אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיסֶער גֶענֶעְרַאל אוּנ וֶוען עֶס אִיז גֶעוָוארֶען דִי סֶעוַואסְטָאפָּאלֶער מִלְחָמָה, הָאט עֶר בַּאדַארְפְט גֶעהן אִין דֶער מִלְחָמָה, אוּנ הָאט צוּשְׁרִיבֶּען אִין אַלֶע לֶאנְדֶער אַז עֶר וִויל קוֹיפֶען אַ טְהַייעֶר פֶערְד וָואס זָאל נִיט מוֹרָא הָאבֶּען פַאר קַיין פַייעֶר אוּנ קַיין וַואסֶער, עֶס זָאל זַיין שְׁטַארְק ווִי אֵיין הֶעלְפַאנְט אוּנ לוֹיפֶען גִיךְ ווִי אַ הִירְשׁ, מֶען הָאט אִיהם גֶעשְׁרִיבֶּען אַז אִין לַאנְד מִצְרַיִם וואוּ עֶס וַואקְסֶען הֶעלְפַאנְטֶען, גֶעפִינֶען זִיךְ בַּיי דִי אַרַאבֶּער (אַזוֹינֶע שְׁוַוארְצֶע ווִילְדֶע מֶענְשֶׁען) אַזוֹינֶע פֶערְד. עֶר הָאט בַּאלְד גֶעשִׁיקְט אַהִין זַיין אָפִיצִיר מִיט אַ סַךְ חַיִל, אוּנ עֶר הָאט דָארְט גֶעקוֹיפְט אַ פֶערְד פַאר עֶטְלִיכֶע זֶאקְלֶעךְ רֶענְדְלֶעךְ – אָט טַאקִי דֶעם יֶעקִיל דֶעם לַאנְגֶען. נָאר ווִי אַזוֹי אִיז עֶר אָנְגֶעקוּמֶען צוּ מִיר וֶועט אִיהר הֶערֶען. דֶער פָּרִיץ, דֶער גְרוֹיסֶער גֶענֶערַאל, הָאט מִלְחָמָה גֶעהַאלְטֶען אוּנ הָאט מִיט דֶעם פֶערְד דִיא גַאנְצֶע מִלְחָמָה אֵיינְגֶענוּמֶען אוּנ אַ סַךְ מֶעדַאלְיֶען מִיט טְשִׁינִים הָאט עֶר דֶער פַאר בַּאקוּמֶען, נָאר דָאס פֶערְד אִיז שְׁטַארְק גֶערַאנְיֶעט גֶעוָוארֶען אִין אַ פוּס, דֶער גֶענֶערַאל הָאט בַּאפוֹילֶען מֶען זָאל עֶס אִין אַ טְהַייעֶרֶען שְׁטַאל אַרַיינְשְׁטֶעלֶען אוּנ דָאקְטוֹירִים זָאלֶען עֶס הַיילֶען. עֶס הָאבֶּען אָבֶּער קַיין שׁוּם מִיטְלֶען נִישְׁט גֶעהָאלְפֶען, פוּן דֶעם פוּס הָאט גֶערוּנֶען, מֶען הָאט אִיהם פַארְבּוּנְדֶען מִיט אַ שְׁמַאטֶע אוּנ דָאס פֶערְד אִיז וַוייטֶער גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהן אִין שְׁטַאל, מֶען הָאט מִיט אִיהם גָאר נִישְׁט גֶעאַרְבֵּייט, נָאר אֵיין מָאל אִין יָאהְר הָאט מֶען עֶס אֵיינְגֶעשְׁפַּאנְט אִין אַ טְהַייעֶר׳ן פְּרִיצִישֶׁען וָואגֶען. אַזוֹי וָואלְט דָאס פֶערְד שְׁטֶענְדִיג גֶעלֶעבְּט אוּנ וָואלְט גֶעווִיס צוּ מִיר נִיט אָנְגֶעקוּמֶען, נָאר פְּלוּצִים הָאט זִיךְ אִין פְּרִיצִישֶׁען שְׁטַאל זַאנַאדְרֶעט אַלֶע נַאכְט אַ „דָאמָאוָואי" (הַיוֹ־שֵׁד) אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דָאס פֶערְד

מוטשען, א גאנצע נאכט פלעגט ער אויף איהם פאהרען רייטענדיג איבער פעלדער און וואלדער, איבער בארג און טהאלען, ער איז מיט איהם אפשר דיא גאנצע וועלט אויסגעפאהרען, און אז עס האט אנגעהויבען צו טאגען, פלעגט איהם דער דאמאוואי צוריק אנידער שטעלען אין דער אייגענער שטאל, פארפלעכטען איהם אלע האר פון דער גריווע, אז עס איז נישט מעגליך געווען זיי אופצופלאנטען. עס זענין אוועק־געגאנגען עטליכע נאכט: דאס פערד האט דורך דעם „דאמאוואי" אנגעהויבען שטארק צו דארען, ער איז געווארען אזוי ווי איהר קענט עס איצטער. דער גענעראל האט דאס באמערקט און האט באפוילען מע זאל אין שטאל אריינשטעלען א ווייסען באראן מיט לאנגע האר, כדי דער דאמאוואי זאל קיין שליטה נישט האבען צום פערד, נאר עס האט נישט געהאלפען. דער „דאמאוואי" איז געפאהרען רייטענדיג אי אויפן פערד אי אויפן באראן און האט זיי ביידע געמוטשעט, ביידע די האר פארפלאכטען. בקיצור דער באראן איז א באראן, נאר דאס פערד האט ווייטער געדארט און געדארט נאך ערגער ווי פריהער. אין דער אייגענער צייט האט געדיענט ביי דעם גענעראל א יודישער סאלדאט, זעהר א גרויסער חשוב, און דער גענעראל פלעגט קיין שום זאך אהן איהם נישט טהון, ער האט דעם יודען עטליכע מעדאליען געגעבען נאך דעם סעוואסטאפאלער קריעג, ווייל דער יודישער סאלדאט האט באקומען אפשר אכצעהן ראניעס. נאך דער מלחמה אז דער סאלדאט האט אויסגעדיענט זיינע פינף און צוואנציג יאהר און בעדארפט נעמען אטסטאווקע, האט ער זיך באטראכט וואס וועט ער ווייטער טהון, פון וואס וועט ער לעבען אז קיין געלד האט ער נישט, א היים אויך נישט (פינף און צוואנציג יאהר פון דער היים, א קלייניגקייט!) א ארימאן איז ער, דאס און יענץ קען ער נישט טהון, זיין גאנץ פארמעגען באשטעהט אין עטליכע מעדאליען, מיט א סך ראניעס, נאר מיט אזוינע זאכען וואס קען א מענש טהון אויף א וועלט וואו מען דארף לעבען? דער סאלדאט האט געטראכט און געטראכט ביז ער האט זיך דערמאנט אז ער איז א גרויסער חשוב ביים גענעראל, ער איז צו איהם אריבער־געגאנגען און האט איהם געזאגט: „גרויסער פריץ! אזוי ווי איך האב דעם קייסער און דיר אבגעדיענט פינף און צוואנציג יאהר, איך האב באקומען אכצעהן ראניעס מיט עטליכע מעדאליען פאר מיין טרייען דיענסט, איצט דארף איך ארויס פון דיענסט, איך האב נישט קיין געלד, און ווייס נישט וואו געלד צו נעמען, האב אויף מיר רחמנות!" דער גענעראל האט איהם באלד אוועקגעשענקט זיין פערד פון מצרים, דער סאלדאט האט זיך זעהר דערפרייט פון דעם גרויסען חסד, ער האט זיך שוין ווי אזוי עס איז געקריגען א וואגעלע, איינגעשפאנט דאס פערד און געווארען א בעל עגלה פון ירידים און קליינע יודישע שטאדטלעך. ווי עס פיהרט זיך מיט א בעל עגלה, פלעגט ער אויספאהרען די גאנצע וועלט, ביז ער איז געקומען קיין זלידניוועקע אויפ'ן יריד. איך, טרייטיל, בין דעמעלט אויך געקומען מיט מיינע פארשוינען און האב דעמעלט געוואלט בייטען מיינע פערד נאר איך האב קיין בעלן נישט געפונען, האב איך זיי פארקויפט. איך געה אזוי ארום אויפ'ן יריד אנקוקען פערד, האב איך דערזעהן

פְריהֶער יֶעקִיל דֶעם קַאלִיקֶע, אִיךְ הָאב אִיהְם בַּאלְד גֶעקויפְט. פְּשוּט אַ מְצִיאָה, אונ טְרַאכְט מִיר אַזוֹי: אִיךְ זָאל גֶעפִינֶען צוּ אִיהְם אַ פָּאר, וָואלְט גָאר גֶעוֶוען גוּט. אִיךְ גֶעה אונ גֶעה אונ דֶערְזֶעה אַזוֹי פְּלוּצִים דֶעם יוּדִישֶׁען סָאלְדַאט מִיט דֶעם פֶערְד. בְּרוּדֶער! זָאג אִיךְ אִיהְם, ווילְלְסְט דוּ נִישְׁט פַארְקויפֶען דַיין פֶערְד? אִיךְ דַארְף עֶס הָאבֶּען צוּ אַ פָּאר אונ ווייז אִיהְם מַיין אָדְלֶער, מִיר הָאבֶּען זֵיי צוּגֶעמָאסְטֶען אונ זֵיי הָאבֶּען גֶעפַּאסְט ווִי גְלַייךְ אֵיין מַאמֶע הָאט זֵיי גֶעהַאט. אִיךְ הָאב מִיךְ גֶעדוּנְגֶען אונ גֶעדוּנְגֶען בִּיז אִיךְ הָאב עֶס גֶעקויפְט. ווֶען מִיר הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען „מָאגָארִיטְשׁ" הָאט מִיר דֶער סָאלְדַאט גֶעזָאגְט: „פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען, ר' טְרַייטִיל, חָאטְשׁ זֵיי פַּאסֶען זִיךְ אֵיינְס צוּם אַנְדֶערְן, זָאלְט אִיהְר זֵיי נִישְׁט פֶערְגְלַייכֶען". אונ עֶר הָאט מִיר אָנְגֶעהויבֶּען דֶערְצֶעהְלֶען דִי גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה, פּוּנְקְט ווִי אִיךְ הָאבּ אַייךְ דֶערְצֶעהְלְט, ווִי אַזוֹי דָאס פֶערְד קוּמְט צוּ אִיהְם אונ אַ סִימָן אַז עֶר נַארְט מִיךְ נִישְׁט אָב, אַז דָאס פֶערְד לֶעגְט זִיךְ קֵיין מָאל נִישְׁט, אונ אַז עֶס וֶועט זִיךְ אַנִידֶערְלֶעגֶען וֶועט עֶס שׁוֹין קֵיין מָאל נִישְׁט אויפְשְׁטֶעהְן, ווַייל עֶס קוּמְט אַרויס פוּן דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם וואוּ עֶס וַואקְסֶען ווִילְדֶע עֶלֶעפַאנְטֶען, וָואס לֶעגֶען זִיךְ קֵיין מָאל נִישְׁט אונ ווֶען זֵיי לֶעגֶען זִיךְ אִיז אַ סִימָן אַז זֵיי זֶענֶען גֶעשְׁטָארְבֶּען. אַז דָאס פֶערְד הָאט בַּאקוּמֶען אַ רַאנֶע אִין סֶעוַואסְטָאפָּאל בַּיי דֶער מִלְחָמָה, זֶעהְט מֶען דֶערְפוּן וָואס עֶס גֶעהְט נָאךְ עַד הַיּוֹם פַארְבּוּנְדֶען מִיט אַ שְׁמַאטֶע, דִי גְרֶיוֶוע אִיז עַד הַיּוֹם פַארְפְלָאנְטֶעט אַז קֵיין מֶענְשׁ קָאן זִי נִישְׁט אויפְפְּלָאנְטֶען, דֶערְפַאר הָאבּ אִיךְ מוֹרָא אַז ווֶען עֶס אִיז אַ מִצְרַיִם פֶערְד אונ הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט, וֶועט עֶס קֵיין מָאל נִישְׁט מֶעהְר אויפְשְׁטֶעהְן, חָאטְשׁ עֶס זְשִׁיפֶּעט נָאךְ...

— יָא, יָא, הָאבֶּען זִיךְ דִי ווַייסֶע חֶבְרָה אָנְגֶערוּפֶען טְרוּירִיג, דִי מַעֲשֶׂה אִיז טַאקִי אֱמֶת, עֶר גֶעהְט טַאקִי פַארְבּוּנְדֶען דֶעם פוּס מִיט אַ שְׁמַאטֶע, עֶר הָאט טַאקִי אַ פַארְפְלָאנְטֶעטֶע גְרִיוֶוע, עֶס אִיז טַאקִי אֱמֶת...

טְרַיינֶע וָואס הָאט בִּיז אַהֶער שְׁטִיל אויסְגֶעהֶערְט דִי מַעֲשֶׂה, הָאט נָאךְ מֶעהְר גֶעקְרֶעכְצְט וָואס פוּן גָאטְס בַּאשֶׁעפֶענִישֶׁען קָאן אַזוֹי וֶוערֶען.

אַיינִיגֶע הָאבֶּען גְלַאט עֶטְלִיכֶע זִיפְץ גֶעטְהוּן דַארוּיף וָואס יֶעקִיל דֶער לַאנְגֶער אִיז אִיבֶּערְגֶעקוּמֶען פוּן דֶעם גֶענֶערַאל צוּ טְרַייטְלֶען אונ פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען לַאנְד מִצְרַיִם אִין דֶעם קְלֵיינֶען יוּדִישֶׁען שְׁטֶעדְטִיל זְלִידְנִיוְוקֶע.

דַאכְט זִיךְ וָואס הָאבֶּען זְלִידְנִיוְוקֶער פְרוּמֶע יוּדֶען אונ ווַייבֶּער צוּ זִיפְצֶען אִיבֶּער אַ מַעֲשֶׂה פוּן אַ טְמֵא חַיָּה? נָאר צוּהֶערֶענְדִיג דִי מַעֲשֶׂה הָאט זִיךְ זֵיי עֶפִּים אַלֵיין גֶעזִיפְצְט.

אִין אֵיינֶעם מִיט זַייעֶר זִיפְצֶען הָאט יֶעקִיל דֶער לַאנְגֶער גֶעטְהוּן דֶען לֶעצְטֶען זִיפְץ....

* * *

דְרוֹיסֶען אִיז שׁוֹין גֶעוָוארֶען ווַייסֶער טָאג. פוּן דִי בֶּערְג הָאלָאיֶעשְׁקִים אִיז שׁוֹין מֶעהְר נִישְׁט גֶעגַאנְגֶען ווִי אַ שְׁוַוארְצֶער רויךְ, דֶער עוֹלָם מִיט פַארְשְׁלָאפֶענֶע פְּנִימֶער הָאט זִיךְ אָנְגֶעהויבֶּען צוּ צוּגֶעהְן, עֶרְשְׁט אִיצְטֶער אַז עֶס אִיז אַבִּיסֶל גְרוֹימֶער גֶעוָוארֶען

הָאט מֶען גֶעקָאנְט זֶעהן ווִי בֶּערִיל פְּלַאסְטֶער, וָואס הָאט דִי גַאנְצֶע צַייט קָאמַאנְדָאוִיט מִיט גְרוֹיס גַדלוּת וְוי אַ גֶענֶערַאל אוּנ אוֹיף יֶעדֶען גֶעשְׁרִיגֶען, הָאט אִיצְט אַ פָּנִים גֶעהַאט וְוי אַ שְׁוַוארְץ יָאהְר: דָאס גַאנְצֶע פָּנִים, דִי הֶאנְד אוֹיסְגֶעשְׁמִירְט אִין בְּלָאטֶע אוּנ אִין סַאזְשֶׁע, דִי שְׁפִּיצֶעכִיגֶע יַארְמֶעלְקֶע צוּשְׁפָּאלְטֶען אַז דִי הָאר הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעשְׁטֶעקְט, דָאס הֶעמְד, דֶער טַלִּית קָטָן צֶערִיסֶען אַז מֶען הָאט דָאס אוֹיסְגֶעשְׁמִירְטֶע הַארְץ אַרוֹיסְגֶעזֶעהְן. טַאקִי פּוּנְקְט ווִי אַ גֶענֶערַאל וָואס נֶעמְט אַיין אַ קְרֶעפָּאסְט, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטִיל פַארְטְרַאכְט צוּ גֶעהְן אַהֵיים. דֶער פְּרִיסְטַאוו, דִי דֶעסַיאטְנִיקִים, דֶער בָּאד־גוֹי אוּנ עֶטְלִיכֶע יוּדֶען, זֶענִין צוּגֶעגַאנְגֶען אָנְקוּקֶען פְּלַאסְטֶערן; אֵיינִיגֶע הָאבֶּען גֶעלַאכְט, גְלַייכֶע וֶוארְטְלֶעךְ גֶעזָאגְט אוּנ חוֹזֶק גֶעמַאכְט פוּן אִיהְם, נָאר דֶער פְּרִיסְטַאוו הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אַ קְלַאפּ אִין דֶער פְּלֵייצֶע אוּנ גֶעלוֹיבְּט: „מָאלָאדֶיעץ בֶּערְקָא"! אִין אַיין וֶועגְס הָאט עֶר אִיהְם עֶטְלִיכֶע מָאל גֶעצוֹיגֶען בַּיים אוֹיעֶר, דָאס אִיז אַ סִימָן אַז „בֶּערְקָא" גֶעפֶעלְט שְׁטַארְק דֶעם פְּרִיסְטַאוו פַאר זַיינֶע „רַאסְפָּארְיַאזְשֶׁענְיֶעס" בַּיים פָּאזְשַׁאר. אַז דֶער פְּרִיסְטַאוו אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען הָאבֶּען דָאס אַיינֶענֶע אִיבֶּערְגֶעחַזֶרְט, דִי דֶעסַיאטְנִיקִים אוּנ אֲפִילוּ דֶער בָּאד גוֹי, ד. ה., אִיהְם גֶעשְׁרִיגֶען „מָאלָאדֶיעץ בֶּערְקָא" אוּנ גֶערִיסֶען בַּיים אוֹיעֶר; הָאטְשׁ בֶּערִיל הָאט זִיךְ וֶוען מֶען הָאט אִיהְם אָנְגֶענוּמֶען בַּיים אוֹיעֶר זֶעהְר פַארְקְרִימְט, נָאר עֶר אִיז פָּארְט גֶעוֶוען צוּפְרִידֶען, וַוייל דָאס זֶענִין גֶעוֶועזֶען זַיינֶע שְׁטֶענְדִיגֶע „נַאגְרַאדִים" נָאךְ יֶעדֶען פָּאזְשַׁאר.

דִי יוּדֶען וָואס זֶענִין דֶערְבַּיי גֶעשְׁטַאנֶען הָאבֶּען גֶעשְׁמֵייכֶעלְט, וַוייל זֵיי זֶענִין זֶעהְר צוּפְרִידֶען גֶעוֶוען וָואס דֶער יוּד בֶּערִיל, הָאטְשׁ עֶר אִיז אַ פְרוּמֶער חָסִיד, גֶעפֶעלְט פָּארְט דֶעם אָדוֹן דֶעם פְּרִיסְטַאוו אוּנ דִי אֲדוֹנִים — דִי דֶעסַיאטְנִיקִים, זֵיי הָאבֶּען פָּשׁוּט בֶּערְלֶען מְקַנֵא גֶעוֶוען פַאר דֶעם גְרוֹיסֶען כָּבוֹד וָואס עֶר הָאט אִיצְטֶער גֶעהַאט פוּן דֶעם אָדוֹן מִיט דֶער גַאנְצֶער נַאטְשַׁאלְסְטְווָא.

# VII.

## אַ שַׁבָּת׳דִיג פָּאר־פָאלְק.

אִין קְלוֹיז... שְׁטֶעלְט מֶען זִיךְ אִין זְלִידְנִיוְוקֶע פוּן תָּמִיד אָן דַאוְונֶען שַׁבָּת זַייגֶער נַיין, נָאר הַיינְט אִיבֶּער דֶעם פָּאזְשַׁאר הָאט מֶען זִיךְ פַארְשְׁלָאפֶען אוֹיף אַ שָׁעָה אוּנ מֶען הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט דַאוְונֶען זַייגֶער צֶעהְן. עֶס אִיז שׁוֹין אָבֶּער עֶלְף אַ זַייגֶער... חָאטְשׁ דֶער חַזָן שְׁטֶעהְט שׁוֹין פוּן אַ שָׁעָה פַאר דֶעם עָמוּד, נָאר מֶען הֶערְט פוּן אִיהְם נִישְׁט קַיין וָארְט... אַ גֶעוַואלְד, אַ גֶעפִילְדֶער אִין קְלוֹיז, עֶס טְהוּט זִיךְ ווִי מֶען זָאגְט אוֹיף מִישׁ אוּנ אוֹיף בֶּאנְק, דִי גַאנְצֶע קְלוֹיז גֶעהְט „הָאדְרָאם"! אוּנ אִיז דֶען עֶפִּיס אַ וואוּנְדֶער? אַ קְלֵיינִיקַייט! אַזַא נַייֶעס הָאט זִיךְ גֶעטְרָאפֶען אִין זְלִידְנִיוְוקַא, מִיט וֶועלְכֶען דָאס גַאנְצֶע לֶעבֶּען אִיז טָאג טֶעגְלִיךְ פַארְבּוּנְדֶען! דֶעם מִזְרָח שְׁטָאדְט יוּד, ר׳ אַבְרָהָם׳ל גְעלֶעס טְהוּט שׁוֹין וֶועה דִי הֶאנְד פַאטְשֶׁענְדִיג אִין סִידוּר:

שַׁאט שאט לָאז זַיין שְׁטִילֶער, לָאז מֶען הֶערֶען פוּן דֶעם זַין אַ וָוארְט, חָאטְשׁ קְדוּשָׁה!

נָאר וֶוער הֶערְט אִיהְם אִיצְטֶער מִיט זַיין שְׁרַייעֶן? אַלֶע רֶעדֶען, אַלֶע פִּילְדֶערְן, זָאגֶען דֵעוֹת, אֲפִילוּ יוּנְגְלֶעךְ, וַוייסֶע חֶבְרָה דְרֶעהֶען זִיךְ אוֹיךְ אִין דֶער מִיטְט. יֶעדֶער אִיז אַזוֹי פַארְטְרָאגֶען אוּנ קֵיינֶער הָאט קֵיין צַייט נִישְׁט צוּ זָאגֶען דֶער וַוייסֶע חֶבְרָה: שְׁקָצִים, לָאז זַיין שְׁטִילֶער!" נָאר וָואס הֶערְט מֶען פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען גֶעפִּילְדֶער, גֶעשְׁרַיי אוּנ גֶערוּדֶער? – בָּאד, בָּאד אוּנ וַוייטֶער בָּאד, וָואס וֶועט מֶען טְהוּן אָהְן אַ בָּאד. בּוֹיעֶן אַ נַייעֶ בָּאד, א. ז. וו.

אוּמְגְלִיקְלִיכֶע זְלִידְנִיוְוקֶער! זַיי הָאבֶען נֶעבִּיךְ שׁוֹין אִיצְט אוֹיף דֶער הַייסֶער שָׁעָה גֶעפִיהְלְט ווי דִי בָּאד גֶעהְט זַיי אָב ווִי דָאס לֶעבֶען. דֶער גַאנְצֶער שַׁבָּת׳דִיגֶער פַארְגְנִיגֶען אִיז פַארְשְׁטֶערְט גֶעוָוארֶען אִיבֶּער דֶער מִקְוָה, אוּנ וָואס פַאר אַ תַּעֲנוּג הָאט דֶען אַ יוּד אִין זְלִידְנִיוְוקֶע? וֶוען נִיט דִי מִקְוָה! אִיז דֶען גָאר אִיבֶּערְצוּגֶעבֶּען דֶעם יוּדֶענְס פַארְגְנִיגֶען שַׁבָּת פוּן דֶער מִקְוָה? עֶר חַאפְּט זִיךְ אוֹיף גַאנְץ פְרִיה, זוּמֶער וֶוען עֶס אִיז שׁוֹין גוּטֶער טָאג. עֶר טְהוּט זִיךְ אָן וַוייסֶע וֶועשׁ אוּנ דִי שַׁבָּת׳דִיגֶע שְׁטֶעקְשִׁיךְ, וָואס עֶר הָאט גֶעכְטִין אָנְגֶעטְהוּן לִכְבוֹד שַׁבָּת, דֶעם חַאלַאט מִיט דִי קָאטֶעסֶען, וָואס אֲפִילוּ דֶער גֶעמֵיינֶער בַּעַל בַּיִת, וֶועלְכֶער הָאט נִיט קֵיין גַאנְצֶען סוּרְדוּט, מוּז הָאבֶּען, אָט אַזוֹי אוֹיסְגֶעפּוּצְט שְׁפַּאנְט עֶר מִיט גַדְלוּת אִיבֶּער זְלִידְנִיוְוקֶע, אִיבֶּער אַלֶע גַאסֶען אוּנ גֶעסְלֶעךְ גְלַייךְ צוּ דֶער מִקְוָה. דֶער גְרוֹיסֶער גַאנְג צוּ דֶער מִקְוָה גֶעדוֹיעֶרְט גוּטֶע אָנְדֶערְטְהַאלְבֶּען שָׁעָה, חָאטְשׁ עֶר וָואלְט בַּאדַארְפְט הֶעכְסְטֶענְס גֶעדוֹיעֶרְן צֶעהְן, פוּפְצֶעהְן מִינוּט, גַאנְץ זְלִידְנִיוְוקֶע מִיט אַלֶע גֶעסְלֶעךְ אוּנ גַאסֶען אִיז דָאךְ נִישְׁט גְרָאסֶער פוּן אַ גֶענִיץ, אוֹיף וָואס גֶעהֶען אַוֶועק בַּיים יוּדֶען דִי אָנְדֶערְטְהַאלְבֶּען שָׁעָה? גְלוֹיבְּט מִיר אַז נִישְׁט אוֹיף אוּמְזִיסְט, וִוי אִיהְר וֶועט בַּאלְד אַלֵיין זֶעהְן, נָאר פְרִיהֶער מוּז אִיךְ אַייךְ דֶערְצֶעהְלֶען:

אַ יוּד אַ גַאנְצֶע וָואךְ (חוּץ שַׁבָּת) וֶוען עֶר דארְף עֶרְגֶעץ גֶעהְן, גֶעהְט עֶר נָאר גְלַייךְ, ד. ה. אַהִין וואוּ עֶר דַארְף גֶעהְן, וואוּ עֶר גֶעפִינְט זַיין פַּרְנָסָה, מִיט אַנְדֶערֶע וֶוארְטֶער – עֶר גֶעהְט נָאךְ צוּלִיעב זַיין אִינְטֶערֶעס, צוּלִיעב דֶעם שְׁטִיקֶל בְּרוֹיט, אוּנ עֶר דַארְף זִיךְ טַאקִי גֶענוּג אָנְגֶעהְן אֵיידֶער עֶר גֶעפִינְט עֶס. וֶוען דֶער יוּד גֶעהְט זִיךְ מִיט זַיין שְׁטֶענְדִיגֶען וֶועג, מֶעג מֶען פוּן אַלֶע זַייטֶען אַרוּם אִיהְם שְׁרַייעֶן, קְלַאפֶּען, שְׁפִּיעלֶען טַאנְצֶען אוּנ פוֹיקֶען, וֶועט עֶר זִיךְ נִיט נֶעמֶען אָן דֶער זַייט, עֶר וֶועט נִישְׁט אַרָאבְּגֶעהְן פוּן זַיין וֶועג, קֵיין שׁוּם צֶערְשְׁטְרֵייאוּנְג גֶעהְט אִיהְם נִישְׁט אִין קָאפּ אַרַיין, וַוייל זַיין קָאפּ אִיז שְׁטֶענְדִיג מִיט עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ פַארְטְרָאגֶען. בֶּעשׁוּלְדִיגְט אָבֶער נִישְׁט דֶעם יוּדֶען דֶערְפַאר וָואס, וִוי אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוֹיסְגֶעדְרִיקְט, עֶר גֶעהְט נָאר נָאךְ זַיין אִינְטֶערֶעס; מֵיינְט נִישְׁט אַז עֶר טְהוּט עֶס וַוייל עֶר אִיז אֵיין עֶגָאאִיסְט, וֶוען מֶען קָאן עֶמִיצֶען בֶּעשׁוּלְדִיגֶען אִיז דָאס גִיכֶער מִיךְ, וַוייל אִיךְ הָאבּ נִישְׁט גֶעפוּנֶען אִין אוּנְזֶער אָרִימֶער שְׁפְּרַאכֶע קֵיין בֶּעסֶערְן אוֹיסְדְרוּק וֶועגֶען דֶעם מִיט וָואס דֶער יוּד אִיז פַארְנוּמֶען, מִיט וָואס זַיין קָאפּ אִיז פַארְטְרָאגֶען וֶוען עֶר שְׁפַּאנְט אוּנ לוֹיפְט דִי גַאנְצֶע

וָואך. אֲפִילוּ זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער הָאבֶּען טַעֲנוֹת צוּ אִיהְם וֶוען עֶר קוּמְט אַהֵיים בַּיי נַאכְט פַאר וָואס קַיין שׁוּם זַאךְ אִינְטֶערֶעסִירְט אִיהְם נִישְׁט.

– טַאטֶע, מַיין כַּאנְן, זָאגֶען זֵיי צוּ אִיהְם, – אַ גַאנְצֶען טָאג זֶעהֶען מִיר דִיךְ נִישְׁט, דוּ לוֹיפְסְט, גֶעהְסְט אַרוּם, בִּיזְט פַארְטְרַאגֶען מִיט דַיינֶע גֶעשֶׁעפְטֶען, אוּנ אַז דוּ קוּמְסְט שׁוֹין אַהֵיים אוֹיף דֶער נַאכְט, פַאר וָואס זָאלְסְט דוּ נִישְׁט פַארְבְּרֶענְגֶען מִיט אוּנְז דִי צַייט, אָדֶער גֶעהְן מִיט אוּנְז עֶרְגִיץ, אָדֶער חָאטְשׁ זִיצֶען מִיט אוּנְז דֶעם אָבֶענְד? נֵיין, דוּ גֶעהְסְט בַּאלְד שְׁלָאפֶען, אָדֶער פַארְנֶעמְסְט זִיךְ וַוייטֶער מִיט דַיינֶע גֶעשֶׁעפְטֶען אִין דֶער הֵיים שְׁטָאט זִיךְ אָבְּצוּרוּהֶען; מֶעהְר ווִי דַיינֶע גֶעשֶׁעפְטֶען אִינְטֶערֶעסִירְט דִיךְ גָאר נִישְׁט אוֹיף דֶער וֶועלְט, מֶען מֶעג אַרוּם דִיר טַאנְצֶען, שְׁפְּרִינְגֶען, גֶעהְט עֶס דִיךְ גָאר נִישְׁט אָן – אִיט דָאס וַוארְפֶען אִיהְם פְאר דָאס ווַייבּ מִיט דִי קִינְדֶער. הַיינְט קָאנְגֶען שׁוֹין הָאבֶּען צוּ אִיהְם טַעֲנוֹת פְרֶעמְדֶע מֶענְשֶׁען פַארְווָאס עֶס גֶעהְט אִיהְם נִישְׁט אָן קַיין שׁוּם זַאךְ?

הֶערֶען מִיר אָבֶּער זַיין תְּשׁוּבָה:

– גְלוֹיבְּט מִיר, קִינְדֶער, אַז אִיךְ וָואלְט מִיט פֶּערְגְנִיגֶען פַארְבְּרַאכְט בַּיי אַייךְ דֶעם גַאנְצֶען אָבֶענְד, אֲפִילוּ דֶעם גַאנְצֶען טָאג, גְלוֹיבְּט מִיר אַז אִיךְ וָואלְט דָאס גֶעווָאלְט אֶפְשַׁר מֶעהְר פוּן אַייךְ, וָוארוּם אִיךְ וָואלְט דֶערְפוּן גֶעווִיס דָאס גְרֶעסְטֶע פֶּערְגְנִיגֶען גֶעהַאט, דֶערְסְגַלֵייבֶּען וָואלְט אִיךְ מִיךְ גֶערְן אָבְּגֶעגֶעבֶּען מִיט אַנְדֶערֶע זַאכֶען אוֹיךְ, מִיט זַאכֶען וָואס קָאנֶען יֶענֶעם נוּצֶען בְּרֶענְגֶען אוּנ מִיר פֶּערְגְנִיגֶען מַאכֶען, נָאר גְלוֹיבְּט מִיר אַז אִיךְ הָאבּ אוֹיף דִי זַאכֶען קַיין צַייט נִישְׁט, אִיךְ לוֹיף מִיךְ אָן אוּנ גֶעה מִיךְ אָן, אִיךְ הָארֶעוֶוע אוּנ פַארְמוּטְשֶׁע מִיר דֶעם קָאפּ אַ גַאנְצֶען טָאג אַלְץ צוּלִיעבּ דֶער פַּרְנָסָה, אוּנ וֶוען אִיךְ קוּם אַהֵיים פַארְגֶעס אִיךְ אִין אַלֶעם אֲפִילוּ אִין אַייךְ, מַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער, וּבִפְרַט נָאךְ אִין קְרוֹבִים אָדֶער גָאר אִין פְּרֶעמְדֶע מֶענְשֶׁען. וָואס בֶּעטֶען מִיךְ אַמָאל, אַ טוֹבָה, אִיךְ פַאל אַנִידֶער אוֹיפְן בֶּעט שְׁלָאפֶען, מִיךְ אוֹיסְרוּהֶען נָאךְ דֶעם שְׁוֶוערֶען טָאג.

– פוּן דֶערְסְטְוֶוענֶען אִיז נִישְׁט אַזוֹי דִי מַעֲשֶׂה ווִי דוּ זָאגְסְט, שְׁטֶעהֶען פוּן אִיהְם נִישְׁט אָבּ דָאס וַוייבּ מִיט דִי קִינְדֶער, דֶער וָואס וָואהְנְט אִין דֶער אַנְדֶערֶען שְׁטוּבּ פוּן אוּנְז, אוֹיךְ אַ יוּד פוּן פַּרְנָסָה, וָואס אִיז אוֹיךְ אַ גַאנְצֶען טָאג פַארְנוּמֶען מִיט גֶעשֶׁעפְטֶען, גֶעפִינְט פָארְט אַבִּיסֶעל צַייט זִיךְ צוּ אִינְטֶערֶעסִירֶען פַאר אַנְדֶערֶע זַאכֶען, עֶר זִיצְט דֶעם אָבֶענְד מִיט זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער צוּזַאמֶען, אָדֶער גֶעהְט מִיט זֵיי עֶרְגִיץ.

– פְרֶעגְט נִיט אַזוֹינֶע שְׁאֵלוֹת, מִסְתָּמָא הָאט יֶענֶער צַייט, מִסְתָּמָא קָאסְט אִיהְם זַיין צַייט קַיין גֶעלְד נִישְׁט, אָדֶער אַנְדֶערֶע הָאבֶּען צַייט פוּן זַיינְטְוֶועגֶען, צוּ אֶפְשַׁר הָאט עֶר אַ סַךְ גֶעלְד, אָדֶער קַיין מוֹרָא נִישְׁט פַאר פְּרֶעמְד גֶעלְד, אִיךְ ווַייס אַלֵיין נִישְׁט, נָאר אִיךְ הָאבּ אוֹיף אַזוֹינֶע זַאכֶען קַיין צַייט נִישְׁט. –

אוּנ דֶער יוּד גֶעהְט זִיךְ וַוייטֶער אַ גַאנְצֶע וָואךְ גְלַייךְ מִיט זַיין וֶוענִי קוּקְט זִיךְ אֲפִילוּ נִישְׁט אוּם, נִישְׁט רֶעכְטְס נִישְׁט לִינְקְס, עֶס אִינְטֶערֶעסִירְט אִיהְם נִישְׁט קַיין שׁוּם זַאךְ...

קוּמְט אָבֶּער שַׁבָּת וֶוערְד דֶער יוּד גָאר אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען, עֶס אִיז גָאר נִישְׁט דֶער זֶעלְבֶּער מֶענְשׁ פוּן דֶער גַאנְצֶער וָואךְ; שַׁבָּת פַארְבְּרֶענְגְט עֶר מִיט זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער,

נאר דאס איז נאָך װעניג, ער אינטערעסירט זיך פאַר יעדער זאַך װאָס זיינע אויגען זעהען אָדער זיינע אויערן הערען, פאַר וויכטיגע שטאָדטזאַכען, אַפילו דער ענגלישער מלכה װאָס פאַר איין מיטטאג זי עסט און װאָס פאַר קליידער זי טראָגט און נאָך פאַר אַזוינע פוסטע זאַכען, ער האט אַפילו צייט מיט זיין װייב און קינדער אַ װאָרט צו רעדען.

איצט קאָנט איהר פאַרשטעהן מיט װאָס אַ יוד קען פאַרברענגען שבת אָנדערט־האַלבען שעה בשעת ער געהט אין חלאַט פון דער היים אין מקוה, דער גאַנג אַליין דויערט טאקי אפשר פופצעהן מינוט, נאָר װאָס טהוט ער פאָרט אין דער איבריגער צייט?

למשל ער געהט זיך רוהיג זיין װעג און דערזעהט פּלוצים ליגען אויפן װעג חיים בעריל דעם שדכנס ציעג, דאַרף מען זיך אָבשטעלען, פאַר װאָס נישט? אַ יוד האט שבת צייט, װען דען אַז ניט שבת? אַ יוד דאַרף פון יעדער זאַך װיסען און זיך פאַר יעדער זאַך אינטערעסירען, נישט אומזיסט זאָגט מען אַז יודען זענין ציקאַװע! דאַרף מען אַ טאָרע טהון די ציעג, די ציעג שטעהט אויף און טרעסעלט זיך אָב, ער באַטראַכט זי פון דעם קאָפּ ביז צו די פיס, ער שאַצט זי אָב: חיים בעריל האט זיך פאַר מיר געריהמט אַז ער האט געהאַנדעלט זיין ציעג אַ כשרה מציאה אויף דעם בולאַנאָװקער יריד, זי קאָסט איהם פינף קערבלעך און גיט איהם פיער קװאַרט מילך אַ טאָג – צװיי אין דער פריה און צװיי פאַר נאַכט. קוקענדיג אויף דער ציעג שטעהט ער אַזוי אַביסל און טראַכט: ניין, עס קען נישט זיין אַז די ציעג זאָל געבען פיער קװאַרט מילך, איינס פון ביידע – אָדער זי גיט נישט אַזוי פיעל מילך, אָדער זי קאָסט מעהר פון פינף קערבלעך. אַי צו װאָס האט מיך חיים בעריל אָבצונאַרען און זיך באַריהמען אַז ער האט געהאַנדעלט אַ מציאה – װייס איך נישט. אפשר װיל ער זי פאַרבייטען און פערזיכערט דערפאַר אַז זי גיט פיער קװאַרט... אַזוי גערט ער זיך װייטער און עס פאַרשטעהט זיך אַז פריהער גיט ער נאָך אַמאָל אַ טאָרע די ציעג, אַז זי אַליין זאָל מיינען ער איז אַ מבין אויף איהר.

װייטער געהענדיג דערזעהט ער װי שמערקע טאַראַראַם, װעלכער בויעט איבער זיין שטיבל איז שוין האַלב פאַרטיג, אַ האַלבער דאַך איז שוין געדעקט, דריי װאַנד זענין שוין אַרומגעקלעבט מיט ליים, לאָבער אויף פענסטער זענין שויך אויך דאַ און גלאַט אַזוי אַ לאַנגער סלופּ איז אָנגעשפאַרט צו דער שטוב, נאַ דאַרף מען זיך אָבשטעלען און קוקען װי שמערקע טאַראַראַם בויעט זיין שטוב, פאָרט אַ בן עיר, װי װעט ער מיך אַמאָל נישט פרעגען: הירשעל! װי געפעלט דיר מיין שטוב? און װען האט אַ יוד צייט צו באַטראַכטען אַזוינע זאַכען אַז ניט שבת? ער נעמט צונויף דעם חלאַט אין איין האַנד, דרעהט מיט דער אַנדערער האַנד ביידע קװאַסטען און דעם קאָפּ פאַרריסען װי איין אַרכיטעקטאָר שטעלט ער זיך באַטראַכטען די סטראָיעניע, מסתמא געפעלט זי איהם נישט, װאָרום נאָך זיין פּלאַן דאַרפען גאַר די פענסטער, דער דאַך א. ז. װ. אויסקומען אַנדערש. היינט װאָס האט דאַ צו טהון דער סטאַלב? אויף װאָס איז ער? ביי דעם סטאַלב שטעלט ער זיך טאקי, ער קלערט אַהין און אַהער און בלייבט װייטער נישט צופרידען מיט שמערקעס סטראָיעניע, ער באַרעכענט אין דער

גִיךְ אויפֿן קָאפּ אונ אויף די פִינגער וויפִיעל עֶס טְרֶעפְט אָן דֶער רַאךְ, די וֶואנְד, די פֶּענְסְטֶער אונ דָאס גַאנְצֶע הויז אונ קְלֶערְט אַז טָאמֶער וֶועט עֶס קָאסְטֶען וָואלְוֶועל אִיז כְּדַאי, אונ גֶעהְט זִיךְ וַוייטֶער אַוֶועק אונ שְׁטֶעלְט זִיךְ וַוייטֶער אָב בַּיי עֶפִּים נַייעֶס.

נָאר אִיז דֶען מֶעגְלִיךְ אויסְצוּרֶעכֶענֶען וויפִיעל מָאל אַ יוד שְׁטֶעלְט זִיךְ אָב וֶוען עֶר גֶעהְט אִין מִקְוָה? דָא הָאט עֶר דֶערְזֶעהְן אַ נַייעֶם גֶעפַּארְבְּטֶען לָאדֶען, דָא אַיין אויסְגֶעשְׁלָאגֶען פֶּענְסְטֶער, אַיין אַלְט הויז וָואס מֶען הָאט אִיהְם גֶעזָאגְט אַז מֶען ווילְל עֶס אִיבֶּער בּויֶען, דָא ר׳ שְׁלֹמה׳ס צְוַויי הָאלֶענְדִישֶׁע קִיה וֶועלְכֶע רִיהְמֶען זִיךְ אִין וְוֶלְינִיוְקָע אַז זַיי גִיבֶּען בַּייְדֶע דְרַייסִיג קְוָוארְט מִילךְ אַלֶע טָאג א. ז. וו.

אָט אִיז עֶר שׁוֹין צוּגֶעקוּמֶען צוּם בַּארְג וואו מֶען לָאזְט זִיךְ גְלַייךְ אַרָאבּ אִין בָּאד אַריין, רַאכְט זִיךְ אַז דָא זֶענִין שׁוֹין נִישְׁט דָא אַזוינֶע זַאכֶען וָואס זָאלֶען אִיהְם אָבְּשְׁטֶעלֶען אונ אִיבֶּערְשְׁלָאגֶען דֶעם וֶועג. נָאר נַיין, דָא בַּאגֶעגֶענְט אִיהְם אַייגֶער וֶועלְכֶער גֶעהְט שׁוֹין פ ו ן דֶ ע ר מִ קְ וָ ה, שְׁטַארְק אַיינְגֶעהִילְט אִין חַאלַאט, עֶס קַאפִּיט אִיהְם פוּן דֶער נָאז אונ פוּן דֶער בָּארְד אונ פֵּאות.

– גוּט דִי מִקְוָה? פְרֶעגְט אִיהְם דֶער וָואס לָאזְט זִיךְ אַרָאבּ פוּן דֶעם בַּארְג.

– בַּא... טְהַייעֶר, גוּט ווִי דִי וֶועלְט, ר׳ הִירְשֶׁעל, פָּשׁוּט אַ דֶערְקְווִיקֶענִישׁ, גֶעהְט גֶעהְט גִיכֶער, עֶנְטְפֶערְט אִיהְם דֶער וָואס לָאזְט זִיךְ בַּארְג אַרוּיף אונ אַיילְט זִיךְ אַהֵיים.

– אָ, זֶעהְר יָואהְל, אִיז וַוארִים דִי מִקְוָה ר׳ גֶעצֶעל? פְרֶעגְט עֶר וַוייטֶער אַרָאבְּ-גֶעהֶענְדִיג פוּן דֶעם בַּארְג.

– וַוארִים וַוארִים, ר׳ הִירְשֶׁעל, שְׁרַייט עֶר אִיהְם נָאךְ.

– ווִי קוּמְט עֶס, אַ ווּאוּנְדֶער חָלֶעבֶּען, פְרֶעגְט ווִי זִיךְ אַלַיין ר׳ הִירְשֶׁעל אונ אִיז שׁוֹין אַרָאבּ פוּן בַּארְג אונ אִיז שׁוֹין בַּאלְד אִין בָּאד.

– אִיךְ הָאבּ זַיי דָארְט אויךְ אַזוֹי גֶעזָאגְט, הָאט זִיךְ ר׳ גֶעצֶעל פְּלוּצִים אָבְּגֶע-שְׁטֶעלְט, וֶועלְכֶער אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען אויפ׳ן בַּארְג, אונ זַיי הָאבֶּען מִיר גֶעדְרוּנְגֶען, בַּאֲשֶׁר זֶ ע לִ י ג סְ טִ י מֶ ע דְ רָ ו א שֶׁ ע ס הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַז פֶּ י נֶ ע טִ י נְ טְ לֶ ע ר הָאט גֶעזָאגְט אַז עֶר וֶועט בֶּאשְׁרַייבֶּען אוּנְזֶער בָּאד אִין דִיא גַאזֶעטֶען, הָאט זִיךְ דֶער בֶּאדֶער מִיט דֶעם שׁוֹחֵט דֶערְשְׁרָאקֶען, ווִי מַיינְט אִיהְר ר׳ הִירְשֶׁעל? הָאט מֶען זִיךְ דָא וָואס צוּ דֶערְ-שְׁרֶעקֶען? וָואס אַיילְט אִיהְר זִיךְ אַזוֹי ר׳ הִירְשֶׁעל?

ר׳ הִירְשֶׁעל וָואס הָאט שׁוֹין גֶעזָאלְלְט אַריין אִין בָּאד הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, אַקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען גֶעצְלֶען בִּיז אִין מִיטֶען בַּארְג, אַייגֶער דֶעם אַנְדֶערְן הָאט גֶעזָאגְט „אַ גוּט שַׁבָּת״.

– מְהֵיכָא תֵּיתִי וָואס הָאט מֶען זִיךְ צוּ אַיילֶען? הָאט זִיךְ ר׳ הִירְשֶׁעל אָנְגֶערוּפֶען, עָס אִיז דָאךְ שַׁבָּת, וֶוען הָאט אַ יוד צַייט זִיךְ אָבְּצוּגֶעבֶּען מִיט וֶועלְטְזַאכֶען אַז נִיט שַׁבָּת? יָא, נָאר וָואס אִיהְר זָאגְט וֶועגֶען גַאזֶעטֶען, וָואס הָאט מֶען זִיךְ צוּ שְׁרֶעקֶען פַאר גַאזֶעטֶען? מֵילָא וָואס מֶען שְׁרַייבְּט?

– אִיךְ וַויים? אִיךְ הָאבּ אויךְ אַזוֹי גֶעזָאגְט, הָאט מֶען גֶעעֶנְטְפֶערְט אַז גַאזֶעטֶען שְׁרַייבֶּען אויף מִלְחָמָה, צוּם סוֹף, וֶוער, וָואס, וֶוען? מֶען הֶערְט נִיט אונ מֶען זֶעהְט נִיט,

און זֶעלִיג סְטִיסֶע דְרָואשֶׁעס זָאגְט אַז הַלְוַואי וָואלְט פִינֶע טִינְטְלֶער אַלֶע וָואךְ וֶועלֶען בֶּעשְׁרַייבֶּען אִין גַאזֶעטֶען, וָואלְטֶען מִיר אַלֶע שַׁבָּת גֶעהַאט אַ וַוארְמֶע מִקְוָה. אִיךְ הָאבּ אִיהְם אָבְּגֶעדְרוּנְגֶען אוּנ מִיר הָאבֶּען נָאר וָואס גֶעהַאט צְווִישֶׁען זִיךְ אַ גַאנְץ מַחְלוֹקֶת, וִוי מֵיינְט אִיהְר?

— אִיךְ דְרִינְג אוֹיךְ אַזוֹי, אָדֶער זָאל דָאס אַנְדֶערְשׁ זַיין, קֶען עֶס דָאךְ נִישְׁט זַיין. נָאר ר׳ גֶעצִיל מִיר וֶועלֶען נָאךְ רֶעדֶען הַיינְט דֶערְפוּן. זֶעלִיג סְטִיסֶע דְרָואשֶׁעס דַאוֶוענְט נָאךְ הַיינְט אוֹיךְ בַּיי אוּנְז אִין קְלוֹיז, חָאטְשׁ זַייט עֶר אִיז גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם רֶבִּין הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ דַאוֶונֶען אִין אַלְטֶען בֵּית הַמִדְרָשׁ. נָאר לָאז זַיין, אַ גוּטֶען שַׁבָּת, ר׳ גֶעצֶעלֶע, מִיר וֶועלֶען זִיךְ נָאךְ זֶעהְן, אִיךְ אַייל אִין וַואסֶער אַריין.

— אַ גוּטֶען שַׁבָּת, הָאט אַ גוּטֶען שַׁבָּת, ר׳ הִירְשֶׁעלֶע, אִיךְ אַייל זִיךְ אוֹיךְ, אִיךְ מוּז וַוייזֶען חַייֶקְעל דְרַאנְג אַז מֶען וֶועט זִיךְ שְׁטֶעלֶען דַאוְונֶען אֵיידֶער עֶר וֶועט קוּמֶען, אִיךְ מוּז אִיהְם וַוייזֶען אַז דָאס וָואס עֶר הָאט מִיט זַיין בְּתוּלָה אַ שִׁידוּךְ גֶעטְהוּן מִיט יֶענְקִיל קָאסְטִילָאוֶוער, אִיז עֶר נָאךְ גָאר בַּיי אוּנְז קֵיין מְיוּחָס נִישְׁט, עֶר מֵיינְט עֶס זֶענִין אִיהְם דִי הַקָפוֹת, נָאר... נָאר אַ גוּטֶען שַׁבָּת אַייךְ, ר׳ הִירְשֶׁעלֶע, מַיין פְּלוֹנִית׳טֶע וַוארְט אוֹיף מִיר מִיט טְהֶעע.

גֶעצִיל גֶעהְט אַוֶועק אַהֵיים מִיט גִיכֶע שְׁפְּרִינְגֶענְדֶע שְׁפַּאנֶען אוּנ ר׳ הִירְשֶׁעל לָאזְט זִיךְ וַוייטֶער אַרָאבְּגֶעהְן פוּן דֶעם בַּארְג, נָאר שׁוֹין אַ בִּיסֶעלֶע גִיכֶער. דָא פַארְטְשֶׁעפֶּעט עֶר זִיךְ מִיט חַיִים דֶעם רוֹיטְהֶעְן וֶועלְכֶער גֶעהְט שׁוֹין אוֹיךְ פוּן דֶער מִקְוָה, מֶען זָאגְט זִיךְ אַ „גוּט שַׁבָּת", מֶען פְרֶעגְט וַוייטֶער צוּ דִי מִקְוָה אִיז וַוארֶעם, מֶען פַּארֶערְט זִיךְ וַוייטֶער אַבִּיסל פוּן וֶועלְטְזַאכֶען. דֶערְנָאךְ בַּאגֶעגְנְט מֶען זִיךְ מִיט נָאךְ אַנְדֶערֶע א. ז. וו. בִּיז גָאנְץ הֶעלְפְט ר׳ הִירְשֶׁעל קוּמְט אִין מִקְוָה. דָא דַארְף מֶען זִיךְ בְּוַודַאי אָבְּרוּהֶען אוֹיף דֶער צְווֵייטֶער בַּאנְק וואו אַ גַאנְצֶער עוֹלָם זִיצְט אוּנ מֶען רֶעדְט פוּן וֶועלְטְזַאכֶען. ר׳ הִירְשֶׁעל מִישְׁט זִיךְ אַרֵיין אוּנ דְרִינְגְט פוּנְקְט פַארְקֶעהְרְט אוּנ דֶערְוַוייזְט מִיט דִי פִינְגֶער אַז עֶס אִיז אַקוּרַאט קַאפּוֹיר.

אִיצְט קֶענְט אִיהְר שׁוֹין פַארְשְׁטֶעהְן אַז עֶס מוּז דוֹיֶערן בַּיי אַ זְלִידְנִיוְקֶער יוֹרֶען פוּנְקְט אָנְדֶערְטְהַאלְבֶען שָׁעָה אֵיידֶער עֶר קוּמְט פוּן דֶער מִקְוָה אַהֵיים. אִין דֶער הֵיים הַייבְּט זִיךְ עֶרְשְׁט אָן אַ נַייֶער עוֹנֶג שַׁבָּת; ר׳ הִירְשֶׁעלֶעס וַוייבּ דְרֶעהְט זִיךְ אִיצְט אַרוּם אִין שְׁטוּבּ מִיט אֵיין אָבְּגֶעוַואשֶׁען פָּנִים אוּנ מִיט אֵיין אוֹיסְגֶעוַואשֶׁען קְלֵיידְעל לִכְבוֹד שַׁבָּת, אַז ר׳ הִירְשֶׁעל אַליין קְוֶועלְט. נָאר אָן פוּן אִיהְר. אַ גַאנְצֶע וָואךְ הָאט אַ יוּד קֵיין צַייט נִישְׁט אָנְצוּקוּקֶען זַיין וַוייבּ, אָבֶּער שַׁבָּת הָאט עֶר אֲפִילוּ צַייט אוֹיסְצוּהֶערֶען וִוי זִי פֶּעסְטֶעט זִיךְ פַאר אִיהְם דֶערְפַאר וָואס עֶר הָאט זִיךְ גֶעזווּמְט אִין מִקְוָה.

— אִיךְ פַארְשְׁטֶעה דִיךְ נִישְׁט, הִירְשֶׁעל, טַעֲנֶהט זִי צוּ אִיהְם, וָואס אִיז, אִיךְ בִּין עֶפֶּס בַּיי דִיר נִישְׁט קֵיין יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער, עֶס אִיז גֶענוּג וָואס אִיךְ בִּין צוּ דִיר פַארְקוֹיפְט וִוי אֵיין עֶבֶד כְּנַעֲנִי אַ גַאנְצֶע וָואךְ, זָאל אִיךְ נָאךְ פוּן קֵיין שַׁבָּת נִישְׁט חַיֶּען, אֲפִילוּ נִישְׁט קֶענֶען גֶעהְן אִין שׁוּל אַריין?

ווער לאזט דיך נישט געהן אין שול אריין? פאר וואס ביסט דו נישט געגאנגען ביז אהער?

– וואס הייסט איך זאל געהן ביז אהער? אונ די טהעע?

– קיין קאטאוועס נישט די טהעע! האסט דו געוואלט טרינקען.

– איך פארשטעה דיך נישט, עפּיס מיינסט דו אז איך בין ערגעץ אונטערן אויוין אויפגעוואקסען אונ ווייס גאר נישט ווי מיט א מאנן זיך צו פיהרען? בוודאי האב איך עס ביי דיר פארדיענט! דאכט זיך אז פריהער גאטט אונ דערנאך איך שטעהסט דו נאך אויף די פּים. איך זאל נישט איינברענגען וואס וואלט געווארען פון דיר מיט די קינדער... ביי די ווארטער צוויינט זי זיך אביסל, ר׳ הירשעל געמט זי איין, ווייל ער ווייסט אונ פיהלט אז זיין ווייב איז ח"ו אויף איהם נישט באז, נאר זי פעסטעט זיך גלאט אזוי פאר איהם אונ מאכט חנדלעך, ווארום ווען דען האט א יודישע פרוי צייט זיך צו פעסטען פאר׳ן מאנן אז ניט שבת?

– נא זאג אליין וואס האסט דו דיך צוויינט? וואס האב איך דיר אזוינס געטהון?

– דאס איז טאקי די מעשה וואס דו מיינסט אז דו האסט א ווייב וואס פארשטעהט גאר נישט. אין דער אמת׳ן איז עס גאר קיין וואונדער נישט, זייט איך האב דיך דערקענט האסט דו מיר פארוויסט מיינע יאהרען. דו מיינסט אז מיין פּנים איז טאקי תמיד געוועזען אזוי פארוויסט? ניין, עס איז נאר זייט איך בין צו דיר אנגעקומען... אבער פריהער? האט מען מיר דען נישט געערדט די גרעסטע שידוכים? זיי זענען הייגט גבירים, אדירים, רבנים, אונ זייערע ווייבער זענען ביי זיי קאיסערינעס, אונ מיין טאטע האט נאך נישט געוואלט...

– ווייסט דו וואס? אט וועלען מיר אי"ה איבער דריי יאהר חתונה מאכען אונזער קליינסטער טאכטער, אונזער מוזינקע, וועלען מיר זיך גטען אז דיר געפעלט נישט דער שידוך.

– איך פארשטעה דיך נישט, הירשעל, עפּיס האלטסט דו מיך גאר פאר איין אלטע יודענע וואס דו מאכסט פון מיר חוזק.

– וואס דען מיינסט דו? אז דו ביסט נאך א יונג ווייבעל?

– אוודאי קען איך ביי דיר זיין א יונג ווייבעל אז דו פארוויסט מיר מיינע יאהרען, אפילו א בת מלכה קען אויך ביי דיר ווערען אלט וכפרט נאך איך – א יודישע טאכטער. זאג אליין בין איך דען אזוי געוועזען אידער איך בין אנגעקומען צו דיר, וואו דען בין איך אלט אונ פארפינסטערט געווארען אז ניט ביי דיר?

– זאג מיר, זאלסט מיר לעבען אונ געזונד זיין, מיט וואס האסט דו עס אזא שלעכטע וועלט ביי מיר?

– איך ווייס, איך קען מיך דען אנגעדענקען יעדע זאך, איך ווייס נאר אז זייט איך בין אנגעקומען צו דיר בין איך פארשווארצט אונ פארפינסטערט, אונ דער קאפּ איז מיר, אויף מיינע שונאים געזאגט, אזוי פארשלאגען, אונ דו ווילסט נאך אז איך זאל דיר אלץ געדענקען. אט גראד איצטער האב איך זיך דערמאנט אז אפילו קיין שבת

האָב איך בּיי דיר נישט, אֲפִילוּ שַׁבָּת בּין איך צו דיר פַּארקוֹיפְט אַז איך קען אֲפִילוּ נישט געהן אין שוּל אַריין, אָנְקוּמען גלייך מיט אַלע ווייבּער, איך מוז זיצען און וואַרטען אויף דיר צְווֵיי שָׁעָה בּיז וואַנען דוּ וועסט קוּמען פוּן דעם וואַסער.

—ווער האָט דיך געהייסען וואַרטען?

—נאָ, סְטַייטְשׁ די טהעע?

—איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט אַז דוּ האָסט געקאָנט טרינקען מיט די קינדער און מיר איבּערלאָזען די טהעע...

— בּיי דיר איז אַלץ אַ קלייניקייט, אַ גאָר נישט, פוּן דיינטוועגען דאַרף זיך שַׁבָּת פיהרען ווי אין דער וואָכען, מען זאָל נישט זינגען זמירות מיט די רייד, דיך וואָלט נישט געאַרט אַז מען זאָל דיך שַׁבָּת אויך נישט האָבען בּיים טיש, און ווען דוּ זאָלסט האָבען איין אַנדער ווייבּ, וואָלט טאַקי אַזוי געווען. וואָלסט געהאַט שַׁבָּתִים נישט בּעסער פוּן דער וואָכען, נאָר איך טראָג אַלץ איבּער.

הירשעל זעהט אַז זיין ווייבּ איז גערעכט זאָגט ער צוּ איהר מיט אַ געלעכטעריל:

— איך ווייס אַז דוּ בּיסט אַ וואוילע, אַ געראַטהענע און בּיסט גערעכט, נאָר וואָס זאָל איך טהוּן? אוּמשטיינס געזאָגט, אַ גאַנצע וואָך האָט מען קיין צייט נישט, נאָ, און שַׁבָּת אויך? אַז מען געהט בּאַגעגענט מען אַ מענשען, אָט איז ערשט אויף שַׁבָּת געקוּמען חייקיל דראַנג פוּן דעם רבּין זאָל לעבען און איך האָבּ איהם געטראָפען אין וואַסער, נאָ ווי אַזוי פרעגט מען איהם נישט פוּן דעם רבּין, וואָס און ווער און ווען, אויף דאַרויף איז מען דאָך אַ יוּד, און אָט האָבּ איך בּאַגעגענט זעליג סמיטע דוואָשעם, ער האָט מיר דערצעהלט עטליכע נייעס פוּן דער שטאָדט, און חיים דעם רוּיטהען קען מען אויך נישט אָנשפּייען אין פּנים. וואָס מיינסט דוּ עס? אַ מאַנסבּיל איז עפּיס אַ יוּדענע וואָס ווייסט נישט מעהר ווי ווייבּערשע זאַכען?

די פּלוֹניתֿטע זעהט ווי איהר מאַנן איז טאַקי בּאֱמֶת נישט קיין פוּסטעפּאַסניק און אַז ער האָט זיך אַזוי לאַנג געזוימט אין וואַסער, מסתּמא האָבען איהם מענשען פאַרהאַלטען, און בּאֱמֶת טאַקי איז דאָך אַ מאַנסבּיל נישט קיין יוּדענע, זי געפינט אַז ער איז גערעכט און נעמט אַראָבּ די טהעע פוּן דעם אויבען, די געדיכטע פּאַרע פוּן דעם טהעע געהט בּיז אין דער סטעליע און מען טרינקט די טהעע אַז עס איז פּשוּט אַ פערגניגען. הירשעלע זופּט די טהעע מיט גרוֹים נדלות, טאַקי ווי נאָך דער מקוה, און זיין ווייבּ בּוודאי, דען זי האָט זיך אַבּיסל אויסגערעדט פאַר׳ן מאַנן, אַבּיסל זיך געפּעסטעט, אַבּיסל איהם געוויזען אַז מען איז אויך אַמאָל געווען אַ מענש און ער האָט געמוזט מוֹדה זיין און לאָז ער טאַקי וויסען אויף איין אַנדער מאָל אַז אַ ווייבּ איז אויך אַ מענש...

נאָר, בּין איך דען איהם שטאַנד אייך אַלץ איבּערצוגעבּען וואָס ר׳ הירשעלעס ווייבּ טראַכט בּשעת זי טרינקט טהעע שַׁבָּת אין דער פריה, ווען דער מאַנן קוּמט פוּן דעם וואַסער? נאָך דעם וואָס זי האָט זיך אויסגעפּעסטעט פאַר איהם און ער האָט זי געפוּנען פאַר גערעכט, זי איבּערגעבּעטען, איהר געמאַכט עטליכע קאָמפּלימענטען און

וֶוער וַוייסְט — אֶפְשַׁר הָאט עֶר זִי נָאךְ אָנְגֶענוּמֶען בַּיי דֶער הַאנְד אוּנ אַ גְלֶעט גֶעטְהוּן אִיבֶּערן פָּנִים: אַז זִי אִיז זִיבְּען מָאל רוֹיטְה גֶעוָוארֶען אוּנ הָאט אִיהְם גֶעזָאגְט: גֶעה שׁוֹין אַוֶועק שְׁלַאק, שֶׁעם דִיךְ חָאטְשׁ פַאר דַיינֶע אֵיינֶענֶע קִינְדֶער! — זִי אִיז הֶעכְסְט צוּפְרִידֶען אוּנ פִיהְלְט זִיךְ גְלִיקְלִיךְ. אַ סִימָן: זֶעהְט נָאר מִיט וָואס פַאר אַ לִיעבְּשַׁאפְט, מִיט וָואס פַאר אַ גַדְלוּת זַיי גֶעהֶען בֵּיידֶע צוּזַאמֶען אִין שׁוּל אַרַיין, זִי מִיט אִיהְר אַטְלַאסֶענֶער שַׁבָּתְ׳דִיגֶער יוּפֶּע נָאךְ פוּן דֶער חֲתוּנָה, אָנְגֶעטְהוּן אוֹיף אֵיין אַרְבֶּעל; עֶר אִין דֶער שַׁבָּתְ׳דִיגֶער רַאדְזִשִׁיוָואלֶקֶע (אוֹיבֶּער מַלְבּוּשׁ אוֹיךְ פוּן דֶער חֲתוּנָה). אָנְגֶעהַאנְגֶען אוֹיף בֵּיידֶע אַקְסֶלֶען צוּחְרָאסְטֶעט, אוּנ שְׁפַּאנֶען בֵּיידֶע מִיט אַזַא גְרוֹיסְקַייט אַז קֵיינֶער אִיז זַיי בֶּאֱמֶת נִישְׁט גְלַייךְ. פַאר זַיי לוֹיפְט אַ קְלֵיין יוּנְגֶעל, אַ וַוייסֶע־חֶבְרֶהְנִיק, אָדֶער אַ קְלֵיין מֵיידֶעל, זֵייעֶרְם אַ קִינְד, אָדֶער אֵיין אֵיינִיקִיל, אָדֶער אַ פְרֶעמְד יוּנְגֶעל, וָואס הָאט זִיךְ פַארְדוּנְגֶען בַּיי זַיי פַאר אַ לֶעקֶעכֶעל פוּן דֶעם קִידוּשׁ מִיט צְוֵויי גְרָאשֶׁען צָאהְלֶען נָאךְ שַׁבָּת אוּנ דֶערְפַאר טְרָאגְט עֶר אִין שׁוּל אַרַיין ר׳ הִירְשֶׁעלְם וַוייבְּס „קָרְבַּן מִנְחָה״, וֶועלְבֶער אִיז גְרֶעסֶער פוּן אִיהְם אַלֵיין, ר׳ הִירְשֶׁעלְם סְפָרִים מִיט אַ קְנֵייטְשׁ וֶועלְכֶע עֶר בַּאנוּצְט בַּיים דַאוֶונֶען, חוּץ דֶעם זֶענִין דֶעם קִינְדֶם קֶעשְׁענִים אָנְגֶעלָאדֶען מִיט ר׳ הִירְשֶׁעלְם שַׁבָּתְדִיגֶע פּוּשְׁקֶע טַאבַּאקֶע, זַיין בְּרִילְל, דֶעם וַוייבְּס נָאז־טִיכְל, הַיינְט פַאר זִיךְ אַלֵיין זַאפָּאס עֶר זָאל חו״ש אִין קְלוֹיז נִישְׁט שְׁטַארְבֶּען פַאר הוּנְגֶער: עֶטְלִיכֶע שְׁטִיקְלֶעךְ קוּילִיטְשׁ וָואס זֶענִין גֶעבְּלִיבֶּען פוּן דֶעם פְרַייטָאג צוּנַאכְטְם טִישׁ, אוֹיסְגֶעשְׁמִיעֶרְט מִיט עֶטְלִיכֶע פְלוֹימֶען פוּן דֶעם צִימֶעס, אוּנ נָאךְ אַזוֶינֶע קְלֵיינִיקַייטֶען.

— וָואס גֶעהְסְט דוּ אַזוֹי פַּאוָואלְיֶע? זָאגְט דָאס וַוייב, מֶען קֶען שׁוֹין הַאלְטֶען אִיךְ וֵויים נִישְׁט וואוּ, אִיךְ זָאל חָאטְשׁ אָנְקוּמֶען צוּ „בָּרְכוּ״.

נָאר עֶר גֶעהְט אַלְץ פַּאוָואלְיֶע אוּנ עֶנְטְוֶוערְט אִיהְר:

— וָואס אַיילְסְט דוּ דִיךְ אַזוֹי? הָאב קֵיין מוֹרָא נִישְׁט, מֶען וֶועט זִיךְ אָהְן מִיר נִישְׁט שְׁטֶעלֶען דַאוֶונֶען, פַאר אַכְט־טָאגֶען שַׁבָּת הָאבֶּען זַיי גֶעהַאט פוּן מִיר אַ מִיאוּסֶען פְּסָק, זַיי וֶועלֶען שׁוֹין פַארְזָאגֶען דֶעם צֶעהְנְטֶען — בַּארִיהְמְט עֶר זִיךְ פַארן וַוייבּ, אוּנ זִי וֶוערְד בַּיי זִיךְ גְרוֹיס מִיט דֶעם וָואס אִיהְר מַאנְן זָאגְט דֵעוֹת אִין קְלוֹיז אוּנ מֶען וַוארְט אוֹיף אִיהְם מִיט דֶעם דַאוֶונֶען, נָאר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען זָאגְט זִי אִיהְר אָנְגֶעלָאדֶענֶעם קִינְד:

— לוֹיף, מַיין טְהֵייעֶרֶער, אִין דֶער גִיךְ אוּנ קוּם מִיר זָאגֶען וואוּ מֶען הַאלְט שׁוֹין מִיט דֶעם דַאוֶונֶען אִין קְלוֹיז.

אָט אַזוֹי גֶעהְט אַ זְלִידְנִיוֶוקֶער יוּד שַׁבָּת אִין שׁוּל דַאוֶונֶען, אוּנ אַז עֶר קוּמְט שׁוֹין אַרַיין אִין קְלוֹיז אִיז מַאקִי פְּשׁוּט אַ פֶערְגְנִינֶגֶען צוּ קוּקֶען אוֹיף אִיהְם אוּנ אוֹיף יֶעדֶען; דִי פֵּאוֹת, דִי בָּארְד זֶענִין נָאךְ נִישְׁט גַאנְץ טְרוּקֶען פוּן דֶער מִקְוֶה, דָאס פָּנִים, דִי נָאז, דֶער שְׁטֶערן גְלֶאנְצֶען נָאךְ פוּן דֶעם מִקְוֶה־וַואסֶער, עֶפֶּעס פִיהְלְט מֶען פוּן אַלֶע זַייטֶען דָעם בֵיחַ פוּן מִקְוֶה־וַואסֶער, מֶען פִיהְלְט זִיךְ שַׁבָּתְ׳דִיג אִין אַלֶע גְלִידֶער.

# VIII.

## דְוָואשֶׁע פִילְדֶערְט.

נָאר אִיצְטֶער... אַךְ אִיצְטֶער!... חָאטְשׁ מֶען אִיז גֶעגַאנְגֶען דַאוְוֶנֶען, נָאר יֶעדֶער הָאט זִיךְ גָאר נִישְׁט גֶעפִיהְלְט שַׁבָּתְ׳דִיג. אַ קְלֵיינִיגְקֵייט צוּ זָאגֶען. קֵיינֶער אִיז הַיינְט נִישְׁט גֶעוֶועֶן אִין מִקְוָה, פַארְשְׁפָּארְט מֶען צוּ בַּאגֶעגֶענֶען זֶעלִינג סְטִיסֶע דְוָואשֶׁעס, זִיךְ אָבְּצוּשְׁטֶעלֶען אַבִּיסֶל אִיבֶּערְשְׁמוּעסֶען פוּן וֶועלְט זַאכֶען, אָנְקוּקֶען דֶעם שָׁבְנִם סְטְרָאיֶענִיע, צוּ הֶערֶען אוֹיף דֶער בַּאנְק אִין בָּאד נַייֶעס, דָאס וַוייבּ פַארְשְׁפָּארְט קְלָאמֶערְשְׁט בְּרוֹנֶז צוּ וֶוערֶען, זִיךְ צוּ פֶּעסְטֶען בַּיי דֶער טְהֶעע, זִיךְ דֶערְנָאךְ אִיבֶּערְצוּבֶּעטֶען, וָואס עֶס אִיז טַאקִי אַ פֶּערְגְנִיגֶען, הַיינְט אַז מֶען אִיז גֶעקוּמֶען אִין קְלוֹיז הָאט מֶען נָאר אַ פָּנִים גֶעהַאט וִוי אַ שְׁוַוארְץ יָאהְר, וִוי אַ נֶעכְטִיגֶער: דִי בָּארְד אוּנ פֵּאוֹת צוּבָּארְשְׁטֶען, פַארְדַארְט, דָאס פָּנִים פַארְטְרִיקֶענְט, אִין גַאנְצֶען פִיהְלְט מֶען זִיךְ נִישְׁט שַׁבָּתְ׳דִיג.

– מֶען דַארְף נָאךְ הַיינְטִיגֶען שַׁבָּת זֶעהְן עֶס זָאל וֶוערֶען גֶעלְד אוּנ מֶען זָאל אי״ה טַאקִי בַּאלְד נָאךְ שַׁבָּת אָנְהוֹיבֶּען בּוֹיֶען אַ בָּאד, הָאבֶּען אַלֶע גֶעשְׁרִיעֶן.

– לָאז זַיין שְׁטִילֶער, לָאז מֶען חָאטְשׁ דֶעם חַזָן לָאזֶען אָבְּדַאוְונֶען, פַּאטְשֶׁען אִין בְּרוּגְז דִי מִזְרַח־יוּדֶען.

פְּלוּצִים זֶענִין מִיט אַ גְרוֹיס גֶעפִילְדֶער אוּנ גֶעוֵויין אַרַיינְגֶעפַאלֶען אִין קְלוֹיז ר׳ טְרַייטִיל מִיט טְרַיינֶען אוּנ דְוָואשֶׁע דִי טוּקֶערִין אוֹיךְ:

– וָואס הָאט אִיהְר מִיךְ אוּמְגְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט מִיט מַיינֶע קִינְדֶער! הָאבֶּען טְרַייטֶעל מִיט טְרַיינֶען צוּזַאמֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁרַייֶען אוּנ וַויינֶען, וָואס דַארְף אִיךְ אָבְּקוּמֶען פַאר גַאנְץ קָהָל? הָאבֶּען זֵיי וַוייטֶער גֶעשְׁרִיעֶן, עֶס אִיז אָבְּגֶעבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען דִי בָּאד, וָואס זֶשֶׁע בִּין אִיךְ שׁוּלְדִיג? וָואס אִיז מַיין מַאנְן שׁוּלְדִיג? עֶר זָאל בְּלַייבֶּען אָהְן אַיין עֶגְלָה! אִיךְ וֶועל פוּן דַאנֶען נִישְׁט אַוֶועקְגֶעהְן בִּיז קָהָל וָועט מִיר נִישְׁט בַּאצָאהְלֶען פַאר מַיינֶע שְׁקָאפֶּעס, וָוארוּם וָואס זֶענִין זֵיי שׁוּלְדִיג?

אַ מִזְרַח־יוּד הָאט עֶפֶּעס גֶעוָואלְט עֶנְטְפֶערְן אוּנ דֶער רַב הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט אַרַיינְמִישֶׁען, נָאר דְוָואשֶׁע מִיט אִיהְר גְרִילְצֶענְדִיג הַייזֶעריג קוֹיל הָאט אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען. אִין אָנְהוֹיבּ הָאט זִיךְ אֲפִילוּ דְוָואשֶׁע שְׁטַארְק פַארְשֶׁעמְט, וַוייל וֶוען הָאט זִי זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין אַ מַאנְסְבִּילִישֶׁער שׁוּל? נָאר אִיצְטֶער אַז זִי הָאט גֶעזֶעהְן וִוי גָאטְט הָאט אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעשְׁטְרָאפְט יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער פַאר זַייעֶרֶע גְרוֹיסֶע זִינְד, הָאט זִי זִיךְ אָנְגֶענוּמֶען מִיט הָאֶרֶץ, ד. ה. זִי אִיז גֶעגַאנְגֶען אוֹיף קִידוּשׁ הַשֵּׁם, נָאר אָנְשְׁטָאט וָואס זִי הָאט גֶעוָואלְט רֶעדֶען, הָאט זִי זִיךְ גָאר צוּוַויינְט אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער קְלוֹיז אַז אַלֶע זֶענִין גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטִיל.

– וָואס וַויינְט אִיהְר? וָואס ווִילְט אִיהְר דְוָואשֶׁע? הָאט מֶען זִי אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ פְרֶעגֶען.

– סְטַייטְשׁ, הָאט זִי גֶעזָאגְט אוּנ זִיךְ אוֹיסְגֶעווִישְׁט דִי אוֹיגֶען מִיט דֶעם שַׁבָּתְ׳דִיגֶען פַארְטוּךְ אוּנ נָאךְ אַבִּיסֶל גֶעחְלִיפֶּעט אַזוֹי אַז פִּיוִוישׁ פָּאפַּאטְשׁ, וֶועלְכֶער אִיז אִיצְט גֶעשְׁמַאגֶען אוֹיפְ׳ן בַּאלֶעמֶער הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זִיפְצֶען אוּנ צוּ קְרֶעכְצֶען. – סְטַייטְשׁ, אִיהְר פְרֶעגְט

וָואס אִיךְ וַויין? פַאר וָואס זָאל אִיךְ נִישְׁט וַויינֶען? אויף וָואס אִיךְ בִּין גָאר גֶעבּוירֶען גֶעוָוארֶען אויף דֶער זִינְדִיגֶער וֶועלְט, אוּנ וָואס אִיךְ בִּין גָאר גֶעבּוירֶען גֶעוָוארֶען אַיין אִשָּׁה.

– אֱמֶת, הָאט אָנגֶעהויבֶּען צוּ טְרֵייסְטֶען אִיהר פַארבִּיטֶערְט הַארְץ דֶער פְרוּמֶער שְׁטִילֶער בֶּערִיל פְלַאסְטֶער, אֱמֶת, גָאטט הָאט דַארוּיף בַּאשַׁאפֶען דִי וֶועלְט. אִיהר זָאלְט גֶעבּוירֶען וֶוערֶען אַיין אִשָּׁה, נָאר וָואס קֶאנֶען מִיר, זִינְדִיגֶע מֶענְשֶׁען, טְהוּן מִיט דֶעם וָואס לֶעבְּט אֵייבִּיג, אַז אִיהם אִיז אַזוֹי נִיחָא דִי וֶועלְט צוּ בַּאשַׁאפֶען; אִיהר זֶענְט דָאךְ אַיין עֶהרלִיכֶע יוֹדֶענֶע. דְוָואשֶׁע, מֶעג מֶען דֶען וַויינֶען אויף אַזוֹינֶע זַאכֶען? אָט אִיז דָא דֶער רַב, אָט זֶענִין מִיר דָא אַלֶע בַּעֲלֵי־בַּתִּים, זָאגְט בֶּעסֶער וָואס אִיהר וִוילְט, וֶועלֶען מִיר מַסְכִּים זֶעהן עֶפִּים צוּ טְהוּן, דַארוּיף זֶענִין מִיר דָאךְ יוֹדֶען.

– יָא, יָא, ר׳ בֶּערִיל אִיז טַאקִי גֶערֶעכְט, הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע אָנְגֶערוּפֶען, דֶער רַב מִיט דֶעם שׁוֹחֵט אוֹיךְ.

– אִיצְטֶער זָאגְט אִיהר אַז אִיהר זֶענְט יוֹדֶען, הָאט דְוָואשֶׁע וַוייטֶער אָנגֶעהויבֶּען, וַוייל עֶס אִיז הַיינְט דֶער הֵיילִיגֶער טָאג שַׁבָּת אוּנ אִיהר גֶעפִינְט זִיךְ אִין אַ מָקוֹם קָדוֹשׁ, וואוּ זַיין פוּרְכְטִיגֶער נָאמֶען שְׁוֶועבְּט אִין אַלֶע וִוינְקֶעלֶעךְ, נָאר אַז עֶס קוּמְט אִין דֶער וָואכֶען פַארְגֶעסְט אִיהר אָן אַלֶעם אוּנ וֶוערְט זִינְדִיגֶע מֶענְשֶׁען אוּנ פַארזִינְדִיגְט אַייֶערֶע יָאהרֶען אוּנ טֶאג. פוּן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס, פוּן אָרִים בִּיז רַייךְ, אוּנ דֶער גְרוֹיסֶער גָאטט, וָואס מִיר זַיינֶען זַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען נִיט וֶוערְט צוּ דֶערמַאנֶען אוּמְגֶעוַואשֶׁען, אִיז אַייךְ מוֹחֵל אוּנ פַארְגִיבְּט אַייֶערֶע שְׁוֶוערֶע זִינְד, וָוארוּם עֶר אִיז גָאטט וָואס אִיז מוֹחֵל אַלֶע עֲוֹנוֹת, כְּדֵי דִי רְשָׁעִים זָאלֶען אִין גֵיהִנָּם נִיט דֶערפְרֵייט וֶוערן, אוּנ אִיהר מֵיינְט אַז עֶס קוּמְט אַייךְ אַזוֹי אוּנ טְהוּט טַאקִי וַוייטֶער אַייֶערְס, וָואס אִיז? אִיהר זֶענְט מַאנְסבִּילֶען, מֶעגְט אִיהר אַלְץ אוּנ מַאכְט חוֹזֶק פוּן דִי וַוייבֶּער מִיט זַייֶערֶע דְרַיי מִצְוֹת וָואס זֶענִין אוּנְז נָשִׁים גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען דוּרְךְ אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע אִמָּהוֹת שָׂרָה, רִבְקָה, רָחֵל, לֵאָה, פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען בַּארְג סִינַי, וָואס מֵיינֶע פִּים זֶענִין נִיט וֶוערְט דָארְט צוּ שְׁטֶעהן, וואוּ מֹשֶׁה רַבֵּינוּ הָאט מְקַבֵּל גֶעוֶועזֶען פוּן גָאטט אוּנְזֶער הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, וָואס גֶעפִינְט זִיךְ אִיצְטֶער אִין דֶעם מָקוֹם קָדוֹשׁ, וואוּ אִיהר מַאכְט חוֹזֶק פוּן אוּנְז.

– חַס וְשָׁלוֹם, הָאבֶּען זִיךְ אַיינִיגֶע אָנגֶערוּפֶען, וֶוער מַאכְט חוֹזֶק פוּן אַזוֹינֶע זַאכֶען?

– אִיךְ וַוייס, מֶען זָאגְט אַז מַאנְסבִּילִין מַאכֶען חוֹזֶק פוּן דִי וַוייבֶּער מִיט זַייֶערֶע הֵיילִיגֶע תְּחִנּוֹת, פַאר וָואס דֶען אִיז דִי בָּאד אָבְּגֶעבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען וֶוען נִישְׁט פַאר אוּנְזֶערֶע זִינְד?

– נָאר נִישְׁט דֶערפַאר, הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אַיין עַזּוּת פָּנִים, זִי הָאט זִיךְ אָנגֶעצוּנְדֶען אִיבֶּער דֶעם בָּאד גוֹי, עֶר אִיז גֶעלֶעגֶען אויפ׳ן בּוֹידֶעם אוּנ הָאט גֶערֵייכֶערְט אַ לוּלְקֶע צִיבֶּעךְ, דִי בָּאד הָאט זִיךְ אָנְגֶעהַאפְּט, אַלֶע זֶענֶען גֶעשְׁלָאפֶען, קֵיינֶער הָאט נִיט גֶעהֶערְט אוּנ עֶס אִיז אֲפִילוּ קֵיינֶער נִיט גֶעוֶוען וֶוער עֶס זָאל שְׁרַייֶען אַז עֶס בְּרֶענְט.

– אַי דוּ שֵׁיינֶעץ, אִיז אַרָאבּ גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן דֶעם „בַּאלֶעמֶער" וִוי אַיין אָבְּגֶעבְּרִיהטֶער, פַּיוֹויש מִיט זַיין הַייזֶערִיג פַאנְפַאטֶע קוֹל, אִיךְ, זָאגְסְטדוּ, הָאבּ נִיט גֶעשְׁרִיעֶן אַז עֶס „בְּרֶענְט"? אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁרִיעֶן „עֶס בְּרֶענְט", נָאר קֵיינֶער הָאט

מִיר נִיט גֶעוָואלְט גְלוֹיבֶּען, קֵיינֶער הָאט מִיר נִיט גֶעוָואלְט הֶערֶען, טְרַייטִיל אוֹיךְ נִיט, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אוּמֶעטוּם גֶעשְׁרִיעֶן „עֶס בְּרֶענְט", אִיךְ הָאבּ שׁוֹין קֵיין כֹּחַ נִישְׁט גֶעהַאט צוּ שְׁרַייעֶן, אִיךְ בִּין שׁוֹין הַייזֶערִיג גֶעוָוארֶען, אִיצְט וֶועט אִיר אַז אִיךְ הָאבּ נִישְׁט גֶעזָאגְט קֵיין לִיגֶענְד... אוּנ דֶער שַׁייגֶעץ, דֶער עַזּוּת פָּנִים זָאגְט אַז אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעשְׁרִיעֶן „עֶ ס בְּ רֶ ע נְ ט" – אַרוֹיס פוּן דֶער קְלוֹיז דוּ וַוייסֶע־חֶבְרָה־נִיק...

אוּנ פַּיוֹוִיש הָאט אִיהם שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁלֶעפֶּען בַּיים קַארְק, נָאר דֶער וַוייסֶע־חֶבְרָה׳נִיק הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעדְרֶעהט פוּן זַיינֶע הֶענְד, פַּיוֹוִישׁ הָאט אִיהם גֶעוָואלְלְט נָאכְלוֹיפֶען, נָאר דְוָואשֶׁע הָאט נִישְׁט גֶעלָאזְט:

– וָואס הָאט אִיהר זִיךְ צוּ קְרִיעגֶען, הָאט זִי גֶעזָאגְט, אִיבֶּער וָואס דִי בָּאד אִיז אָבְּגֶעבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען? וֶועהֶען מִיר דֶען נִיט בֶּעשְׁיינְפֶּערְלִיךְ אַז נָאר אִיבֶּער אוּנזֶערֶע שְׁוֶוערֶע זִינְד? וָוארוּם אַז דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער זָאל נִיט גֶעוֶועז וֶואלֶען, מֶעגֶען זַיין צֶעהְן בָּאד־גוֹיִם מִיט צֶעהְן לוּלְקֶע צִיבֶּעכִים, וָואלְט נִישְׁט גֶעבְּרֶענְט, אוּנ אַז גָאטְט הָאט גֶעוָואלְט, אִיז גֶענוּג גֶעוֶוען אֵיין בָּאד גוֹי מִיט אֵיין לוּלְקֶע צִיבֶּעךְ. וָוארוּם לָאמִיר זִיךְ נִיט נַארֶען, פַאר וָואס זֶענִין מִיר נָאךְ אַזוֹי זִינְדִיג וָואס מִיר וִוילֶלֶען נִיט מוֹדֶה זַיין אוּנ לֶעגֶען אַלְץ אַרוֹיף אוֹיף דֶעם בָּאד גוֹי? דַאכְט זִיךְ אַז שׁוֹין נִיט פוּן אֵיין יָאהר אִיז עֶר בַּיי אוּנְז בָּאד גוֹי, נִיט פוּן אֵיין יָאהר רֵייכֶערְט עֶר אוֹיפ׳ן בּוֹידֶעם, פַאר וָואס־זְשֶׁע הָאט זִיךְ בִּיז אַהֶער נִיט אָנְגֶעצוּנְדֶען דִי בָּאד? נָא, וָואס שְׁוַוייגְט אִיהר? זָאגְט אַלֵיין פַאר וָואס הָאט זִיךְ בִּיז הַיינְט נִיט אָנְגֶעצוּנְדֶען דִי בָּאד? אַ יָא אִיהר הָאט זִיךְ נִיט מִיט וָואס צוּ פַארֶענְטְוֶוערְ׳ן פַאר דֶעם וָואס לֶעבְּט עֶבִּיג? וִוי אִיהר וַוייסְט אַז מִיר זֶענִין פוּלל מִיט זִינְד. אַי פַאר וָואס הָאט בִּיז הַיינְט נִיט גֶעבְּרֶענְט? וַוייל גָאטְט אִיז אַגְרוֹיסֶער בַּעַל רַחֲמִים וּמַאֲרִיךְ אַף – וָואס הָאט לִיעבּ צוּ לַייטְזֶעלִיגֶען, עֶר וַוארְט לַאנְג אוּנ צָאהלְט גוּט, עֶר הָאט גֶעוַוארְט אוּנ גֶעוַוארְט טָאמֶער וֶועלֶען מִיר תְּשׁוּבָה טְהוּן. חָאטְשׁ דֶער מַלְאָךְ רַע אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פַאר זַיין לִיעבֶּען נָאמֶען אוּנ הָאט גֶעזָאגְט: „רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! גְרוֹיסֶער הֶערר פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, בִּיז וַואנֶען וֶועסְט דוּ לַייטְזֶעלִיגֶען דַיינֶע יוֹרֶען? וֶועהסְט דֶען נִיט וִוי זֵיי זִינְדִיגֶען אַלֶע טָאג מֶעהר? בִּיז וַואנֶען וֶועסְט דוּ וַוארְטֶען? שַׁאף מִיט דַיין רֶעכְטֶער הַאנְד וָואס זָאל אִיךְ מִיט זֵיי טְהוּן?" – „אִיךְ וִוילל נָאךְ וַוארְטֶען, הָאט דֶער בַּעַל הָרַחֲמִים גֶעעֶנְטְוֶוערְט, טָאמֶער וֶועלֶען זֵיי פָארְט תְּשׁוּבָה טְהוּן". אוּנ גָאטְט הָאט גֶעוַוארְט בִּיז דִי וָואגְשָׁאלֶען פוּן אוּנזֶערֶע זִינְד הָאבֶּען אִיבֶּערְגֶעוָואגֶען. דֶעמְצְמָאל הָאט זִיךְ וַוייטֶער דֶער מַלְאָךְ רַע גֶעשְׁטֶעלְט פַאר זַיין גְרוֹיסֶען נָאמֶען אוּנ הָאט וַוייטֶער אוֹיף אוּנְז גֶערֶעדְט שְׁלֶעכְטְס אוּנ גֶעזָאגְט: „דוּ גְלוֹיבְּסְט מִיר נִיט, גְרוֹיסֶער הַארר פוּן דֶער וֶועלְט! נַא זֶעה אַלֵיין וִוי דִי וָואגְשָׁאל וֶועגְט אִיבֶּער". דֶעמֶעלְט הָאט גָאטְט גֶעזָאגְט צוּם שָׂטָן: „גֶעה אוּנ טְהוּ מִיט מַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל וִוי דִיר גֶעפֶעלְט". דַארוֹיף אִיז דֶער מַלְאַךְ רַע בַּאנַאכְט גֶעקוּמֶען אוּנ הָאט אוֹיף אוּנְז אַלֶע אָנְגֶעשִׁיקְט אַ שְׁטַארְקֶען שְׁלָאף, דֶערְנָאךְ אִיז עֶר אַוֶועק אִין בָּאד אוֹיפ׳ן בּוֹידֶעם, וואו דֶער גוֹי שְׁלָאפְט שְׁמֶענְדִיג אוּנ רֵייכֶערְט אַ לוּלְקֶע צִיבֶּעךְ פַאר דֶעם שְׁלָאף, אוּנ הָאט אוֹיף אִיהם אוֹיךְ אָנְגֶעשִׁיקְט אַ שְׁלָאף; נָאךְ אֵיידֶער עֶר הָאט אוֹסְגֶערֵייכֶערְט, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען

בלאזען אין דער לולקע ביז עס איז געװארען א גרויס פייער און די באר האט זיך אנגעצונדען. דער מלאך איז אװעק. הײנט פארשטעהט איהר שוין פאר װאס קיינער האט ניט געהערט װי פ י י װ י ש האט געשריגען „עס ברענט“? װײל פייװיש איז איין עהרליכער יוד און װעט ניט זאגען קיין ליגענד.

– טאקי, האט פייװיש װי מיט פרייד אויפגעכאפט איהרע װערטער, איך האב טאקי געשריגען „ע ס ב ר ע נ ט“ און קיינער האט ניט געװאלט גלויבען, איצט זעהט איהר שוין אז איך בין גערעכט געװעזען ... און דער שײגיץ זאגט אז איך האב ניט געשריגען ... ארויס פון קלויז!...

און פייװיש װאלט שוין װידער געכאפט דעם װײסע-חברה׳ניק און איהם געגעבען א פסק, נאר א מזרח יוד האט אנגעהויבען פאטשען מיט דער האנד אין סדור:

– שטילער לאז זיין! לאזט דעם חזן שוין אבדאװנען; אז ניט װעט יעדער אבדאװנען מוסף פאר זיך, װי איך האב געטהון און געהן אהיים; א גוט שבת, א גוט שבת! האט ער זיך געגיינט רעכטס און לינקס און װעמען ער האט נאר געזעהען, מען מעג שוין אהיים געהן.

דעמעלט האט זיך טרייטיל אין איינעם מיט טרייגען אויפגעכאפט:

– װאס הייסט מען װעט שוין אבדאװנען פאר זיך, האבען זיי ביידע געשריגען, װאס הייסט מען זאל זיין שטילער? איך װעל דעם עולם ניט לאזען געהן אהיים ביז מען װעט מיר ניט באצאהלען פאר מיינע שקאפעס, פאר מיינע פערד. ח י י ק י ל ק י ש ק ע, דער סטאראסטא, האלט די קישקע און נעמט פאר איהר יאהר געלד, װאס זשע זענען מיינע שקאפעס שולדיג? לאז ער מיר באצאהלען.

– און איך װעל ניט לאזען אבדאװנען, האט ד װ א ש ע װידער אנגעהויבען האבער, װאו איז דאס געהערט געװארען ביי יודען מען זאל אזא זאך פארלאזען? מען קען חס ושלום קומען צו גרויסע זינד... אייך מאנסבילין ארט דאס ניט, װײל איהר זענט מאנסבילין, אבער מיר װײבער קענען זיך חלילה פארזינדיגען אונזערע יאהרען און טאג און האפען שלעכטע קינדער רשעים און פארלאנגער׳ן דעם גלות!

פון דער װײבערשער שול האט זיך געהערט א געװײן איבער דװאשעס רייד, איינינע װײבער, פארשטעהט זיך די פרומסטע, האבען אויף א מינוט ארויסגעשטעקט זייערע קאפ דורך די גראטים און אנגעהויבען שרייען: מיר װעללען ניט דערלאזען, מיר װעללען ניט לאזען אבדאװנען ביז די מאנסבילין װעלען זיך ניט אריינמישען אין דער באר, אז מען זאל באלד נאך שבת זיך שטעלען בויען, מיר האבען זיך שוין אזוי אויך גענוג פארזינדיגט אונזערע יאהרען...

און די פרומע װײבער האבען װידער באהאלטען די קאפ. אין דעם אויגענבליק האט זיך דװאשע צושריגען:

– װאס דען? איהר זאלט זיין װײבער װאלט איהר אויך ניט געשװיגען, און אזוי װאס? װאס א ארט אייך מאנסבילין, אז טראגען דארפט איהר ניט, געװינען אייך ניט, קיין בלוט פארגיעסט איהר ניט, און מיינט אז קינדער װאקסען ביי אייך אויס

ווי קְרָאפִּיוֶועֶ אִין גָארְטֶען, ווָארום פַּאר־קֵיין קִינְדֶער שְׁטְרָאפְּט מֶען אַייךְ נִיט, זֵיי מֶעגֶען זַיין שְׁלֶעכְטֶע אונ גוּטֶע קוּמְט אִיהר נִיט אָב פַאר דֶעם ווָאס לֶעבְּט עֶבִּיג, ווִי שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ ע״ה — זַיין זְכוּת זָאל אוֹיף אוּנְז מֵגִין זַיין — הָאט גֶעזָאגְט אִין זַיינֶע הֵיילִיגֶע סְפָרִים, אַז גוּטֶע קִינְדֶער זֶענִין נָאר גֶעווֶענְט אָן דֶער אִשָּׁה, דְרוּם אַ אַרְט אַייךְ גָאר נִיט, ווייל אַלֶע זִינְד פַּאלֶען אוֹיף דֶער אִשָּׁה.

פוּן דֶער ווַייבֶּערְשֶׁער קְלוּיז הָאט זִיךְ ווַייטֶער גֶעהֶערְט אַ גֶעחְלִיפֶּעֲרַיי מִיט אַ גֶעווַיין, אֵיינִיגֶע הָאבֶּען ווִידֶער אַרוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט דִי קָאפּ אונ גֶעשְׁרִיגֶען: — אַזוֹי ווֶערֶען מִיר יוּדִישֶׁע מֶאבְטֶער בַּיי אַייךְ, מַאנְסבִּילִין, פַּארשְׁוַוארְצְט, אִיהר ווִילְט אוּנְז נָאךְ בְּרֶענְגֶען צוּ אַזוֹינֶע גְרוֹיסֶע זִינְד אַז מֶען זָאל אוּנְז פַּארְטְרַייבֶּען גְלַייךְ אִין גֵיהִנָּם? —

דְווָאשֶׁע הָאט גָאר גֶעשְׁווִיגֶען, זִי הָאט נָאר מִיט אַ רַחֲמָנוּת פָּנִים אַרָאבְּגֶעלָאזְט דֶעם קָאפּ. זִיךְ גֶעשְׁאקֶעלְט אונ גֶעזִיפְצְט, גֶעקְרֶעכְצְט אָהן ווֶערְטֶער.

דִי בַּעֲלֵי בָתִּים הָאט דָאס אָנְגֶעגֶענוּמֶען בַּיים הַארְץ, אֵיינִיגֶע הָאבֶּען גֶעקְרֶעכְצְט. דֶער רָב מִיט דֶעם שׁוֹחֵט אונ נָאךְ עֶטְלִיכֶע בַּעֲלֵי בָתִּים הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ דְווָאשֶׁען אונ טְרַייטְלֶען, ווֶעלְכֶע זֶענִין גֶעשְׁטַאנֶען בַּיי דֶער טְהִיר אונ נִיט אַרוֹיסגֶעלָאזְט דֶעם עוֹלָם:

—לְעֵת־עַתָּה אִיז שַׁבָּת. שַׁבָּת טָאר מֶען נִיט פַּארְשְׁטֶערֶען, אוֹיף דֶער נַאכְט אי״ה בַּאלְד נָאךְ הַבְדָּלָה ווֶעלֶען מִיר מַאכֶען אַיין אֲסִיפָה אונ מִיר ווֶעלֶען זֶעהן, בַּאטְרַאכְטֶען ווֶעגֶען דֶער בּאד, אונ מְאמֶער דַארְף טַאקִי עַל פִּי דִין חַייקִיל קִישְׁקֶע בַּאצָאהלֶען פַּאר טְרַייטִילְס שְׁקַאפֶּעס, ווֶעט מֶען מַאכֶען אַ פְּסַק.

דָא הָאט זִיךְ חַייקִיל קִישְׁקֶע, ווֶעלְכֶער הָאט בִּיז אַהֶער גֶעשְׁווִיגֶען, אָנְגֶעצוּנְדֶען:

— ווָאס הֵייסְט אִיךְ זָאל בַּאצָאהלֶען? דִי שְׁקַאפֶּעס הָאבֶּען קַארְג גֶעלְד פַארְדִיעְנְט בַּיי אוּנְז פָאהרֶענְדִיג אַלֶע ווָאךְ אוֹיפ׳ן יְרִיד אונ צוּם רֶבִּין? זֵיי הָאבֶּען גֶעמֶעגְט בְּרֶענְגֶען פִּינְף פֶּאסְלֶעךְ ווַאסֶער אַז עֶס הָאט זִיךְ גֶעטְרָאפֶען אַ פָּאזְשַׁאר.

— — אַ קְלֵיינִיקֵייט! גְרִינְג זִיךְ אָבְגֶעזָאגְט פִּינְף פֶּאסְלֶעךְ ווַאסֶער! הָאט טְרַיינֶע זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען, פְּרִיווּט נָאר אִיהר צוּ בְּרֶענְגֶען פִּינְף פֶּאסְלֶעךְ ווַאסֶער! ווֶעט אִיהר זֶעהן צוּ עֶס אִיז גוּט.

— דַארוּיף זֶענִין זֵיי דָאךְ פֶערְד...

— בְּווַדַּאי בְּווַדַּאי זֶענִין זֵיי בַּיי אַייךְ פֶערְד, ווָארוּם זֵיי קָאסְטֶען אַייךְ קֵיין גֶעלְד נִיט, אָבֶּער בַּיי מִיר, בַּיי מִיר זֶענִין זֵיי גֶעווֶעזֶען אֶפְשֶׁר טְהַייֶערֶער פוּן אַלֶעמִין, אִיךְ מִיט מַיין מַאנְן אונ קִינְדֶער הָאבֶּען פוּן זֵיי גֶעלֶעבְּט, בְּרוֹיט גֶעהַאט... ווָאס־זְשֶׁע בִּין אִיךְ שׁוּלְדִיג? פַּאר ווָאס דַארְפֶען דִי שְׁקַאפֶּעס אָבְקוּמֶען דֶערְפַאר ווָאס אִיהר הַאלְט דִי קִישְׁקֶע אונ גֶעמְט יָאהר גֶעלְד צוּ שְׁטֶעלֶען ווַאסֶער מִיט אַ קִישְׁקֶע צוּ אַ פָּאזְשַׁאר?

— אִיהר הֶערְט? הָאט זִיךְ חַייקִיל אוּמְגֶעקֶעהרְט צוּ דִי בַּעֲלֵי בָתִּים, אַ בַּעַל עֲגָלָה זָאגְט אוֹיךְ בַּיי אוּנְז דֵעוֹת אִין שְׁטָאדְטזַאכֶען! גֶעהט גִיט אִיהם אָב חֶשְׁבּוֹן פוּן דֶעם יָאהר גֶעלְד!

נָאךְ לַאנְג הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעקְרִיעגְט אונ טְרַייטִיל, טְרַיינֶע מִיט דְווָאשֶׁען זֶענִין גֶעשְׁטַאנֶען בַּיי דֶער טְהִיר אונ נִיט אַרוֹיסְגֶעלָאזְט דֶעם עוֹלָם. נָאר דֶער רָב מִיט דִי

בעל בתים האבען זיך ווידער אריינגעלעגט און געזאגט, אז באלד נאך הבדלה זאלען זיך אלע בעלי בתים צונויפגעהן צום שוחט אויף איין אסיפה, און טרייטעל, טריינע מיט דוואשען זאלען אויך קומען.

## IX.

## אַיוּדִישֶׁער שִׁכּוֹר.

רעשענדיג מיט צושויבערטע פאות, מיט פארדריקטע היטלען מיט פארחריפיטע גארגלען איז דער עולם געגאנגען פון דעם דאווענען, רעשענדיג האט מען אבגעגעסען, שפעטער ווי אלע שבת איז מען היינט אוועקגעגאנגען פון טיש, ווינציגער ווי אלע שבת האט מען היינט געשלאפען, מעהר פון אלע שבת האט זיך דער עולם געדרעהט אין גאס און געמאכט גרויסע און קליינע ראדלעך... „באד, טרייטיל, פייוויש, טריינע, פאנפאטש, יעקיל דער לאנגער, יעקיל דער קאליקע, דוואשע די טוקער׳ן, חייקיל קישקע, באד, באד און ווייטער באד!”... אט דאס האט מען געהערט געהענדיג פון דעם דאווענען, ביים עסען, נאך דעם עסען, נאך דעם שלאף, אין גאס, און אפילו פון דעם שלאף פון די וואס זענין געוואהנט צו רעדען פון שלאף, מיט איין ווארט גאנץ זלידניוועקע פון קליין ביז גרויס פון ארים ביז רייך און אפילו קינדער זענין א גאנצען טאג געוועזין פארנומען. נאר צ ו ו י י מ ע נ ש ע ן זענין געוועזען מיט עפעס אנדערש בעשעפטיגט...

צוויי... איינער איין אומגליקליכער און דער אנדערער א גליקליכער... ד ע ר ע ר ש ט ע ר א י ז אונזער אלטער באקאנטער ר׳ ב ע ר י ל פ ל א ס ט ע ר... איצטער ווילען מיר זיך אביסעל מיט איהם מעהר באקענען, ווארום דעמעלט ווי איהר געדענקט, האט בעריל גאר קיין צייט ניט געהאט, מיר זענין איהם גאר ניט געקראכען אין קאפ אריין און אפשר קען זעהר זיין אז איהם איז גאר ניט אנגעשטאנען זיך צו באקענען מיט אונז, פארט א גענעראל וואס אופראוולאיעט מיט דעם גאנצען פאזשאר!... אבער איצטער... איצטער איז ב ע ר י ל גאר איין אנדער מין מענש געווארען, פשוט א גוט ברודעריל, א „נאש בראט”, ווי מען זאגט אויף רוססיש, און ווידער איצטער איז שבת, מיר האבען צייט, בעריל האט בוודאי צייט, (ווארום ווען האט בעריל קיין צייט ניט, חוץ ווען עס איז א פאזשאר?) און מיר וואלטען געקאנט זעהר גוט פארברענגען דעם ליעבען שבת׳דיגען טאג מיט בערעלען, צוזאמען אביסיל בראנפען נעמען און נאך אביסעלע פארטרינקען לכבוד שבת, און טאקי ווייטער א קאפעלע אויף צו טרינקען לחיים, דער פאר וואס מיר זענען יודען, דערנאסען נאך א ביסעלע דערפאר וואס מיר זענין אין גלות, פארזופט נאך א ביסעלע פון זיין ליעבען נאמען וועגען, אז גאטט אליין זאל הנאה האבען... און נאך א סך מיט א סך ביסעלעך...

איך ווייס ניט ווי איהר, ליעבע לעזער, ובפרט נאך איהר, ליעבע לעזערינען,

אֶפְּשֶׁר טְרִינְקְט אִיהר גָאר נִיט, נָאר אִיךְ . . . אִיךְ הָאבּ זֶעהר לִיעבּ מִיט בֶּערְלֶען אָפְּט צוּ מַאכֶען עֶטְלִיכֶע בִּיסֶעלֶעךְ, אַבִּיסֶעלֶע פוּן אוּנְזֶערְטְוֶועגֶען, אַבִּיסֶעלֶע פוּן אַייעֶרְטְוֶועגֶען, אַבִּיסֶעלֶע פוּן גָאטְס וֶועגֶען, און אַבִּיסֶעלֶע פוּן כָּל יִשְׂרָאֵל׳ס וֶועגֶען.

אִיךְ מוּז אַייךְ נָאךְ מוֹדֶה זַיין, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן? פוּן דֶעם אֱמֶת קֶען אִיךְ נִיט אַוֶועקגֶעהן, אַז הַיינְט ד. ה. זַייט גָאטְט הָאט מִיךְ צוּשֵׁיידְט מִיט דֶער שְׁטָאדְט זְלִידְנִיווְקֶע, דֶערמָאן אִיךְ זִיךְ אָפְט אָן בֶּערֶעלֶען, מִיט זַיין בִּיסֶ׳ל בְּרָאנְפֶּען . . .

כִּמְעַט יֶעדֶען טָאג וֶוען אִיךְ הָארֶעוֶוע זִיךְ אָן פַאר׳ן שְׁטִיקֶל בְּרוֹיט, נָאכְדֶעם וָואס אִיךְ הֶער זִיךְ אָן, וָואס אִיךְ זֶעה זִיךְ אָן אִין שְׁטוּבּ אוּנ אִין גַאס, נָאכְדֶעם וֶוען אִיךְ לֶעז זִיךְ אָן מִיט פֶערְשִׁיעדֶענֶע צַייטוּנְגֶען, בְּלֶאטְלֶעךְ, בִּיכֶער אוּנ בִּיכְלֶעךְ וָואס מַאכֶען גְלֵיקְלִיךְ דִי גַאנְצֶע וֶועלְט . . . אוֹי נָאכְדֶעם . . . וֶוען דָאס הַארְץ וֶוערְד שְׁוֶוער, דֶער קָאפּ פוּל אוּנ עֶס ווילְט זִיךְ אַ סַךְ זָאגֶען, אַ סַךְ שְׁרַייעֶן, אַ סַךְ פִּילְדֶערְן, זָאגֶען: סְטַייטְשׁ, גֶעוַואלְד, עֶס אִיז דָאךְ הִימֶעל־שְׁרַייעֶנְד, וואו אִיז דָאס גֶעהֶארְט גֶעוָוארֶען, גֶעוַואלְד וָואס אִיז דָאס פַאר אַ וֶועלְט, וָואס אִיז דָאס פַאר מֶענְשֶׁען. וואו אִיז דָאס גֶעזֶעהן גֶעוָוארֶען, וואו מֶען קוּקְט זִיךְ נָאר אַרוּם, אָךְ, אָךְ, אָךְ, אָךְ, אָךְ! . . . אוּנ נָאךְ דֶעם אַלֶעמֶען מוּז מֶען נָאר שְׁוַויינֶען אוּנ נָאךְ שְׁטַארְק צוּקְוֶועטְשֶׁען דִי לִיפֶּען, אָ דֶענְסְטְמָאל וֶוען אִיךְ שְׁוַויג, דִי לִיפֶּען זֶענִין מִיר שְׁטַארְק צוּגֶעקְוֶועטְשְׁט אוּנ בִּיז טְרוֹיעֶרִיג . . . דֶערְמָאן אִיךְ זִיךְ שְׁטֶענְדִיג אִין מַיין בֶּערְלֶען, אִין מַיין טְהַייעֶרְן, טְהַייעֶרן בֶּערְלֶען . . .

— אַךְ, זָאג אִיךְ צוּ זִיךְ אַלֵיין — וואו נֶעם אִיךְ אִיצְטֶער בֶּערְלֶען? וואו נֶעם אִיךְ אִיהְם? וָואלְטֶען מִיר אִיצְטֶער זִיךְ גֶענוּמֶען אַבִּיסֶל בְּרָאנְפֶּען אוּנ נָאךְ אַבִּיסֶל אוּנ טַאקִי וַוייטֶער אַבִּיסֶעלֶע . . . אַךְ וואו נֶעם אִיךְ אִיצְטֶער בֶּערְלֶען! . . .

קֶען אִיךְ דֶען פַארְגֶעסֶען אִין בֶּערְלֶען? . . . אִיךְ גֶעדֶענְק עֶס ווִי הַיינְט:

אוֹיף דֶער נַאכְט . . . נָאכְדֶעם וֶוען אִיךְ פְּלֶעג זִיךְ אָנְהָארֶעוֶוען, זִיךְ אָנְלֶעזֶען, נָאכְדֶעם וָואס אִיךְ הָאבּ זִיךְ אָנְגֶעזֶעהן אוּנ אָנְגֶעהֶארְט דֶעם טָאג אוּנ הָאבּ שׁוֹין גֶע-טְרַאכְט פוּן שְׁלָאפֶען, פְּלֶעגְט זִיךְ פְּלוּצִים עֶפֶענֶען דִי טְהִיר אוּנ בֶּערִיל הָאט זִיךְ שְׁטִיל אַהֶן וֶוארְטֶער אַריינְגֶערוּקְט. אִיךְ קֶען נִיט פַארְגֶעסֶען זַיין גֶעזִיכְט, זַיין גֶעשְׁטַאלְט: טְרוֹיעֶרִיג, פַארְזָארְגְט, פַארְקְלָאגְט, אַיינְגֶעבּוֹיגֶען אִין דְרַייעֶן, אַ פַארְוִויסְט פָּנִים מִיט אַ נִיט פַארְקֶעמְטֶע בָּארְד, נָאר זַיינֶע גְרוֹיסֶע שְׁוַוארְצֶע גוּטֶע אוֹיגֶען — יוּדִישֶׁע אוֹיגֶען! . . . מִיט אַ גְרוֹיסֶען וַוייסֶען לִיכְטִיגֶען שְׁטֶערֶען. נָאר דִי אוֹיגֶען מִיט דֶעם שְׁטֶערֶען הָאט מֶען גֶעזֶעהן אִין דֶעם גַאנְצֶען בֶּערְלֶען, מֶען הָאט זַיינֶע אוֹיגֶען גֶעמוּזְט זֶעהֶען . .

— אַ גוּטֶער אָבֶענְד, דִיר בְּרוּדֶער, פְּלֶעגְט עֶר מִיר זָאגֶען, נָאכְדֶעם וֶוען עֶר פְּלֶעגְט אַוֶועקְשְׁטֶעלֶען זַיין לַאנְגֶען שְׁטֶעקֶען אוּנ זִיךְ זֶעצֶען, וָואס מַאכְסְט דוּ בְּרוּדֶער?

— וָואס זָאל מֶען מַאכֶען? וָואס מַאכְט אִיהְר, ר׳ בֶּערִיל?

— עֶט, וָואס זָאל מֶען מַאכֶען . . . מֶען לֶעבְּט, מִיר לֶעבֶּען, אִיךְ לֶעבּ אוֹיךְ אוּנ ווֶעל נָאךְ אַבִּיסֶל בְּרָאנְפֶּען אוֹיךְ; נָא, דוּ וָואלְסְט עֶס גֶעגְלוֹיבְּט אוֹיף בֶּערְלֶען? זֶעהְסְט זִיךְ ווִי עֶס אִיז אַזוֹי אִיז, אוּנ אַ דַאנְק טַאקִי גָאטְט דֶערְפַאר . . . וָואס דֶען? . . . עֶהְרְלִיכֶע

יִדְען דַארְפְֿען טַאקִי אוּנ מוּזְען טַאקִי נֶעמֶען אָפְּט אַבִּיסל בְּרָאנְפֶֿען; יָא, יָא, אַ יוּד מוּז. נָאר וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעדְרוּנְגֶען אִין קְלויז אַז עַל פִּי... עַל פִּי... נָא עַל פִּי!... נָא וָואס אִיז דֶער חִילוּק אִין וָואס פַֿאר אַ סֵפֶר אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעזֶעהן, אִיךְ הָאבּ גְּרָאד אִיצְטֶער פַֿארְגֶעסֶען, נָאר אִיךְ הָאבּ זַיי אִין קְלויז בְּפֵירוּש גֶעדְרוּנְגֶען אַז יוּדֶען אִין יְרוּשָׁלַיִם, אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל פַֿארְשְׁטֶעהסְט דוּ מִיךְ – אִין אוּנְזֶער הֵיילִיג לַאנְד! נֶעהמֶען אויךְ אַבִּיסל בְּרָאנְפֶֿען אוּנ פַֿאר וָואס נִיט טַאקֶע זֶעהר שֶׁאן, יוּדִישׁ!...

נָאכְדֶעם פְֿלֶעגְט בֶּערִיל גְלַייךְ אַרַיין מִיט בֵּיידֶע הֶאנְד אִין זַיינֶע אַלֶע קֶעשֶׁענֶעס אוּנ אַזוֹי לַאנְג טְרֶעסְלֶען, אַזוֹי לַאנְג זוּכֶען בִּיז עֶר הָאט גֶעמוּזְט אויסְטְהוּן דִי שִׁיךְ אוּנ פֿוּן זַיי אִיז עֶפִּיס אַרויסְגֶעפַֿאלֶען מִיט אַ גְרויס קְלִינְגֶערַיי, בִּיז בֶּערִיל אִיז מִיט אַלֶע פֿ״י ע ר אַרוּמְגֶעלָאפֶֿען עֶטְלִיכֶע מָאל דִי שְׁטוּבּ אוּנ הָאט גֶעחַאפְּט צְוַויי פְּֿיאַטַאקֶעס (דְרַיי קָאפִּיקֶעס).

עֶר הָאט זַיי גוּט אָנְגֶעקוּקְט אוּנ דֶערְנָאךְ גֶעזָאגְט צוּ מִיר:

– יָא צְוַויי פְּֿיאַטַאקֶעס – זֶעקְס גְרָאשֶׁען, דַאכְט זִיךְ אִין מַיינֶע קֶעשֶׁענֶעס גֶעפִֿינְט זִיךְ מֶעהר נִיט, אוּנ ווִידֶער אֶפְשַׁר וֶועל אִיךְ נָאךְ גֶעפִֿינֶען צְוַויי גְרָאשֶׁען וֶועט זַיין אויף פַֿארְבַּייסֶען, אִיךְ וֶועל דֶערְוַוייל זוּכֶען, אוּנ דוּ בְּרוּדֶער דֶערְלֶעג נָאךְ זֶעקְס גְרָאשֶׁען וֶועט זַיין פוּנְקְט אויף אַ „פָּאלָאווִינְטְשִׁיק״ אוּנ שִׁיק טַאקִי בַּאלְד מִיט אַ פְֿלֶאשֶׁעל צוּ יֶ ע נְ טֶ ע דֶ ע ר מְלַמֶּדְקֶ ע.

– נָא ר' בֶּערִיל, הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעזָאגְט, הָאט אִיהר נִיט גֶעטְהוּן קֵיין נַארִישׁ־קַייט? אַז אִיהר הָאט יָא זֶעקְס גְרָאשֶׁען וָואלְט אִיהר זִיךְ גֶעקָאנְט אַרַיינְגֶעהן צוּ יֶ ע נְ טֶ ע ן, אִיהר וָואלְט שׁוֹין גֶעקָאנְט לַאנְג אויסְטְרִינְקֶען...

– אַיי בְּרוּדֶער, בְּרוּדֶער, פְֿלֶעגְט עֶר מִיר דַארוֹיף עֶנְטְוֶוערֶען, אַ פָּנִים אַז דוּ וַוייסְט גָאר נִיט וָואס בַּיי עֶהרְלִיכֶע יוּדֶען הֵייסְט אַבִּיסל בְּרָאנְפֶֿען... חַא, חַא, גֶעהְן צוּ יֶ ע נְ טֶ ע ן אוּנ אויסְטְרִינְקֶען וָואס וָואלְט גֶעוָוארֶען דֶערְפֿוּן? גָאר נִיט...

– אוּנ אַזוֹי וָואס וֶועט זַיין, וֶועט אִיהר דֶען נִיט אויסְטְרִינְקֶען?

– חַס וְשָׁלוֹם וֶוער זָאגְט נֵיין? אִיךְ וָועל דָא בְּפֵירוּשׁ טַאקִי נָאר אויסְטְרִינְקֶען, נָאר אַי פַֿאר וָואס נִיט בַּיי יֶ ע נְ טֶ ע ן... נֵיין בְּרוּדֶער, דוּ וַוייסְט נָאךְ אַ פָּנִים גָאר נִיט, דוּ זָאלְסְט זַיין בֶּערִיל וָואלְסְט דוּ גֶעוואוּסְט אַז אִיךְ גִיבּ זֶעקְס גְרָאשֶׁען אוּנ דוּ וֶועסְט אויךְ דֶערְלֵייגֶען זֶעקְס גְרָאשֶׁען אוּנ וֶוער שְׁמוּעסְט נָאךְ אַז אִיךְ וֶועל גֶעפִֿינֶען צְוַויי גְרָאשֶׁען אויף פַֿארְבַּייסֶען... מֶעג שׁוֹין פֿ י נֶ ע טֶ ע נְ טֶ לֶ ע ר שְׁרַייבֶּען הוּנְדֶערְט יָאהר אִין גַאזֶעטֶען אויף מִלְחָמוֹת...

– יָא, ר' בֶּערִיל אִיהר זֶענְט טַאקִי אַיין עֶהרְלִיכֶער יוּד... עֶס קֶען טַאקִי אֶפְשַׁר זַיין אִיהר זָאלְט גֶעפִֿינֶען דִי צְוַויי גְרָאשֶׁען אויף פַֿארְבַּייסֶען אוּנ אִיךְ זָאל אויךְ דֶער־לֶעגֶען זֶעקְס גְרָאשֶׁען אַז עֶס זָאל וֶוערֶען אַ קְרוּטְשָׁאק בְּרָאנְפֶֿען, נָאר פַֿארְוָואס זָאלֶען זַיין מִלְחָמוֹת אויף דֶער וֶועלְט?... בַּארֶעכֶענְט נָאר ווִי פִֿיעל מֶענְשֶׁען עֶס וֶוערֶען גֶע־הַרְגֶעט וֶוערֶען אוּמְזִיסְט אוּנ אוּמְנִישְׁט... אִיהר זֶענְט דָאךְ אַיין עֶהרְלִיכֶער יוּד ווִי־זֶשֶׁע קוּמְט עֶס... צוּ אַייךְ, ר' בֶּערִיל –

– בִּיזְט טַאקִי גֶערֶעכְט בְּנֶאֱמָנוּת, אַ „קְרוּטְשָׁאק״ בְּרַאנְפֶּען קֶען טַאקִי זַיין, טָא פַּאר וָואס־זְשֶׁע זָאלֶען זַיין מִלְחָמוֹת? דֶערלֶעג־זְשֶׁע טַאקִי זֶעקְס גְרָאשֶׁען אוּנ מַאךְ קֵיין טַַעֲנוֹת נִיט מֶען זָאל בַּיי יֶענְטֶען נִיט דַארְפֶען קְלַאפֶּען, זִי זָאל דֶערְנָאךְ הָאבֶּען טַַעֲנוֹת אַז אִיבֶּער מִיר הָאט זִי זִיךְ פַארְקִיהְלְט . . .

פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ אַז בֶּערִיל הָאט קֵיין צְווַיי גְרָאשֶׁען נִיט גֶעפוּנֶען, אִיךְ הָאבּ דֶערלֶעגְט זֶעקְס גְרָאשֶׁען, יֶענְטֶע אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי גוּט אוּנ הָאט צוּגֶעבָּארְגְט אוֹיף אוּנְזֶער חֶשְׁבּוֹן פַארְבַּייסֶען פַאר צְווַיי גְרָאשֶׁען אוּנ מֶען הָאט גֶעבְּרַאכְט אַ „פָאלָאוִוינִטְשִׁיק״ בְּרַאנְפֶען .

בַּאלְד ווִי בֶּערִיל הָאט פַארְזוּכְט, אָבְּגֶעטְרוּנְקֶען אַ בִּיסֶעלֶע, ווִי דֶער שְׁטַייגֶער אִיז בַּיי יוּדֶען, אוּנ גֶעזָאגְט דֶעם עֶרְשְׁטֶען לְחַיִים, פְלֶעגְט עֶר ווֶערֶען עֶרנְסְט אוּנ זֶעהר טְרוֹיעֶרִיג, אִין גַאנְצֶען זִיךְ אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען, אָנְהוֹיבֶּען רֶעדֶען אַזוֹי אַז אִיהר ווָעט דִיךְ אַלֵיין נִיט גְלוֹיבֶּען צוּ עֶס רֶעדְט בֶּערִיל.

– אַיי בְּרוּדֶער, בְּרוּדֶער, הָאט עֶר זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ קְלָאגֶען, שְׁלֶעכְט צוּ לֶעבֶּען אוֹיף דֶער ווִיסְטֶער ווֶעלְט, שְׁלֶעכְט צוּ זַיין אַ יוּד אוֹיף דֶער ווֶעלְט . . .

– סְטַייטְשׁ ר׳ בֶּערִיל אִיהְר זָאלְט דָאס זָאגֶען? אַלֶע הַאלְטֶען אַייךְ פַאר אַזַא עֶהרְלִיכֶען יוּדֶען, זָאלְט אִיהְר זָאגֶען אוֹיף גָאטְ׳ס ווֶעלט אַז זִי אִיז שְׁלֶעכְט בַּאשַׁאפֶען אוּנ עֶס אִיז שְׁלֶעכְט צוּ זַיין אַ יוּד אוֹיף דֶער ווֶעלְט!

– גְלוֹיבּ נִיט בְּרוּדֶער אָט דִי אַלֶע ווָאס זָאגֶען אַז אִיךְ בִּין אֵיין עֶהרְלִיכֶער יוּד, מִיט ווָאס בִּין אִיךְ דָא עֶהרְלִיךְ? ווָאס אִיךְ קְרִיךְ נִיט צוּ יֶענֶעם אִין פֶענְסְטֶער? צוּ אֶפְשַׁר דֶערְפַאר ווָאס אִיךְ דַאווֶען אַלֶע טָאג אוּנ קְרִיךְ נִיט אַרוֹיס פוּן דֶער קְלוֹיז אוּנ לֶערֶען מִשְׁנַיוֹת, צוּ דֶערפַאר ווָאס אִיךְ שְׁטְרָאף אַמָאל יוּנְגֶע לַייט ווָאס זַיי פִיהְרֶען זִיךְ שְׁלֶעכְט? נַא דִיר אַ גְרָאשֶׁען פַאר דֶעם גַאנְצֶען עֶהרְלִיכְקַייט; דָאס דַארְף מְהוּן יֶעדֶער יוּד, נָאר אִיךְ בְּרוּדֶער זִינְדִיג אָפְט, עֶס קוּמְט מִיר אָפְט אוֹיף אַזוֹינֶע גֶעדַאנְקֶען אַז דֶער גֵיהִנָם אִיז קַארְג פוּן מַיינֶעטְוֶועגֶען . . .

– פוּן אַייעֶרְטְוֶועגֶען דֶער גֵיהִנָם! אָ נֵיין, אִיהְר פַארְדִיעֶנְט עֶס נִיט.

– אָ, דוּ ווַייסְט נָאר נִיט . . . הָאט עֶר גֶעזָאגְט אוּנ אִיז נָאכְמֶעהְר טְרוֹיעֶרִיג גֶעוָוארֶען; הַאלְטֶענְדִיג אִין דֶער הַאנְד דָאס בִּיסל אָבְּגֶעטְרוּנְקֶענֶע קֶעלִישִׁיקֶעל מִיט בְּרַאנְפֶּען הָאט עֶר אַרָאבְּגֶעלָאזֶען דֶעם קָאפּ נָאךְ נִידְרִיגֶער. דִי אוֹיגֶען הָאבֶּען אָנְגֶעוָוארֶען זַייעֶר גְלַאנְץ, דֶער שְׁטֶערֶען ווִי שְׁוַוארְץ, אִין גַאנְצֶען הָאט עֶר אִיצְטֶער אַ פָּנִים גֶעהַאט ווִי אַ פַארְדֶערְעהְטֶער קְנוֹיל.

אִין דֶער צַייט פְלֶעג אִיךְ פוּן אִיהם נִיט אַרָאבְּלָאזֶען דִי אוֹיגֶען אוּנ צוּלֶעגֶען דִי אוֹיהֶרֶען, נָאר אִיךְ הָאבּ מֶעהר פוּן אִיהם נִיט גֶעהֶערְט אוּנ נִיט גֶעזֶעהן נָאר ווִי טְרָאפֶּען טְרֶערֶען הָאבֶּען מִינוּטֶען־ווַייז גֶערוּנֶען אִיבֶּער זַיינֶע בַּאקֶען . . . עֶטְלִיכֶע זֶענִין אַרַיינְגֶעפַאלֶען אִין קֶעלִישִׁיקֶעל בְּרָאנְפֶען . . .

מִיר אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהר טְרוֹיְרִיג צוּ קוּקֶען אוֹיף אִיהם – אוֹיף דֶעם גוּטֶען, גוּטֶען, נָאר אוּמְגְלִיקְלִיכֶען, זֶעהר אוּמְגְלִיקְלִיכֶען ר׳ בֶּערִיל: דָאס הָאט מֶען גֶעקֶענְט אִיצְטֶער

זֶעהן אִין זַיין פָּנִים אוּנ אִין זַיינֶע אויגֶען; זַיין שְׁטֶערֶען, זַיינֶע אַלֶלֶע אֵבָרִים זֶענִין פַאֽרֶענְדֶערְט גֶעוָוארֶען, עֶר הָאט עֶפִּים גֶערֶעדְט צוּ זִיךְ, גֶעשְׁאָקֶעלְט מִיט דֶעם קָאפּ, נָאר אִיךְ הָאב נִיט גֶעקָאנְט פַארְשְׁטֶעהן אֲפִילוּ אַ הַאלְבּ וָוארְט.

הַאלְטֶענְדִיג דָאס קֶעלֶעשִׁיקִיל אִין דֶער הַאנְד, הָאט עֶר פְּלוּצִים אויפְגֶעהויבֶּען דִי אויגֶען, אָנגֶעהויבֶּען קוּקִין אויף מִיר אוּנ עֶפִּים גֶעטְרַאכְט. אַזוֹי אִיז אַוֶועקגֶעגַאנְגֶען עֶטְלִיכֶע מִינוּט אוּנ פְּלוּצִים הָאט עֶר פְרֶעהלִיךְ אויסְגֶעשְׁטְרֶעקְט דִי הַאנְד אוּנ גֶעזָאגְט: לְחַיִים! בְּרִידֶער, לְחַיִים נִיט דָא וָואס זִיךְ צוּ זָארְגֶען, מֶען דַארְף נִיט זָארְגֶען אוּנ מִיר יוּדֶען אַוַודְאַי נִיט... מִיר זֶענִין אויף דֶעם גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען... הֶער בְּרוּדֶער וָואס אִיךְ וֶועל דִיר זָאגֶען... אוּנ עֶר הָאט זִיךְ וַוייטֶער פַארְטְרַאכְט.

אִיךְ הָאב גֶעוַוארְט וָואס עֶר וֶועט זָאגֶען, אִיךְ הָאב גֶעפְרֶעגְט:

– נָא וָואס?

– הֶערְסְט דוּ וָואס אִיךְ וֶועל דִיר זָאגֶען, הָאט עֶר נָאךְ אַ מָאל גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַ דַאנְק גָאטט וָואס מִיר זֶענִין יוּדֶען, אוּנ לְחַיִים בְּרוּדֶער!... אוּנ הָאט וַוייטֶער אָבְּגֶעטְרוּנְקֶען. אִיךְ הָאב אויךְ גֶענוּמֶען טְרִינְקֶען צוּ אִיהם לְחַיִים. – אֶט דָא הָאט עֶר זִיךְ עֶרְשְׁט דֶערְפְרֵייעְט.

– אֶט אַזוֹי, בְּרוּדֶער, הָאב אִיךְ לִיעבּ, הָאט עֶר גֶעזָאגְט אוּנְטֶערְשְׁפְּרִינְגֶענְדִיג פַאר פְרֵייד, יוּדֶען דַארְפֶען זִיךְ לִיעבּ הָאבֶּען אוּנ טְרִינְקֶען לְחַיִים, אַךְ בְּרוּדֶער!.. נוּר גֶעלֶעבְּט אוּנ גֶעלֶעבְּט! יוּדֶען דַארְפֶען נָאר לֶעבֶּען אוּנ זִיךְ גָאר נִיט זָארְגֶען... לְחַיִים, בְּרוּדֶער!...

עֶר הָאט וַוייטֶער גֶעטְרוּנְקֶען אוּנ עֶפִּים גֶערֶעדְט פַאר פַייעֶר אוּנ פַאר וַואסֶער אַז אִיךְ הָאב אֵיין וָוארְט נִיט פַארְשְׁטַאנֶען אוּנ וַוייס עַד הַיּוֹם נִיט וָואס עֶר הָאט גֶערֶעדְט, נוּר דָאס הָאב אִיךְ בַּאמֶערְקְט וִוי עֶר רֶעדְט אַ סַךְ, זֶעהר אַ סַךְ פוּן אַ סַךְ זַאכֶען אוּנ רוּהְט זִיךְ גָאר נִיט אָבּ, חַאפְּט אֵיינְס אִין דֶעם אַנְדֶער׳ן אוּנ הָאט עֶפִּים גְרוֹיס פֶערְגְנִיגֶען פוּן זַיין רֶעדֶען. וִוי מֶען זָאגְט „אויסְגֶערֶעדְט זִיךְ דָאס הַארְץ״, אויסְגֶעגָאסֶען דָאס שְׁוֶוערֶע הַארְץ, עֶס זָאל וֶוערֶען גְרִינְגֶער.

בְּעֶרְלֶען אִיז טַאקִי תָּמִיד פוּן דֶעם רֶעדֶען גֶעוָוארֶען אַ סַךְ גְרִינְגֶער, אַז עֶר פְלֶעגְט אַזוֹי פְרֶעהלִיךְ וֶוערֶען בִּיז עֶר פְלֶעגְט חַאפֶּען אַ טֶאנְצֶעל אוּנ שְׁלֶעפֶּען מִיךְ טַאנְצֶען אוּנ וֶוען דִי קִינְדֶער הָאבֶּען שׁוֹין גֶעשְׁלָאפֶען הָאט עֶר זֵיי אויפְגֶעוֶועקְט, זֵיי זָאלֶען גֶעהן מִיט אִיהם טַאנְצֶען אוּנ נִיט אויפְגֶעהֶערְט צוּשְׁרַייעֶן:

– נָאר גֶעלֶעבְּט אוּנ גֶעלֶעבְּט, יוּדֶען דַארְפֶען נוּר לֶעבֶּען, לָאמִיר אַלֶלֶע הוּלֶיעֶן אוּנ טַאנְצֶען וַוייל מִיר זֶענִין יוּדֶען...

דָאס הָאט אויךְ גֶעדוֹיעֶרְט אַ פֶערְטֶעל שָׁעָה, דֶערְנָאךְ הָאט זִיךְ זַיין פָּנִים וַוייטֶער אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען, עֶר אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם פְלֶאשֶׁעל אוּנ הָאט אַ קוּק גֶעטְהוּן אוּנ הָאט דֶערְזֶעהן וִוי פוּן דֶעם קְרוּטְשָׁאק בְּרַאנְפֶען פַאר צְוֶועלְף גְרָאשֶׁען אִיז נָאךְ אַ בִּיסֶעל אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען.

– עֶס אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, נָא זֶעהְר גוּט וָואס עֶס אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, בַּיי

יוּדֶען דַארְף טַאקִי אִיבֶּערבְּלַייבֶּען שִׁירַיִים, דָאס פַּאסְט פַאר יוּדֶען, נָאר גִיבּ עֶס נִיט אַוֶועק קֵיינֶעם, בַּאהַאלְט עֶס אוֹיף אֵיין אַנְדֶער מָאל וֶוען אִיךְ וֶועל קוּמֶען, אִיצְטֶער אִיז שׁוֹין צַייט צוּ גֶעהן אַהֵיים. אַ גוּטֶע נַאכְט דִיר בְּרוּדֶער. עֶר הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט אַוֶועקגֶעהן צוּ דֶער טְהִיר, נוּר בַּאלְד הָאט עֶר זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהרְט צוּרִיק מִיט דֶעם שְׁטֶעקֶען אִין דֶער הַאנְד אוּנ אָנְגֶערוּקְט דָאס הִיטֶעל (דָאס אִיז בַּיי יוּדֶען אַ סִימָן אַז מֶען גֶעהְט אִין וֶועג אָדֶער אַהֵיים) אוּנ הָאט זִיךְ וַוייטֶער גֶעשְׁטֶעלְט קוּקֶען אוֹיף מִיר. —

— נָא, הָאבּ אִיךְ אִיהְם גֶעפְרֶעגְט, וָואס שְׁטֶעהְט אִיהר? אִיהר הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶעזָאגְט אַ גוּטֶע נַאכְט.

— נַיין בְּרוּדֶער, אִיךְ קֶען נִיט אַוֶועקגֶעהְן אַזוֹי...

— וָואס הֵייסְט?

— זַיי מִיר מוֹחֵל...

— פַאר וָואס? אִיהר הָאט זִיךְ דַאכְט זִיךְ קֵיין מָאל נִיט פַארְזִינְדִיגְט גֶעגֶען מִיר.

— אָבֶּער, אָבֶּער, זַיי זִיךְ בְּרוּדֶער מוֹדֶה, אִיךְ הָאבּ דִיר אִיצְטֶער דָאקוּטְשֶׁעט, אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעוֶועקְט דִי קִינְדֶער, אָנְגֶעמַאכְט אַגֶעפִילְדֶער, בַּיינַאכְט אוֹיפְגֶערִיהרְט דִי גַאנְצֶע שְׁטוּבּ; זַיי מִיר מוֹחֵל, וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן? דוּ הָאסְט גֶעהַאט אֵיין אֱמֶת׳ע מִצְוָה וָואס דוּ הָאסְט מִיט מִיר גֶעטְרוּנְקֶען לְחַיִים, פַארבְּרֶענְגְט אַ שָׁעָה אוּנ מִיךְ גֶעלָאזְט אוֹיסגִיעסֶען מַיין הַאַרְץ... עֶס אִיז מִיר גֶעוָוארֶען גְרִינְגֶער, אִיךְ בִּין אִיצְט אוֹיפְגֶעפְרִישְׁט, אִיךְ לֶעבּ אִיצְט וַוייטֶער, וֶוען נִיט, וֶוער וַוייסְט צוּ אִיךְ וָואלְט גֶעקָאנְט וַוייטֶער לֶעבֶּען... אַ גוּטֶע נַאכְט בְּרוּדֶער, עֶס אִיז שׁוֹין צַייט אַהֵיים, אַ גוּטֶע נַאכְט; דִי צְוֵויי גְרָאשֶׁען יֶענְטֶע דֶער מְלַמֶד׳קֶע פַאר דִי צְוֵויי רֶעטְשֶׁענֶע פְּלֶעצְלֶעךְ וֶועל אִיךְ מָארְגֶען נָאךְ דֶעם מַארְק אָבְּגֶעבֶּען... אוּנ אִיז אַיילֶענְדִיג אַוֶועקגֶעגַאנְגֶען, נָאר אַזוֹי טְרוֹיִרִיג, אַזוֹי פַארְקְלָאגְט מִיט אַיין אָרָאבְּגֶעלָאזְטֶען קָאפּ, וִוי דֶער שְׁטֶענְדִיגֶער פַארהָמָארֶעטֶער, שְׁוַוייגֶענְדִיגֶער בֶּעֲרִיל פְּלַאסְטֶער, נָאר מִיט אַ גְרִינְג הַאַרְץ...

הַיינְט, ד. ה. זַייט גָאטְט הָאט מִיךְ צוּשַׁיידְט מִיט בֶּערְלֶען דֶערְמָאן אִיךְ אִיהם אָפְט מִיט זַיין בִּיס׳ל בְּרָאנְפֶען, עֶס וֶוערְד אָפְט אַזוֹי שְׁוֶוער דֶער קָאפּ מִיט דֶעם הַאַרְץ פוּן דֶער הַיינְטִיגֶער קְלוּגֶער וֶועלְט, פוּן צוּזֶעהן אוּנְזֶערֶע אַלֶערְלֵיי פָאלְק־פַארְזָארְגֶערְם, שְׁטָאדְט־פַארְזָארְגֶערְם אוּנ אַלֶערְלֵיי יוּדִישֶׁע פַארְזָארְגֶערְם אַז אִיךְ זָאג נִיט אֵיין מָאל צוּ מִיר אַלֵיין:

— אַךְ, ווּאוּ נֶעם אִיךְ אִיהם, וואוּ נֶעם אִיךְ אִיצְט בֶּעֲרִיל פְּלַאסְטֶער מִיט זַיין בִּיס׳ל בְּרָאנְפֶען, חָאטְשׁ אוֹיף אֵיין שָׁעָה, ווָאלְט אִיךְ זִיךְ פַאר אִיהם אוֹיסגֶערֶעדְט, אוֹיסגֶעגָאסֶען דָאס הַאַרְץ... וָוארוּם וַוייטֶער אַזוֹי לֶעבֶּען אִיז טַאקִי נִיט מֶעגְלִיךְ, וִוי בֶּעֲרִיל פְּלַאסְטֶער הָאט גֶעזָאגְט...

# X.

## שְׁפְּרִינְצֶעלֶע.

אִיךְ הָאף אַז דִי לֶעזֶער הָאבֶּען גֶעוִויס נִיט פַארְגֶעסֶען אַז דֶעם שַׁבָּת וֶוען אִין זְלִידְנִיוְוקֶע אִיז דִי בָּאד אָבְּגֶעבְּרֶענְט זֶענִין אַלְלֶע בַּיים עֶסֶען, נָאךְ דֶעם עֶסֶען, אִין שְׁלָאף, נָאךְ דֶעם שְׁלָאף גֶעוֶועזֶען פַארְטְרָאגֶען מִיט רֶעדֶען וֶועגֶען דֶעם וָואס אִיז פָּארגֶעקוּמֶען אִין קְלויז מִיט דְרָואשֶׁען, טְרַייטְלֶען אוּנ טְרַייגֶען, נָאר צְוַויי זֶענִין גֶעוֶועזֶען פַארְטְרָאגֶען מִיט אַנְדֶערֶע גֶעשֶׁעפְטֶען. דֶער עֶרְשְׁטֶער פוּן דִי צְוַויי אִיז אוּנְזֶער ר׳ בֶּער׳ל פְלַאסְטֶער וָואס אִיז אַ גַאנְצֶע נַאכְט גֶעוֶועזֶען גֶעגֶערַאל בַּיים פָּאזְשַׁאר.

אַלֶלֶע הָאבֶּען זִיךְ דֶעם גַאנְצֶען שַׁבָּת׳דִיגֶען טָאג גֶעמִישְׁט אִין דֶער בָּאד ווִי שְׁטָאדְט-בַּעֲלֵי בָּתִּים נָאר בֶּערֶעל נֶעבֶּעךְ... אָט הֶארְט בֶּעסֶער מִיט וָואס פַאר אַ גֶעשֶׁעפְט עֶר אִי׳ גֶעוֶועזֶען פַארְנוּמֶען דֶעם גַאנְצֶען טָאג שַׁבָּת – אִיךְ וֶועל דֶערְצֶעהלֶען פוּן אָנְהֵייב:

וֶוען בֶּערִיל אִיז פוּן דֶעם פָּאזְשַׁאר אוֹיסגֶעשְׁמִירְט ווִי אַ שְׁוַוארְץ יָאהר אוּנ צֶערִיסֶען אוֹיף זִיךְ דֶעם טַלִּית קָטָן, ווִי אֵיינֶער וָואס נֶעמְט אָב אַ קְרֶעפָּאסְט, אַוֶועקגֶעגַאנְגֶען צוּ זִיךְ אַהֵיים, אִיז זַיין וַוייבּ דִי „אֵשֶׁת חַיִל״ – וָואס, ווִי זִי זָאגְט, הָאדֶעוֶועט זִי אִיהם מִיט אִיהְרֶע קִינְדֶער – שׁוֹין לַאנְג ווִי אֵיין אֶמֶת׳ע אֵשֶׁת חַיִל אַוֶועקגֶעגַאנְגֶען אִין קְלויז דַאוְונֶען; בֶּערִיל אִיז דֶערְפוּן זֶעהר גֶעוֶועזֶען צוּפְרִיעדֶען, „לָאז זַיין שְׁפֶּעטֶער אַבִּי נִיט אִיצְטֶער״... הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זִיךְ ווִי אַ פֶערְשׁוּלְדִיגְטֶער וָואס אִיז פַארמִשְׁפָּט צוּם טוֹיט אוּנ שְׁרַייבְּט אֵיין אַפֶּעלַאצְיֶע מִיט דֶער אִיבֶּערְצַייגוּנְג אַז עֶר וֶועט גָאר נִיט פוֹעֶל׳ן פַאר זַיינֶע גְרוֹיסֶע זִינְד „נָאר לָאז זַיין שְׁפֶּעטֶער, אַבִּי נִיט אִיצְטֶער״... טְרַאכְט עֶר זִיךְ..–

וֶוען בֶּערִיל אִיז גֶעגַאנְגֶען פוּן דֶעם דַאוְונֶען אַהֵיים, הָאט עֶר זִיךְ גְלַייךְ מִיט אַלֶלֶע יִדֶען גֶעטְרַאכְט: נָאךְ דֶעם דַאוְונֶען דַארְף מֶען אַבִּיס׳ל אַרוֹיסגֶעהְן אוֹיף דֶער גַאס הֶערֶען, זֶעהן וָואס וֶועט זַיין מִיט דֶער בָּאד; נָאר אַזוֹי גֶעהֶענְדִיג הָאט עֶר דֶערְזֶעהן זַיין „אֵשֶׁת חַיִל״ גֶעהֶענְדִיג פוּן דֶער קְלויז, זִי הָאט אוֹיף אִיהם אָן דֶער זַייט אַ קוּק גֶעטְהוּן, ווִי אֵיינֶער זָאגְט: קוּם, קוּם נָאר אַהֵיים וֶועסְט דוּ עֶפֶּעס מִיט דֶעם קָאפּ דִי טְהִיר. דֶער אָרִימֶער בֶּערִיל הָאט שׁוֹין גֶעבֶּעה דִי מִינוּט פַארְשְׁטַאנֶען אִיהְר קוּק אוּנ הָאט שׁוֹין פַארְגֶעסֶען נִיט נָאר אָן דֶער בָּאד נָאר אֲפִילוּ אָן גַאנְץ זְלִידְנִיוְוקֶע, חוּץ זַיין אֵשֶׁת חַיִל...

ווִי אֵיינֶעם וָואס מֶען פִיהְרְט הֶענְגֶען, אַזוֹי אִיז בֶּערִיל גֶעגַאנְגֶען אַהֵיים, עֶר הָאט גֶעעֶפֶענְט פַאוָואלִי דִי טְהִיר אוּנ גֶעזָאגְט שְׁטִיל אַ „גוּט שַׁבָּת״. דָאס וַוייבּ... נוּר לָאם אִיךְ אַייךְ פְרִיהֶער אִין קוּרְצֶען בֶּעקַאנְט מַאכֶען מִיט אִיהר, זִי הֵייסְט מִיט אִיהר נָאמֶען: שְׁפְּרִינְצֶע זַלְמָן מָאטֶעל גֶעלֶעס דִי יְרִידְנִיטְשְׁקֶע.–

בַּיי אִיהר פָאטֶער ר׳ זַלְמָן מָאטֶעל גֶעלֶעס דִי יְרִידְנִיטְשְׁקֶע אִיז

גֶעווֶעזֶען אַ בַּת יְחִידָה'לֶע שְׁפְּרִינְצֶעלֶע (אַזוֹי פְלֶעגְט מֶען זִי רוּפֶען מֵיידֶעל ווייז), וָועהר אַגֶערָאטְהֶען מֵיידֶעל.

ווי אִיהר פָאטֶער פְלֶעגְט זָאגֶען, אִיז שְׁפְּרִינְצֶעלֶע גֶעווֶעזֶען גֶערָאטְהֶען אִין אִיהר בָּאבֶּען ד. ה. אִין זַיין מוּטֶער גֶעלֶע דִי יְרִידְנִיטְשְׁקֶע מִיט אַלֶע פִּישְׁטִשְׁיוּקִים. דִי בָּאבֶּע גֶעלֶע אִיז גֶעווֶעזֶען אַ בְּרִיָה, זִי הָאט גֶעקֶאנְט אַלֶערְלֵיי שְׁפְּרַאךְ כִּמְעַט אַלֶע זִיבְּצִיג לְשׁוֹנוֹת פוּן דֶער ווֶעלְט, אוּנ הָאט קֵיין מוֹרָא נִיט גֶעהַאט צוּ רֶעדֶען מִיט שָׂרִים וּמְלָכִים ד. ה. מִיט דִי פְּרִיצִים, גוֹיִם פוּן זְלִידְנִיווֶקֶע וָואס פְלֶעגֶען קוּמֶען צוּ גֶעלֶען אִין קְלֵייט אַרַיין קוֹיפֶען סְחוֹרָה. זִי הָאט אֲפִילוּ קֵיין מוֹרָא נִיט גֶעהַאט אַרוּמְצוּפָאהְרֶען מִיט סְחוֹרָה אוֹיף אַלֶע יְרִידִים, אוּנ דֶערְפַאר טַאקִי הָאט מֶען זִי אוֹיף דֶער אֶלְטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען רוּפֶען גֶעלֶע דִי יְרִידְנִיטְשְׁקֶע. אַז זִי אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען הָאט מֶען אִיהר זוּהְן זַלְמָן מָאטֶעל אָנְגֶעהוֹיבֶּען רוּפֶען אוֹיף זַיין מוּטֶערְס נָאמֶען ד. ה. ר' זַלְמָן מָאטֶעל גֶעלֶעס דִי יְרִידְנִיטְשְׁקֶע, אוּנ אַז בַּיי זַלְמָן מָאטֶעל אִיז אוֹיסְגֶעווַאקְסֶען אַ טָאכְטֶער שְׁפְּרִינְצֶע הָאט זִי גֶעהֵייסֶען שְׁפְּרִינְצֶע זַלְמָן מָאטֶעל גֶעלֶעס דִי יְרִידְנִיטְשְׁקֶע, אוּנ ווֶען בַּיי שְׁפְּרִינְצֶען לְמָשָׁל וואַקְסְט אוֹיס אַ זוּהְן שַׁכְנָא מֵאִיר הֵייסְט עֶר בַּיי יוּדֶען: שַׁכְנָא מֵאִיר שְׁפְּרִינְצֶעס זַלְמָן מָאטֶעל גֶעלֶעס דִי יְרִידְנִיטְשְׁקֶע אוּנ ווֶען לְמָשָׁל בַּיי שַׁכְנָא מֵאִיר וואַקְסְט אוֹיס אַ קִינְד גֶעלֶע בֵּיילֶע, הֵייסְט זִי: גֶעלֶע בֵּיילֶע שַׁכְנָא מֵאִיר שְׁפְּרִינְצֶעס זַלְמָן מָאטֶעל גֶעלֶעס דִי יְרִידְנִיטְשְׁקֶע א. ז. וו.

אַזוֹי קֶען אוֹיסְוואַקְסֶען צְווִישֶׁען יוּדֶען אַ נָאמֶען עֶר זָאל זַיין לַאנְג ווִי פוּן אוּנְזֶער לַאנְד בִּיז קֵיין מִצְרַיִם, עֶס ווֶעְרד נִיט נִמְאַס צוּ צִיהֶען אַזוֹי לַאנְג דֶעם נָאמֶען כְּדֵי דֶער פַארְדִיענְטֶער נָאמֶען פוּן דֶער בָּאבֶּע גֶעלֶע זָאל אִין דֶער מִשְׁפָּחָה נִיט פַארְגֶעסֶען ווֶערֶען.

אַי ווֶעט אִיהר פְרֶעגֶען: נָא אוּנ דִי עֶרְשְׁטֶע גֶעלֶע הָאט גָאר קֵיין מַאמֶע מִיט קֵיין טַאטֶען נִיט גֶעהַאט, אַ זֵיידֶען אָדֶער אַ בָּאבֶּע, פַאר וָואס זְשֶׁע הָאט מֶען גָאר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ צִיהֶען פוּן אִיהר דֶעם נָאמֶען?...

דַארוֹיף קֶען אִיךְ אַייךְ פַאר גֶעווִיס ענְטְפֶערֶען, חָאטְשׁ אִיךְ בִּין דֶערְבַּיי נִיט גֶעווֶעזֶען, אַז מִסְתָּמָא הָאבֶּען דִי עֶרְשְׁטֶע גֶעלֶעס עֶלְטֶער'ן זֵיידֶעס אוּנ בָּאבֶּעס גֶעפִיהְרְט אַ שְׁטִיל גֶעווֶעהְנְלִיךְ לֶעבֶּען אוּנ הָאבֶּען זִיךְ קֵיינֶעם נִיט גֶעוואָרְפֶען אִין דִי אוֹיגֶען, אַזוֹי הָאבֶּען זֵיי אָבְּגֶעלֶעבְּט, דֶערְנָאךְ זֶענִין זֵיי גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ מֶען הָאט אָן זֵיי פַארְגֶעסֶען, גֶעלֶע אָבֶּער הָאט גֶעווִיס גֶעקֶענְט זַיין אִין אִיהר מִשְׁפָּחָה אַיין אַרְט „פֶעטֶער דֶער גְרוֹיסֶער" אוּנ הָאט אִין אִיהר קְלֵיינֶעם פַאמִילְיֶען קְרַייז זִיךְ פַארְדִיענְט אַ נָאמֶען פַאר אִיהרֶע מַעֲלוֹת, בְּרִיהַ'קַייט א. ז. וו., דְרוּם בְּלֵייבְּט אִיהר נָאמֶען אוּנ־שְׁטֶארְבְּלִיךְ בִּיז עֶטְלִיכֶע דוֹרוֹת.

ווִי לָאבֶּערְלִיךְ עֶס זָאל נִיט קְלִינְגֶען אַ יוּדִישֶׁער נָאמֶען ווֶעלְכֶער דוֹיֶערְט פוּן אָנְהֵייבּ בִּיז צוּ עֶנְדֶע אַ פֶערְטִיל שָׁעָה, בַּאווַייזְט דָאס אָבֶּער אַז בַּיי יוּדֶען הָאט מֶען לִיעבּ צוּ גֶעדֶענְקֶען דֶעם וָואס הָאט מַעֲלוֹת אוּנ פֶערדִיענְסְטֶען.

איך האָב אַ באַקאַנטען – אַ גוטען פריינד, הייסט ער מיט אַזאַ נאָמען, נאָר פריהער מוז איך אייך דערצעהלען ווי אַזוי דער נאָמען איז אויסגעוואַקסען בּיי איהם:

געוויס צוריק מיט דריי אָדער פיער הונדערט יאָהר איז געוועזען אַ יוד ר' אַהרן תּנחום, ער האָט געהאַט אַ זוהן נחום אייזיק, בּיי איהם איז געבוירען געוואָרען אַ זוהן, טאַקי ווייטער אַהרן תּנחום, בּיי דעם איז געבוירען געוואָרען אַ טאָכטער פּייגה לאה, זי האָט געהאַט אַ זוהן נחום אייזיק, דער האָט געהאַט אַ טאָכטער פּייגה לאה, בּיי איהר איז געבוירען אַ זוהן און מען האָט איהם אַ נאָמען געגעבען נאָך דעם זיידען אייזיק נחום – דאָס איז מיין באַקאַנטער, און אַז איך בּין אָנגעקומען צו איהם אין שטאָדטיל און האָב זיך אָנגעהויבען דערפרעגען זיין פאַמיליע נאָמען, האָט מיר קיינער ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען, נאָר אַז איך האָב זיך דערמאָנט אָן זיין לאַנגען נאָמען און האָב איהם אויסגעשיט אַזוי: וואו וואָהנט דאָ ר' אייזיק נחום פּייגה לאה'ס נחום אייזיק'ס פּייגה לאה'ס אַהרן תּנחום'ס נחום אייזיק'ס אַהרן תּנחום'ס, האָט מיר יענער באַלד געענטפערט: – אַ, אַ, ר' אייזיק נחום פּייגה לאה'ס, נחום אייזיק'ס פּייגה לאה'ס אַהרן תּנחום'ס נחום אייזיק'ס אַהרן תּנחום'ס? ווער ווייסט עס ניט? אָט וואָהנט ער דאָ אַקעגען... ניט ווייט... איהר זאָלט פריהער געוועזען אַזוי פרעגען וואָלט מען שוין אייך לאַנג געוועזען געוויזען, אפילו אַ קליין קינד...

עס פאַרשטעהט זיך אַז יענער איז דאָ געוועזען גערעכט ניט איך...

מיר קעהרען זיך אום צוריק: שפּרינצעלע איז געוועזען אַ בת יחידה'לע בּיי איהר פאָטער זלמן מאָטעל גועלע די ירידניטשקע. זי האָט אויך געקאָנט רעדען אויף אַלערליי שפּראַך, זיך געקאָנט אויסטאַנען מיט די גראָסטע שׂרים ומלכים, מיט גוים, דייטשען א. ז. ח. – אַ דאַנק דעם וואָס איהר פאָטער האָט געהאַט אַ שנק און שפּרינצעלע איז פון קינדווייז אָן געשטאַנען אונטער דער סטויקע. דאָ האָט זי זיך אַ סך יאָהרען געשאַרפט דאָס צינגעל אויף אַלע זייטען, וואָרום אין שענק פלעגען זיך אַלע טאָג קומען אַלערליי מענשען פון פיעל אומות פון דער וועלט: דייטשען, יודען, פּאָליאַקען, פריצים און אפילו מוזשיקעס אויך, דעם האָט זי געענטפערט, מיט דעם זיך געדונגען, מיט יענעם זיך געקריגט, דעם געשאָלטען און דעם אויסגעפּאַטשט און אַרויסגעשטופּט.

אַ דאַנק דעם אַלעמען האָט זי בּיי יודען און נאָך מעהר בּיי איהרע עלטערן באַקומען אַ נאָמען פאַר אַ געראַכהגע, פאַר אַ וואַילע מיט אַ סך מעלות, אַ בריה אַז גאָט און לייט מעגען מקנא זיין די עלטערן מיט אַזוינע קינדער.

קוקענדיג ווי שפּרינצעלע שטעהט אונטער דער סטויקע, דאָ האָט זי אָנגעגאָסען, דאָ דערגאָסען, דאָ אָבגעגאָסען, דאָ געלד גענומען, דעם געענטפערט, דעם געשאָלטען און דעם גלאַט אַזוי געזאָגט שטרענג, פלעגט דער פאָטער גאָר אָנקוועלען.

– מיט איין וואָרט, – פלעגט ער שטענדיג זאָגען דעם שכנים וואָס פלעגט אָפט אַריינגעהן טרינקען אַ ביסל בראָנפען – גוטע קינדער זענען טאַקי נאָר פון גאָט,

דאַכְט זִיךְ בַּיי יֶענֶעם זֶענֶען אויךְ דָא קִינְדֶער, מֶען לֶערֶענְט זֵיי אונ מֶען לֶערֶענְט זֵיי, אונ זֵיי טויגֶען גִישְׁט — אַ קאַץ אֵיין עֶק צו צוּבִּינְדֶען אונ מַיין שְׁפְּרִינְצֶעלֶע וָואס אִיךְ הָאבּ פַּאר אִיהר קֵיין מָאל קֵיין שְׁרַייבֶּער גֶעלְד נִיט גֶעצָאהלְט, קֶען מֶעהר פון דִי אַלְלֶע גֶעלֶערנְטֶע, זִי רֶעדְט אונ טַעֲנִיט זִיךְ אוים מִיט יֶעדֶען בַּאזונְדֶער אֲפִילוּ מִיט שָׂרִים וּמְלָכִים; אִיהר קוּמְט אַ מַאנְן אַיין אֶמֶת׳ער תַּלְמִיד חָכָם, וָוארום וָואס קוּמְט אַרוים דִי וָואס נֶעמֶען תַּלְמִידֵי חֲכָמִים אַז זֵייעֶרֶע וַוייבֶּער טויגֶען צו גָאר נִיט, אָבֶּער בַּיי מַיין שְׁפְּרִינְצֶעלֶע וֶועט דֶער מַאנְן מֶעגֶען זִיצֶען אִין קְלויז אָהְן זָארְגֶען אונ לֶערְנֶען תּוֹרָה. אָט זִי אִיז אַ מֶענְטְשׁ, אַ סוֹחֵר׳טֶע מִיט אַ פִּסְק, זִי קֶען אַ מַאנְסְבִּיל — אַ סוֹחֵר אַרַיינְשְׁטֶעקֶען אִין גַארְטִיל.

שְׁפְּרִינְצֶעלֶע פְּלֶעגְט דָאס אָפְט הֶערֶען פון אִיהר פָאטֶער אונ פון זַייטִיגֶע מֶענְשֶׁען אונ הָאט שְׁטֶענְדִיג גֶעוואוּקְסְט אַז זִי שְׁטֶעהְט הויךְ — הָאבֶער פון אַלֶע אִיבְּרִיגֶע מֵיידְלֶעךְ אִין שְׁטָאדְט אונ הָאט נָאךְ אָנְגֶעהויבֶּען אַ גְרֶעסֶערֶע רָאלֶיע צו שְׁפִּיעלֶען נֶעבֶּען דֶער סְטויקֶע אונ וַוייזֶען דִי קוֹנִים אונ שִׁיכּוֹרִים אַז זִי הָאט קֵיין מוֹרָא נִיט פַאר זֵיי אונ קֶען זִיךְ אויסטַעֲנֶהן.

שְׁפְּרִינְצֶען אִיז קֵיין מָאל נִיט אוּיפְגֶעקוּמֶען דֶער גֶעדַאנְק אַז דָאס וָואס זִי אִי מִיאוּס אִיז אַ חִסָּרוֹן פַאר אַ מֵיידֶעל, אונ פון וַואנֶען זָאל זִי דָאס וִויסֶען? דִי עֶלְטֶערן לויבֶּען זִי, דִי שְׁטָאדְט וַוייבֶּער זֶענִין אִיהר פָאטֶער מְקַנֵּא מִיט אַזַא גֶערָאטְהֶען קִינְד אונ וִוינְשֶׁען זִיךְ אַזוינֶע קִינְדֶער, דִי שִׁיכּוֹרִים זָאגֶען אויךְ אַז קֵיין בֶּעסֶערְס פון שְׁפְּרִינְצֶקֶע, אִיז גָאר נִיט דָא אויף דֶער וֶועלְט, — מִיט אֵיין וָוארְט שְׁפְּרִינְצֶע הָאט גֶעוואוּקְסְט אַז: וֶועט אויסהַאפֶּען אַ שִׁידוּךְ פון דִי אַנְטִיקֶען, יֶענֶער זָאל זִיךְ נָאךְ שֶׁאצֶען פַאר גְלִיקְלִיךְ וָואס עֶר הָאט שְׁפְּרִינְצֶעלֶען פַאר אַ וַוייבּ. נָאר דָא הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט אַ שְׁטִיקֶעל מְנִיעָה זִי הָאט זִיךְ עֶפִּים אויף אַ וַוייליטְשְׁקֶע שְׁטַארְק פַארלִיעבְּט אִין דֶעם שֵׁיינֶעץ וָואס טְרַייבְּט אָן דִי פֶערְד בַּיי אַ פָּרִיץ אונ טְרִינְקְט אַלְלֶע טָאג בְּרָאנְפֶען בַּיי ר׳ זַלְמֶן מָאטִיל גֶעלֶעם דִי יָרִידְנִיטְשְׁקֶעס אִין שֶׁענְק אונ... אונ הָאט גֶעזָאלְט מִיט אִיהם אַנְטְלויפֶען, נָאר מֶען הָאט דֶערְזֶעהן...

רֶענְצְמָאל הָאט אִיהר פָאטֶער גֶעזָאגְט אַז מֶען דַארְף מִיט שְׁפְּרִינְצֶעלֶען אַ שִׁידוּךְ טְהוּן, אונ וֶוען ר׳ זַלְמֶן שַׁדְכָן אִיז דֶעם לֶעצְטֶען שַׁבָּתצונַאכְט אַרַיינְגֶעקוּמֶען אויסטְרִינְקֶען אַ גְלֶאזֶעל טְהֶעע לְכָבוֹד „מְלַוֶּה מַלְכָּה" אונ הָאט ווִי תָּמִיד דֶערוַוייל פָארְגֶעלֶענְט פון שְׁפְּרִינְצֶעלֶעס וֶועגֶען אַ שִׁידוּךְ, אויסגֶערֶעכֶענְט מְיוּחָסִים מִיט גְבִירִישֶׁע קִינְדֶער, הָאט דְרוּיף ר׳ זַלְמֶן מָאטֶעל גֶעעֶנְטְוֶוערְט אונ גֶעדְרוּנְגֶען זַלְמֶן דֶעם שַׁדְכָן אַז פַאר זַיין שְׁפְּרִינְצֶעלֶען דַארְף עֶר נִיט הָאבֶּען קֵיין גְבִירִישֶׁע קִינְדֶער, וַוייל בְּרוֹיט פַּארְדִינֶען קֶען זִי אַלֵיין. זִי אִיז אַלֵיין אַ מַאנְסְבִּיל, אַ סוֹחֵר׳טֶע מִיט אַ פִּסְק, זִי קֶען רֶעדֶען מִיט מֶענְשֶׁען אֲפִילוּ מִיט שָׂרִים וּמְלָכִים, זִי דַארְף נָאר הָאבֶּען אַ מַאנְן אַ טְהַייֶער קִינְד, אַ תַּלְמִיד חָכָם וָואס זָאל קֶענֶען זִיצֶען אונ לֶערְנֶען, גָאטְט דִיעֶנֶען, אַז זַיין שְׁפְּרִינְצֶעלֶע זָאל פַּארְדִינֶען אַ סַךְ שָׂכָר אויף יֶענֶער וֶועלְט. דֶער שַׁדְכָן הָאט בַּאלְד פָארְגֶעלֶעגְט בֶּערְלֶען דֶעם בָּחוּר אָדֶער דֶעם לַמְדָן, וָואס אִיז דֶענְצְמָאל גֶעוֶועזֶען אֵיין

ארימער בחור, האט זיך געוואלגערט אין קלויז און געהאט א שם אין זלידניוקע פאר א מהייער קינד וואס זיצט נאר און לערענט.

„בערעל דער בחור" האט טאקע ליעב געהאט צו זיצען שטענדיג אין קלויז און א סך לערנען. ער פלעגט אזוי פיעל לערנען ביז ער האט אנגעהויבען גלוסטען צו לערנען „זייטיגע ספרים" אויך, און פלעגט שוין אפט שמועסען אין קלויז דערפון, פאר וואס די זונן געהט אויף אלע אין דער פריה פון דער זייט וואו די מיזרח שטעהט, און פאר נאכט פארגעהט זי אראב פון דעם דאך פון דער קלויז; אויך פאר וואס מוז מען ווינטער הייצען אין קלויז די רובא און זומער ניט? און גלאט אזוי פלעגט ער זיך פארגעבען פראגען פאר וואס איז ווינטער־קאלט און זומער ווארם? פאר וואס זאל אין זלידניוקע ניט זיין א גאנץ יאהר זומער ווי אין ארץ ישראל? און נאך פון אזוינע זאכען האט ער אנגעהויבען שמועסען; די וועלט האט אפילו אנגעהויבען מומלען, אז בערעל האט זיך אזוי פיעל אריינגעלאזט אין לערנען ביז ער איז משוגע געווארען, נאר פאר א מהייער קינד פאר א למדן האט איהם יעדער געהאלטען.

בערעל איז געוועזען זעהר צופריעדען מיט דעם שידוך מיט ר' זלמן מאטעל געלע'ס די ירידניטשקע, ער האט זיך געטראכט עס איז געקומען די צייט אויפצוהערען קוועטשען די באנק, עס איז שוין צייט עפעס טהון אויף דער וועלט אויך, הארעווען אויפ'ן שטיק'ל ברויט פאר זיך, פאר דעם ווייב, פאר די קינדער. מיט איין ווארט פיהרען א פאמיליענלעבען, זיין א בעל בית ווי גאטט האט געבאטען, אזוי האט זיך בערעל געטראכט ניט ווי א משוגענער, טאקי ווי א גאנץ קלארער וואס פארשטעהט אז דאס גאנצע לעבען פון דעם מענשען באשטעהט ניט דארין, צו זיצען גאנצע יאהרען אין קלויז, „קוועטשען די באנק" ווי מען רופט עס אן ביי יודען. זיין א תלמיד חכם און גאטט דיענען, לערנען, — האט בערעל געטראכט, — דארף מען נור בחור ווייז, — נאכדעם דארף זיך א מענש מיט עפעס אנדערש פארנעמען, אז ער זאל זיין אים שטאנד דער פאמיליע און דער וועלט עפעס נוצען צו ברענגען. חוץ דעם זיך מיט עפעס פארנעמען אז ער זאל זיין אים שטאנד צו פארדיענען דאס לעבענס־מיטעל, מען זאל חס ושלום ניט דארפען אנקומען צו יענעם א. ד. ג. — אין די זאכען איז נאך בערעלס געדאנקען, באשטאנען דאס גאנצע „גאטס דיענען". בערעל האט מיט די געדאנקען חתונה געהאט. ער איז געווארען איידעם און האט געגעסען קאסט. הגם כל זמן מען איז איין איידעם מעג מען דאך זיצען אין קלויז, און בערעל איז טייטער געזעסען אין קלויז, האט ווייטער געשמאק געלערענט, געטראכט: אז ניט איביג עסט מען קאסט; און זיין ווייב שפרינצע איז ווייטער געוועזען די בריה ביים פאטער אין שענק.

אזוי האט זיך געפיהרט א לאנגע צייט, ד. ה. ביז זיי זענען אראב פון קאסט, אזוי ווי שפרינצע איז דאך א בריה איז זי געווארען א קרעמערין. בערעל, איהר מאנן, ווי דער שטיגער איז, האט זיך געוואלט מישען אין געשעפט — אין קלייט,

קויפֶען אונ פַארקויפֶען א. ז. וו., הָאט זִי אִיהם נִיט גֶעלָאזְט אונ אִיהם גֶעטְרִיבֶּען פוּן דֶער קְלֵייט . . .

– דוּ הָאסְט דָא אִין קְלֵייט נִיט וָואס צוּ טְהוּן, הָאט זִי צוּ אִיהם גֶעשְׂרִיגֶען אִיךְ הָאבּ דַארוּיף מִיט דִיר נִיט חֲתוּנָה גֶעהַאט, אִיךְ קֶען ב"ה אַלֵיין מְפַרְנֵס זַיין דִיךְ מִיט דִי קִינְדֶער.

כָּל זְמַן זַיי זֶענִין גֶעזֶעסֶען אוֹיף קֶאסְט הָאבֶּען זַיי כִּמְעַט צְווִישֶׁען זִיךְ נִיט גֶערֶעדְט וּבִפְּרַט נָאךְ פוּן אַזוֹינֶע זַאכֶען וִוי פַּרְנָסָה. אונ וָואס הָאבֶּען זַיי גֶעהַאט צוּ רֶעדֶען? אַ גַאנְצֶע טָאג אִיז עֶר גֶעוֶועזֶען גְלַייךְ מִיט אַלֶע אַיידֶעמְלֶעךְ אִין קְלוֹיז גֶעדַאוֶוענְט, גֶעלֶערֶענְט אָדֶער אַזוֹי פַארְבְּרַאכְט דִי צַייט מִיט דִי יוּנְגֶע לַייט, אונ אַז עֶר אִיז גֶעקוּמֶען אַהֵיים הָאט מֶען אִיהם גֶעגֶעבֶּען וֶועטְשֶׁערֶע, מִיטָאג, פְרַייטָאג נָאכ'ן רָאסֶעל-פְלַיישׁ מִיט דֶער פְרִישֶׁער בּוּלֶקֶע אַ הֶעמְד אִין בָּאד אַרַיין מִיט דְרַיי גְרָאשֶׁען בָּאד-גֶעלְד. אַזוֹי הָאבֶּען זַיי אָבְּגֶעלֶעבְּט אַ סַךְ יָאהרֶען בִּיז זַיי זֶענִין אַרָאבּ פוּן קֶאסְט מִיט עֶטְלִיכֶע קִינְדֶערלֶעךְ; עֶרְשְׁט אִיצְטֶער הָאט זַיין וַוייבּ דִי בְּרִיָה'טֶע אָנְגֶעהוֹיבֶּען קְנֶעלֶען מִיט אִיהְם, וַוייזֶען אִיהם אַז זִי אִיז דָאס וַוייבּ אונ עֶר אִיז דֶער מַאנְן, זִי אִיז דִי אֵשֶׁת חַיִל אונ עֶר אִיז דֶער תַּלְמִיד חָכָם וָואס דַארְף זִיצֶען אִין קְלוֹיז לֶערְנֶען, בֶּעטֶען גָאמְט פַאר אִיהר זִי זָאל זַיין גֶעזוּנְד אַז זִי זָאל אִיהם מְפַרְנֵס זַיין מִיט דִי קִינְדֶערלֶעךְ.

וֶוען זִי הָאט אִיהם דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל גֶעזָאגְט אַז עֶר הָאט נִיט וָואס צוּ טְהוּן אִין קְלֵייט אונ דַארְף זִיצֶען וַוייטֶער אִין קְלוֹיז, הָאט עֶר זִיךְ אַיינְגֶעשְׁטֶעלְט דָאס לֶעבֶּען אונ אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט אִיהר צוּ רֶעדֶען אונ טַעֲנֶהן. –

אִיךְ זָאג: „אַיינְגֶעשְׁטֶעלְט דָאס לֶעבֶּען", וָוארוּם פוּן דֶער עֶרְשְׁטֶער מִינוּט הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען מוֹרָא הָאבֶּין פַאר אִיהר, זִי הָאט אִיהם תֵּיכֶף גֶעוִויזֶען אַז זִי „דָאס וַוייבּ" דַארְף גֶעהן אִין שְׁטְרַיימֶעל, נִיט עֶר דֶער מַאנְן.

עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען פַאר וָואס מוֹרָא צוּ הָאבֶּען! שְׁטֶעלְט זִיךְ פָאר אַז נָאךְ מוֹידְוַויז אִיז שְׁפְּרִינְצֶע גֶעוֶועזֶען צְוַויי מָאל לֶאנְגֶער, דְרַיי מָאל בְּרֵייטֶער אונ אַזוֹי פִיעל מָאל גְרֶעסֶער פוּן בֶּערְלֶען. זִי הָאט גֶעהַאט שְׁוַוארְצֶע הָאר מִיט שְׁוַוארְצֶע פַארוַואקְסֶענֶע בְּרָאדִיווְקִיס. אַ קוֹל גָאר נִיט קֵיין וַוייבֶּערְשׁ זִי פְּלֶעגְט רֶעדֶען מִיט אַ גְרָאבֶּער שְׁטִימֶע וִוי אַ מַאנְסבִּיל, אונ וֶוער שְׁמוּעסְט אַז זִי פְלֶעגְט שְׁרַייעֶן פְלֶעגֶען אֲפִילוּ דִי שִׁכּוֹרִים אִין שֶׁענְק צִיטֶער'ן וִוי דִי פִישׁ אִין וַואסֶער. זַייט זִי הָאט חֲתוּנָה גֶעהַאט אִיז זִי נָאךְ גֶעוָוארֶען דִיקֶער, גְרֶעסֶער אונ לֶאנְגֶער. חוּץ דֶעם, צוּ בֶּערֶעלְס גְרוֹיס אוּמְגְלִיק הָאט זִי אָנְגֶעהוֹיבֶּען וֶוערֶען שְׁטַארְק פְרוּם! דָאס אִיז אַ רַאנְק דֶעם וָואס צוּ דֶער חֲתוּנָה הָאט מֶען אִיהר גֶעקוֹיפְט אַ טַייטְשׁ-חוּמָשׁ מִיט אַלֶע וַוייבֶּערְשֶׁע תְּחִנוֹת. זִיצֶענְדִיג אִין שֶׁענְק הָאט זִי אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְק אַרַיינְלֶעגֶען אִין זַיי דֶעם קָאפּ, דֶערְצוּ אַלֶע שַׁבָּת גֶעהְן אִין שׁוּל אַרַיין זִיךְ אָנְגֶעהֶערְט דֶער זָאגֶערִינְס תּוֹרָה וּבִפְּרַט נָאךְ מִיט דְרָואשֶׁע דֶער מוֹקְעֶרְנִס מוּסָר. זִי הָאט אוֹיסְגֶעלֶער'נְט דִי וַוייבֶּערְשֶׁע גַאנְצֶע תּוֹרָה וִוי אַ וַואסֶער אונ אִיז אַזוֹי פְרוּם גֶעוָוארֶען, אַז זִי פְלֶעגְט מִיט יֶעדֶען (חוּץ מִיט דִי „שָׂרִים וּמְלָכִים") אוֹיף קֵיין שׁוּם שְׁפְּרַאךְ נִיט רֶעדֶען נוּר וִוי אוֹיף הַתְּחִנָּה לָשׁוֹן ד. ה. דַייטְשׁ – יוּדִישׁ גֶעמִישְׁט

מִיט לְשׁוֹן קוֹדֶשׁ. זִי הָאט אָנגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְק מוֹרָא הָאבֶּען פַאר עֲבֵרוֹת אוּנ פַאר דֶעם גֵיהִנָם וָואס עֶס בְּרֶענְט וִוי אַ קַאלֶךְ אוֹיבֶען פוּן אֵיין שַׁבָּת צוּם אַנְדֶערְן, וִוי מֶען בְּרֶענְט דִי רְשָׁעִים גַנְבִינֶען זַיי פוּן דֶער נַאס שְׁטִיקֶער שְׁנֶעע אוּנ בַּאהַאלְטֶען אוּנְטֶער דִי פַאחְוֶועס צִי וָאלֶען זִיךְ קֶענֶען קִיהְלֶען וָוען עֶס בְּרִיהְט זַיי; בַּיי נַאכְט דַאוְונֶען מֵתִים אִין דֶער אַייבֶּערְשְׁטֶער שׁוּל א. ז. וו.

מִיט אֵיין וָוארְט זִי הָאט גֶעגְלוֹיבְּט אוּנ מוֹרָא גֶעהַאט פַאר אַלֶּע זַאכֶען וִוי עֶס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דִי הֵיילִיגֶע תְּחִינוֹת, אִין טַייטְשׁ חוּמָשׁ אוּנ אִין אַלֶע אַנְדֶערֶע וַוייבֶּערְשֶׁע הֵיילִיגֶע סְפָרִים. נָאךְ מֶעהר מוֹרָא הָאט זִי גֶעהַאט פַאר אִיהְרֶע זִינְד; נָאר זִי הָאט זַיי שׁוֹין לַאנְג גֶערֶעכֶענְט פַאר אָבְּגֶעוַואשֶׁען, דֶענְן גַאנְצֶע צְוֵויי יָאהְר הָאט זִי עֶטְלִיכֶע מָאל אִין טָאג אוֹיסגֶעגָאסֶען אַ כַּאס וַואסֶער אוֹיף דִי הָאנְד אוּנ גֶעבֶּעטֶען דֶעם וָואס לֶעבְּט אֵייבִּיג בְּזֶה הַלָּשׁוֹן:

„אֲדוֹן כָּל הָעוֹלָמִים, הֶערר פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט! דוּ הָאסְט דֶעם מֶענְשֶׁען בַּאשַׁאפֶען אַז עֶר זָאל דִיר דִינֶען אוּנ אִיךְ הָאבּ וִוידֶערגֶעשְׁפֶּענִיגְט גֶעגֶען דִיר אוּנ דוּ טְהוּסְט מִיךְ שְׁטְרָאפֶען טְהוּ אִיךְ ווִידֶערְקֶעהְרֶען צוּ דִיר מִיט מֵיין תְּפִלָּה אוּנ גֶעבֶּעט אוּנ דַיין דֶערְבַּארְמִיגֶע גֶענָאד אִיז גְרוֹיס אִיבֶּער דֶעם הִימֶעל, לַאנְג וִוי אַלֶע וֶועלְטֶען אוּנ דַיין קִינִיגְרַייךְ אִיז שְׁטַארְק, דְרוּם בִּיסְט דוּ גֶערוּפֶען דֶער גָאטט פוּן מִשְׁפָּט אוּנ וֶוען אִיךְ בִּין אוּנְטֶערְטֶהֶענִיג מִיט תְּשׁוּבָה, בִּיסְט דוּ מוֹחֵל מִיט דַיין זִיסֶען נָאמֶען. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! אִיךְ הָאף אַז דוּ וֶועסְט מֵיין תְּפִלָּה צוּרִיק נִיט מַאכֶען קֶעהְרֶען, וָוארוּם „מִי אָנֹכִי“, וֶוער בִּין אִיךְ דָאס אַזוֹי? אִיךְ זָאל זוֹכֶה זַיין תְּשׁוּבָה צוּ טְהוּן פַאר אַזוֹי אֵיין גְרוֹיסֶען קִינִיג אוּנ אִיךְ בִּין אֵייטֶעל בְּלוּט אוּנ פְלֵייש, אוּנ דָוִד הַמֶּלֶךְ ע"ה (אַזוֹינֶע קִינֶדֶער זָאלְסְט דוּ מִיר גֶעבֶּען רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם!) הָאט אוֹיךְ גֶעזָאגְט: „אַ צוּבְּרָאכֶען הַארְץ טְהוּסְט דוּ נִיט פַארשֶׁעמֶען אוּנ זֶעהְסְט אָן דִי פַּיין אוּנ דִי קְוֶועלֶען פוּן טְהְרֶערֶען וָואס רִינֶען אוֹיף מֵיינֶע קִינְבַּאקֶען וִוי פוּן אַ רִינְוֶוע אָדֶער פוּן אַ דַאךְ, דְרוּם זַיי מִיר מוֹחֵל אוּנ הֶער צוּ מֵיינֶע בַּקָּשׁוֹת אוּנ מֵיין תְּשׁוּבָה צוּ דִיר, וָוארוּם אִיךְ פוּרְכְט מִיךְ זֶעהְר פַאר דֶעם שָׂטָן וָואס טְהוּט אִין מֵיין הַארְץ דִי תְּפִלָּה הִינְדֶערְ'ן. לִיעבֶּער פָאטֶער הֶעלְף מִיר קֶעגֶען דֶעם שָׂטָן וָוארוּם אִיךְ קֶען נִיט מִיט מֵיין קְרַאפְט אִהם בֵּייקוּמֶען, עֶר אִיז מְקַטְרֵג מֵיין תְּשׁוּבָה וֶוענֶען מֵיינֶע זִינְד וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן אִין מֵיין יוּגֶענְד; לִיעבֶּער גָאטט זַיי מִיר מוֹחֵל, אִיךְ הָאבּ בִּיז אַהֶער גֶעטְהוּן וִוי אַ שׁוֹטֶה. „אוֹי לִי“ וֵויי אִיז צוּ מֵיין לַייבּ וָואס מִיט דַיין גְרוֹיסֶער קְרַאפְט הָאסְט דוּ מֵיין לַייבּ בַּאשַׁאפֶען פוּן לֶעהְם אוּנ „אוֹי לִי“ אַ וואוּנְד אִיז מִיר אוֹיף מֵיינֶע בֶּאזֶע מַעֲשִׂים וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן אוֹיף דֶער וֶועלְט וָואס אִיז הֲבֵל הֲבָלִים, וִוי אַ שָׂטָן אוֹיף דֶער וַואנְד; אוּנ וֶוער וֶועט מִיר דָא הֶעלְפֶען אִין מֵיינֶע נוֹיטְהֶען אַז דֶער בַּעַל פְּקָדוֹן וֶועט שִׁיקֶען נָאךְ מֵיין פַאר־פְלֶעקְטֶער פַארפִינְטֶעלְטֶער קוֹטִינֶער נְשָׁמָה וָואס אִיז שְׁוַוארְץ וִוי דִי לַייבֶּער פוּן דִי רְשָׁעִים אִין גֵיהִנָם; מֵיין נְשָׁמָה וֶועט זִיךְ שֵׁיידֶען פוּן מֵיין גוּף עֶס וֶועט פַארלָאשֶׁען וֶוערֶען דָאס לִיכְט פוּן מֵיינֶע אוֹיגֶען, מֵיין חָכְמָה וֶועט פַארגֶעהְן וִוי דִי זוּנְן פוּן דֶעם הִימֶעל. נַאקִיט בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט, נַאקִיט וֶועט מִיךְ דֶער בַּעַל דָּבָר

צונעמען פון דער וועלט, פון מיין שיין ליכטיג הויז אין פינסטער'ן קבר אריין אונ די ווערים וועלען קומען איבער מיין גאנץ לייב אונ וועלען מיך עסען אונ נאגען מיין בלוט ווי א גוטען וויין פון גרויסע צווייגען ווייינטרויבען אונ מיין נשמה וועט געביך שטעהן אונ וועט דאס אלעס צוזעהן; נאך דעם וועט מען מיך ערשט רופען צום יום הדין הגדול והנורא פאר דעם בית דין אונ מען וועט אויפמאכען דאס ספר הזכרונות נאך מיין כתב נאך, מיינע מעשים וועלען קלערען מיין דין, א שטיין פון דער וואנד וועט עדות זאגען, א שפאן פון האלץ וועט ענטווערען מיט מדת הרחמים אונ מדת הדין אונ איך וועל בלייבען שטעהן מיט א פארשעמט פנים פאר דיר הגדול הגבור והנורא; דער בעל פקדון וועט מיך אבגעבען צו די מלאכי חבלה וואס איך האב אליין באשאפען אונ אין מיין אייגען פייער וועט מען מיך בראטען אין גיהנם. „אוי ליי וויי איז צו מיין שווארץ לייב וואס מיט דיין גרויסער שטארקער קראפט האסט דו עס באשאפען פון לעהם אונ פון בלאטע, וואס איז שווארץ ווי די האלאוועשקים וואס זענין איבערגעבליבען פון דעם חורבן בית המקדש אונ אונזער הייליג לאנד ירושלים, אונ בזכות זה וועלען מיר זוכה זיין אין ארץ ישראל אויסגעלייזט ווערען פון דעם גלות אמן סלה".

## XI.

## אשת חיל.

ביי איהר גרוים פרומקייט האט זי געהאט א חסרון וואס זי פלעגט איהם קיין מאל ניט מודה זיין. למשל ווען איינער האט זיך מיט איהר איבער עפים געשפארט פלעגט זי באלד ווערען אין כעס, פארגעסען אן דער גאנצען פרומקייט מיט אלע הייליגע תחנות, אפילו דאס תחנה לשון, אונ פלעגט אנהויבען רעדען אונ קריעגען זיך מיט אזא לשון פונקט ווי א גוישע פערעקופקע וואס זיצט אין מארק אונ פארקויפט אפעלעך; אז דער כעס איז איהר אבגעגאנגען פלעגט זי די מינוט פארביטען דאס פערעקופקער לשון אויף תחנה לשון, פארציהען דעם גרויסען ברייטען פיסק אין א קליין קיילעכיג פיסקעלע מיט פאלבען אונ קנייטשען ווי א רינגעלע אונ נאר רעדען מיט גאטט פון זיינע גרויסע מעשים, פון דעם גיהנם, פון די רשעים, פון די ווייבער וואס געהען ערגיץ אין די גרויסע שטאדט מיט די אייגענע האר, פון די עקדיכין אין דער מדבר, פון דעם עולם התוהו, פון דעם גן עדן התחתון, פון יודישע מאכטער וואס לאבען פאר מאנסבילען אונ וואס קומען אב פאר זייערע זינד א. ז. וו.

דאס ערשטע מאל ווען שפרינצע האט געזאגט בערלען אז ער האט ניט וואס צו טהון אין קלייט, האט ער ניט אבגעשוויגען אונ געפרעגט:

– וואס הייסט? וואס הייסט איך זאל ניט זיין אין קלייט?

– עס איז געווען פון מיינטוועגען – האט זי געענטווערט מיט דעם צונויפ-

גֶעצוֹיגֶענֶעם פִּיסְקֶעלֶע אוּנ מִיט דֶעם פַארְגֶאמְטֶערְטֶען פָּנִים — וָואס אִיךְ בִּין אַזוֹי זִינְדִיג אוּנ פַארְגֶעסְ זִיךְ מִיט זִינְדִיגֶע זַאכֶען, וָואס טְהוּט אַ מֶענְשׁ נִיט צוּ לִיעבּ פַּרְנָסָה? דַארְפְסְט דוּ נָאךְ זִיךְ אָבְּגֶעבֶּען מִיט אַזוֹינֶע זַאכֶען! זִיץ אִין קְלוֹיז אוּנ לֶערֶען וֶועט אִיךְ אִין דֶעם זְכוּת גָאטְט הֶעלְפֶען כֶּפֶל כִּפְלַיִם, גְלַייךְ וִוי דוּ זָאלְסְט אוֹיךְ זַיין אִין קְלֵייט״. וָוען בֶּערֶעל הָאט אִיהר דֶערוֹיף גֶעעֶנְטְוֶוערְט:

— וָואס הֵייסְט, דוּ זָאלְסְט מִיךְ לֶערְנֶען? אִיךְ בִּין אַ מַאנְסְבִּיל אוּנ אִיךְ וֵוייס אַזוֹי גוּט וָואס הֵייסְט עֲבֵרוֹת, וָואס אַ יוּד מֶאג אוּנ וָואס עֶר טָאר נִיט גְלַייךְ מִיט דִיר פוּן דַיינֶע תְּחִנּוֹת.

דָא הָאט שְׁפְּרִינְצֶע אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען דֶעם פִּיסְק וִוי לַאנְג אוּנ בְּרֵייט עֶר אִיז אוּנ הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיף אִיהר פֶּערֶעקוּפְּקֶע לָשׁוֹן:

— אוֹיף דְרוֹיף הָאט דִיךְ מַיין טַאטֶע גֶענוּמֶען פַאר אֵיין אָרֶעם בָּחוּר אַז דוּ זָאלְסְט אִיבֶּער זַיין טָאכְטֶער גֶעוֶועלְטִיגֶען אוּנ הֶערְשֶׁען? וָואס נָאךְ הָאט עֶר גֶעפוּנֶען אִין דִיר אַז נִיט קֵיין תּוֹרָה? אָט וַוארְף אִיךְ דִיר צוּ דִי קִינְדֶער אוּנ זַיי זֵיי מְפַרְנֵס מִיט דַיין תּוֹרָה וִוי דוּ וִוילְלְסְט אוּנ מִיט דֶער קְלֵייט וֶועל אִיךְ אַוֶועקְגֶעהְן צוּ מַיין טַאטֶען א. ז. וו.

פוּן דֶעם טָאג אָן הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צְוִוישֶׁען זֵיי אַלֶלֶע מָאל קְרִיעג אוּנ קְרִיעג, עֶס אִיז אַ טָאג נִיט אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען שְׁטִיל אָהְן קֵיין טַעֲנוֹת אוּנ אָהְן קֵיין קְרִיעג; זִי הָאט גֶעטַעֲנְהט אַז זִי אִיז וַוייבּ אוּנ עֶר מַאנְן, אוּנ עֶר הָאט גֶעטַעֲנְהט אַז עֶר אִיז מַאנְן אוּנ זִי אִיז וַוייבּ; זִי הָאט גֶעטַעֲנְהט אַז זִי ווִילְל הָאבֶּען אַ מַאנְן אַ תַּלְמִיד חָכָם וָואס זָאל זִיצֶען יוֹם וָלַיְלָה אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ. עֶר זָאל אִיהר פַארְדִיעֶנֶען עוֹלָם הַבָּא; אוּנ עֶר הָאט גֶעטַעֲנְהט אַז עֶר ווִילל הָאבֶּען אַ וַוייבּ וָואס זָאל זִיצֶען אִין דֶער הֵיים, זַיין אַ בַּעַל בַּיִת׳טֶע אוּנ עֶר אִין קְלֵייט אַ פָּאטֶער פַאר זַיין פַאמִילְיֶע. גָאר אַזוֹי וִוי בֶּערֶעל הָאט נִיט גֶעקֶענְט אַזוֹי שְׁרַייעֶן, שֶׁעלְטֶען אוּנ זִידְלֶען וִוי שְׁפְּרִינְצֶע, הָאט זִי טַאקִי אוֹיסְגֶעפִיהְרְט, ד. ה.—זִי אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אִיז קְלֵייט אוּנ עֶר אִין קְלוֹיז. זַיין לֶעבֶּען אִיז אִיהם אַזוֹי נִמְאַס גֶעוָוארֶען, אַז עֶר הָאט זִיךְ נִיט אֵיין מָאל עֶנְטְשְׁלָאסֶען זִי אִיבֶּער־לָאזֶען מִיט דֶער קְלֵייט אוּנ זִיךְ גֶטִּין, נָאר צוּ זַיין אוּמְגְלִיק הָאבֶּען זֵיי שׁוֹין גֶעהַאט קִינְדֶער אוּנ וִוי אוֹיף צוּוֶעצֶענֶעשׁ זֶעהר שֶׁאנֶע, זֶעהר גֶערָאטְהֶענֶע אוּנ עֶר הָאט זֵיי אַזוֹי לִיעבּ בַּאקוּמֶען, אַזוֹי צוּגֶעבּוּנְדֶען גֶעוָוארֶען צוּ זֵיי, אַז זַיין גַאנְץ לֶעבֶּען אִיז בַּאשְׁטַאנֶען אִין דִי קִינְדֶער אוּנ עֶר הָאט בַּיי זִיךְ אֵיין מָאל פַאר אַלֶע מָאל גֶערֶעשֶׁעט „לֶעבֶּען צוּ לִיעבּ דִי קִינְדֶער".

פִיעל יָאהרֶען זֶענֶען אַזוֹי אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען. אִין דֶער צַייט הָאט זִיךְ בֶּערֶעל אַזוֹי אוּנְטֶערְגֶעגֶעבֶּען שְׁפְּרִינְצֶען אַז עֶר אִיז פָאלְקָאמֶען גֶעוֶועזֶען בַּיי אִיהר אִין דִי הֶאנְד, וָואס זִי הָאט גֶעזָאגְט הָאט עֶר גֶעטְהוּן, קֵיין מָאל אִיז עֶר אִיהר מִיט קֵיין הַאלְבּ וָוארְט נִיט דֶערְווִידֶער גֶעוֶועזֶען; הָאט זִי אִיהם גֶעשָׁאלְטֶען הָאט עֶר גֶעשְׁווִיגֶען, אִיז זִי גֶעוֶועזֶען גוּט (דָאס אִיז פָּארְגֶעקוּמֶען זֶעהר זֶעלְטֶען), הָאט עֶר אוֹיךְ גֶעשְׁווִיגֶען. עֶר הָאט זִיךְ אַזוֹי אַיינְגֶעוֶואהְנְט זִיךְ צוּ אוּנְטֶערְגֶעבֶּען אַז נִיט נָאר זַיין פְרוֹי נָאר יֶעדֶען

מענשען באזונדער אפילו ווען א ווייסער חברה׳ניק אקראקען איהם אויף קאפ האט ער אויך געשוויגען.

בערעל האט מעהר ניט געוואוסט ווי א גאנצען טאג ציצען אין קלויז און אויף דער נאכט זאל ער אין דער היים אויסהערען אללע בעפעו שפרינצעס, אלעס טהון וואס זי האט געשאפט מיט איהם און דערנאך שפיעלען זיך מיט זיינע קינדער.

זיי, די קינדער האבען דעם פאטער מעהר געקענט ; די מוטער, זיי זעהן מיט איהם מעהר געווען צוזאממען, און ווידער ווייל ער איז מיט זיי געווען אזא גלייך קינד ווי זיי, זיך אונטערגעגעבען שפרינצען גלייך מיט ...

ווען די עלטערע קינדער זענען אויסגעוואקסען האבען זיי בעסער אנגעהויבען צו פארשטעהן זייער אומגליקליכען פאטער און דערפאר מעהר ליעב האבען און אכטען, און די מוטער כמעט ווי פיינד האבען. זיי האבען זי נאטירלה ניט געקענט ליעב האבען, ווייל זי האט זיך מיט זיי ניט אבגעגעבען ווי א מוטער מיט קינדער, זי האט נאר געוואוסט צו זיין איין אשת חיל, זיצען אין קלייט און זיך קריעגען מיט דער גאנצער וועלט ווי א פערעקופקע.—

מיין ערצעהלונג לאזט ניט איך זאל אזוי פיעל רעדען פון שפרינצען, איך בין שוין אזוי אויך צופיעל אוועקגענאנגען אין דער זייט. נאר איך האב זיך געמוזט חאטש אין קורצען באקאנען מיט דעם סארט יודישע פרויען וואס געפינען זיך ניט ווינציג צווישען אונזערע יודישע „אשת חיל׳ס”; איך וועל שוין דא מעהר פון איהר לעבענסגעשיכטע ניט רעדען, מיר וועלען זיך טאקי באלד און אויך שפעטער באגעגענען מיט איהר, נאר דערווייל מוז איך צוזעצען — איהר זאלט ניט מיינען אז בערעל איז שוין טאקי אזוי געוועזען דערשלאגען, פארנארישט אדער אזוי משוגע וואס ער האט ניט פארשטאנען קיין אנדער לעבען און איז שוין געוועזען צופריעדען מיט אזא לעבען, אדער ער האט שוין גאר ניט געפיהלט זיין אומגליקליכען שטאנד — א קלייניקייט שוין געטליבע און צוואנציג יאהר אז ער לעבט אזוי מיט זיין ווייב שפרינצע!

אום איהר זאלט ניט האבען קיין טעות, מוז איך אייך איבערגעבען אז דער אומגליקליכער בערעל האט שטענדיג פארשטאנען זיין לאגע אויף אללע אופנים גלייך ווי מיר זייטיגע מענשען פארשטעהען. נאר וואס האט ער געזאלט טהון ? אז ער האט ניט געהאט קיין שום ארויסגאנג פון זיין אומגליקליכער לאגע — זיין ליעבשאפט צו די קינדער האט איהם צוגעשלאסען צו דעם לעבען און ער איז אזוי געוואהנט געווארען מיט דעם שטאנד ווי זיין ווייב האט איהם געשטעלט. נאר אין איינינגע זאכען האט ער זיך צו קיינעם ניט אונטערגעגעבען און ניט געפאלגט, אפילו שפרינצען אויך ניט; די זאכען זענען: ווען עס איז אין קלויז געקומען איין ארימאנן וואס מען האט איהם באדארפט מאכען עטליכע גראשען, האט בערעל ניט גערוהט ביז זיי זענען באשאפען געווארען; א גוטער יוד אדער איין איניקעל ווען עס איז געקומען אין שטאדט, האט בערעל ווייטער ניט גערוהט ביז דער רבי איז ניט אוועקגעפאהרען

מִיט אַ גוּט הַאֶרְץ װֶעגֶען דִי זְלִידְגִיוְוקֶער אוּנ . . . אוּנ נָאךְ מֶעהר װֶען עֶס הָאט זִיךְ גֶעטְרָאפְֿען אַ שְׂרֵיפָֿה, הָאט בֶּערֶעל אַלֶעס אַװֶעקְגֶעװָארְפֶֿען אוּנ אִיז גֶעלָאפֶֿען לֶעשֶׁען, רַאטֶעוֶוען. אִיבֶּער דִי שְׂרֵיפֿוֹת פְֿלֶעגְט עֶר אָפְּט פַֿארְפַֿאלֶען װֶערֶען אוֹיף עֶטְלִיכֶע טֶאג, בִּיז שְׁפְּרִינְצֶע פְֿלֶעגְט שׁוֹין מֵיינֶען אַז זִי אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אַיין עֲגוּנָה; װִיפִֿיעל מָאל הָאט עֶר זִיךְ אָבְּגֶעבְּרִיהְט אוּנ אִיז שְׁלַאף גֶעװָארֶען אִיבֶּער דִי שְׂרֵיפֿוֹת, װִיפִֿיעל מֶענְשֶׁען הָאט עֶר אָבְּגֶעראַטֶעװֶעט דָאס לֶעבֶּען, װִיפִֿיעל מָאל הָאט שְׁפְּרִינְצֶע אִיהם בַּאצָאהלְט אַז עֶר הָאט גֶעקָאנְט גֶערֶענְקֶען אוֹיף אַ יָאהר, עֶס הָאט אַלְץ נִיט גֶעהָאלְפֶֿען; עֶר הָאט זִיךְ נָאךְ מֶעהר אַרַיינְגֶעלָאזְט אִין דִי זַאכֶען זִינְט זַיין אֶלְטְסְטֶע אוֹיסְגֶעגֶעבֶּענֶע טָאכְטֶער פְֿרוּמֶע אִיז בַּאלְד נָאךְ דֶער חֲתוּנָה גֶעשְׁטָארְבֶּען פֿוּן דֶער מִקְוָה גֶעהֶענְדִיג, אַ דַאנְק דֶער פְֿרוּמֶער מוּטְעֶר — דֶער אִשָּׁה צְנוּעָה שְׁפְּרִינְצֶע, װָאס מִיט אִיהר חֲתוּנָה הָאט זִי שׁוֹין דִי טָאכְטֶער אוֹיסְגֶעמוּסֶרְט װִי אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער דַארְף זִיךְ פִֿיהרֶען װֶען זִי הָאט חֲתוּנָה, װִי דִי לֶעזֶער גֶערֶענְקֶען אִין אָנְהוֹיב פֿוּן דֶער עֶרְצֶאהלוּנְג. נָאךְ דֶער טָאכְטֶערְס טוֹידְט הָאט בֶּערֶעל שׁוֹין צַייטֶענְוַויים נִיט פַֿארְשְׁטַאנֶען װִי אוּמְגְלִיקְלִיךְ עֶר אִיז, אַזוֹי װִי עֶר הָאט פְֿרִיהֶער גֶעמֵיינְט. חוּץ דֶעם אִיז אִין דֶער לֶעצְטֶער צַייט נִיט אַװֶעקְגֶעגַאנְגֶען קַיין אָבֶּענְד עֶר זָאל צוּ אֵיימְעֶצִין נִיט אַרַיינְקוּמֶען מִיט זֶעקְסֶער, װָאס עֶר הָאט צוּגֶעגְנַבֶט בַּיי שְׁפְּרִינְצֶען, אוּנ קוֹיפֶֿען מִיט אַיימֶעצִין בְּשׁוּתְּפֿוּת אַ „קְרוּטְשָׁאק״ בְּרָאנְפֶֿען בַּיי יֶענְטֶע דֶער מְלַמֶּדְקֶע, צוּבָּארְגֶען צְוַויי רֶעטְשֶׁענֶע פְֿלֶעצְלֶעךְ פַֿאר צְוַויי גְרָאשֶׁען, טְרִינְקֶען הוּנְדֶערְט מָאל לְחַיִּים פַֿאר מִיר, פֿאר אַייךְ, פַֿאר דֶעם יוּדִישֶׁען גָלוּת, פַֿאר גָאטְט אוּנ פַֿאר כָּל יִשְׂרָאֵל; אוֹיסְגִיעסֶען דָאס הַאֶרְץ, װֵיינֶען, טַאנְצֶען, זִינְגֶען, אוֹיפְֿװֶעקֶען בַּיי אֵיימְעֶצִין דִי קִינְדֶער זָאלֶען גֶעהְן טַאנְצֶען, אִיבֶּערְבֶּעטֶען דֶעם בַּעַל בַּיִת װָאס עֶר הָאט אִיהם דַאקוּטְשְׁעט, מִיט דִי װָארְטֶער: „עֶס אִיז מִיר גְרִינְגֶער, אִיךְ הָאבּ זִיךְ אַבִּיסְעל אוֹיסְגֶעגָאסְען דָאס הַאֶרְץ, עֶס אִיז שׁוֹין מֶעהר נִיט קֶענְלִיךְ צוּ לֶעבֶּען, אִיצְטֶער קֶען אִיךְ װַייטֶער לֶעבֶּען״ . . .

אִין דֶער אֶמֶת׳ן נָאךְ אַזַא מִין אָפֶּערַאצְיֶע פְֿלֶעגְט עֶר װֶערֶען דֶער פְֿרִיהֶערְדִיגֶער בֶּערֶעל פְֿלַאסְטֶער, בִּיז עֶר הָאט בַּאדַארְפְֿט גֶעמֶען אַ נַיי בִּיס׳ל בְּרָאנְפֶֿען. דָאס הָאט בֶּערֶעל גֶעטְרַאכְט מִהוּן הַיינְטִיגֶען שַׁבָּת אוֹיךְ וּבִפְֿרַט נָאךְ אִין שְׁטָאדְט אִיז פֶֿארְגֶעקוּמֶען אַזַא נַייעֶס — דִי בָּאד אִיז אָבְּגֶעבְּרֶענְט גֶעװָארֶען, װֶעט מֶען זִיךְ אַ וַודַאי נֶעמֶען אַבִּיס׳ל אוּנ אַ יִס׳ל אוּנ טַאקֶע װַייטֶער אַ בִּיסֶעלֶע נָאר . . . נָאר: אַ מֶענְשׁ טְרַאכְט אוּנ גָאטְט לַאכְט, נָאר . . .

---

## XII.

## אַ װַייבֶּערְשׁ מַיילְכֶעל.

— נַאר . . . זָאג מִיר נַאר װָאס בִּיסְט דוּ עֶס פַֿארְפַֿאלֶען גֶעװָארֶען אַ גַאנְצֶע נַאכְט? . .

וַוייטֶער אויף דִיר אַ פָּאזְשַׁאר ?!!.. אַ בְּרֶענֶענִיש, אַ קָאכֶענִיש!!..הָאט אִיהם שְׁפְּרִינְצֶע גֶעעֶנְמְוֶוערְט אויף זַיין גוּט שַׁבָּת. –

אוּמְגְלִיקְלִיכֶער בֶּעריל! עֶר הָאט זִיךְ נֶעבֶּעךְ אִיצְטֶער נִיט גֶעקָאנְט אויסדְרֶעהֶען, פָּשׁוּט קֵיין אָרְט נִיט גֶעקָאנְט גֶעפִינֶען, וֶוען עֶס זָאל אִיצְטֶער נִיט זַיין שַׁבָּת פַאר׳ן עֶסֶען, וָואלְט עֶר גֶעפַאלֶען אויף אַ שֵׂכֶל אוּנ וָואלְט זִיךְ דֶערוַוייל אויסגֶעדְרֶעהְט פוּן שְׁפְּרִינְצֶעס הֶאנְד, ד. ה. עֶר וָואלְט גֶעטְהוּן דָאס אֵייגֶענֶע וָואס עֶר טְהוּט תָּמִיד, וֶוען שְׁפְּרִינְצֶע חַאפְּט זִיךְ אַרויף אויף אִיהם – עֶר וָואלְט אָנגֶערוּקְט דָאס הִיטֶעל אוּנ אַוֶועקגֶעגַאנְגֶען בִּיז שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט, גֶעזֶעסֶען אִין קְלוֹיז אוּנ דֶערנָאךְ גֶעוִוים פַארקְרָאכֶען צוּ אַ בַּאקַאנְטֶען קוֹיפֶען בְּשׁוּתְּפוּת אַ בִּיסֶעל בְּרָאנְפֶען, נָאר אִיצְטֶער הָאט עֶר נִיט גֶעקֶאנְט אַוֶועקגֶעהְן – שַׁבָּת פַאר׳ן עֶסֶען וואו זָאל עֶר גֶעהְן? דִי קְלוֹיז אִיז פַארמַאכְט, אִין גַאס זֶעהְט מֶען אויךְ נִיט קֵיין לֶעבֶּעדִיגֶען מֶענְשֶׁען, אַללֶע זִיצֶען אִיצְטֶער מִיט וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער בַּיים טִישׁ אוּנ עֶסֶען לְכָבוֹד שַׁבָּת אוּנ קוּקֶען אַרויס פוּן דִי פֶענְסְטֶער אוּנ אַז זֵיי וֶועלֶען דֶערזֶעהְן אִין אַזאַ צַייט בֶּערְלֶען אַרוּמְדְרֶעהֶען זִיךְ אִין גַאס, וֶועלֶען זֵיי גֶעוִוים פַארשְׁטֶעהְן אַז זַיין שְׁפְּרִינְצֶע אִיז אויף אִיהם אָנגֶעפַאלֶען אוּנ עֶר הָאט גֶעמוּזְט אַנְטְלוֹיפֶען; אַז יֶענֶער זָאל וִויסֶען – אִיז בַּיי בֶּערְלֶען גֶעוֶועזֶען אֶרְגֶער פוּן דֶעם טוֹידְט, דַארוּם הָאט עֶר זִיךְ נִיט גֶערִיהְרְט פוּן דֶעם אָרְט אוּנ הָאט מִיט אַיין אַרָאבגֶעלָאזְטֶען קָאפּ, מִיט אַ דֶערשְׁרָאקֶען פָּנִים אויסגֶעהֶערְט שְׁפְּרִינְצֶען. – זִי הָאט זִיךְ דֶערמִיט בֶּענוּצְט, זִי זָאל קֶענֶען אויסגִיעסֶען אִיהר גַאנְץ הָארְץ. – זִי פְלֶעגְט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג קְלָאגֶען אויף אִיהם אַז וִוי בַּאלְד זִי ווִילל זִיךְ אַ מָאל אויסרֶעדֶען, אויסגִיעסֶען דָאס הַארְץ, וִוי עֶס טְרֶעפְט זִיךְ אַ מָאל צְוִוישֶׁען מַאנן אוּנ וַוייבּ, נֶעמְט עֶר אוּנ אַנְטְלוֹיפְט אוּנ זִי בְּלַייבְּט אַליין אוּנ פַאר הַארְצְוַוייטָאג וָואס אִיהר אָפְּפֶער אִיז אַרוֹיס פוּן אִיהרֶע הֶאנְד פְלֶעגְט זִי שְׁפְּרִינְגֶען בִּיז אִין דֶער סְטֶעלְיֶע, רַייסֶען זִיךְ בַּיי דִי הָאר וַויינֶען אוּנ שְׁרַייעֶן גֶעוַואלְד, אַז זִי הָאט בַּיי בֶּערְלֶען אַ פַארשְׁטֶערְטֶע וֶועלְט, עֶר ווִילל אֲפִילוּ פוּן זַיין אֵייגֶען וַוייבּ, וָואס דֶער אֵייבֶּערְשְׁטֶער הָאט בַּאשַׁאפֶען פוּן בֶּעריל׳ס פַאחְוֶוע, נִיט אויסהֶערֶען אִיהר שְׁוֶוער הַארְץ, וִוי עֶס פִיהְרְט זִיךְ אַ מָאל צְוִוישֶׁען מַאנן אוּנ וַוייבּ. –

– אִי, אִי, קוּק נָאר אָן וִוי עֶר זִיצְט אַ בִּיס׳ל, הָאט זִי וַוייטֶער אָנגֶעהוֹיבֶּען, אַז זִי הָאט גֶעזֶעהְן וִוי בֶּעריל עֶנְטְוֶוערְט אִיהר גָאר נִיט, וִוי אויף צוּוֶועצֶענִיש, וִוי אִיהר הָאט זִיךְ שְׁטֶענְדִיג אויסגֶעוויזֶען אַז בֶּעריל׳ס שְׁוַוייגֶען ווִילל זָאגֶען: רֶעד, שְׁרַיי, קְווִיטְשֶׁע, רַייס זִיךְ אויף דִי צֶאהְן, חָאטְשׁ וֶוער צוּוֶועצְט שְׁרַייעֶנְדִיג אוּנ אִיךְ וֶועל שְׁוַוייגֶען. פוּן דֶעם גֶעדַאנְקֶען פְלֶעגְט שְׁפְּרִינְצֶע גָאר אָנְגֶעצוּנְדֶען וֶוערֶען; טַאקִי שְׁפְּרִינְגֶען בִּיז אִין דֶער סְטֶעלְיֶע. –

– נָא אִיךְ פְּרֶעג דִיךְ וָואס זִיצְט דוּ? וִוי גְלַייךְ עֶס רֶעד גָאר נִיט צוּ דִיר דַיין וַוייבּ, אַ הוּנְד זָאל רֶעדֶען צוּ דִיר וָואלְסְט דוּ שׁוֹין אויךְ נִיט גֶעזֶעסֶען.

– נָא וֶועל אִיךְ אַוֶועקְגֶעהְן...

– אַוֶועקְגֶעהְן ווִילְסְט דוּ?... אַט הָאסְט דוּ דִיר מַיינֶע שַׁבָּתִים וָואס אִין

הארֶעוֶע אַזוי בְּלוּטִיג אַ גַאנְצֶע וָואךְ אוּנ עֶר ווילל זִיךְ אַוֶועקְגֶעהֶן, ווִי גְלֵייךְ עֶר איז גָאר נִיט קֵיין מַאנְן פוּן וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער. אוּמְשְׁטֵיינְס גֶעזָאגְט סַיין וֶועלְט, אַזוי פַארְשְׁטֶערְט עֶר מִיר מַיינֶע אַלְלֶע שַׁבָּתִים אוּנ מַיין גַאנְצֶע וֶועלְט.—

– אִיךְ פַארְשְׁטֶער דִיר?.. הָאט עֶר קוים אויסְגֶערֶעדְט:

– וֶוער דֶען אַז נִיט דוּ? דוּ, דוּ גָאר דוּ אַלֵיין, אִיךְ בִּין רֶען בַּיי דִיר אַ וַוייבּ ווי בַּיי אַלְלֶע מֶאנְנֶער, דוּ זָאלְסְט ווִיסֶען אִיהר וֶוערְטְה, וָואס פְרִיהֶער גָאטְט אוּנ דֶערְנָאךְ אִיךְ, בְּרֶענְג אַרֵיין דִי גַאנְצֶע פַּרְנָסָה, אִין שְׁטוּב. וָואס וָואלְט אִיהר אַלְלֶע גֶעטְהוּן אָהן מִיר?..

אַלֶעס אִין דֶער וֶועלְט, אוּנ נָאךְ מֶעהר שְׁפְּרִינְצֶעס שְׁרַייעֶן, הָאט בֶּערֶעל גֶע־קָאנְט אִיבֶּערְשְׁוַויינֶען אוּנ אִיבֶּערְטְרָאגֶען, נָאר אַז זִי פְּלֶעגְט אִיהם דֶערְמָאנֶען אוּנ (דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶן יֶעדֶער מִינוּט) אַז זִי אִיז דִי פַּרְנָסָה גֶעבֶּערִין, הָאט בֶּערִיל נִיט גֶעקָאנְט אָבּ־שְׁוַויינֶען אוּנ נִיט אָבְּעֶנְטְווֶערִין, אוּנ אוֹיף אִיהר פְּרַאגֶע וָואס וָואלְט עֶר אוּנ דִי גַאנְצֶע שְׁטוּב גֶעטְהוּן אָהן אִיהר, פְלֶעגְט עֶר עֶנְטְווֶערִין אַז אָהן אִיהר וָואלְט עֶר גֶעוואוּסְט אַז עֶר לֶעבְט אוּנ וָואלְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ לֶעבֶּען מִיט דֶער גַאנְצֶער שְׁטוּב...

דָאס אֵיינְגֶע הָאט עֶר אִיהר אִיצְטֶער אוֹיךְ גֶעעֶנְטְווֶערְט.—

דִי וֶוארְטֶער זֶענִין שׁוֹין גֶעוֶועזֶען גֶענוּג פַאר שְׁפְּרִינְצֶען אַז אִיהר אויסְרֶעדֶען זִיךְ דָאס הַארְץ פַאר'ן מַאנְן (ווִי זִי פְּלֶעגְט עֶס אָנְרוּפֶען) זָאל דֶערוַויִיל נֶעמֶען אַ עֶנְדֶע, פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ אִין אֵיינֶעם מִיט עֶטְלִיכֶע טֶעלֶער וָואס זֶענִין גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיפְ'ן טִישׁ אוּנ זֶענִין גֶעפְלוֹיגֶען גְלֵייךְ בֶּערְלִין אִין קָאפּ אַרֵיין, דֶערְנָאךְ הָאט מֶען זִיךְ אָהן וֶוארְטֶער גֶעזֶעצְט עֶסֶען בַּיים טִישׁ לְכָבוֹד שַׁבָּת...

וֶוען אֲפִילוּ אַ פְרֶעמְדֶער זָאל אָנְקוּמֶען אוּנ זֶעהֶן ווִי שְׁפְּרִינְצֶע זִיצְט בַּיים טִישׁ וָואלְט עֶר תֵּיכֶף דֶערְקָאנְט ווִי זִי אִיז דָא וַ ו י י בּ אוּנ עֶר אִיז מַאנְן; דָארְט וואוּ זִי זִיצְט הָאט אויסְגֶעווִיזֶען דֶער אוֹיבֶּענְאָן, הָאטְשׁ ווִי דֶער שְׁטֵיינֶער אִיז, אִיז זִי גֶעזֶעסֶען אָן דֶער זַייט אוּנ בֶּערִיל אוֹיבֶּענְאָן. עֶס הָאט זִיךְ עֶפֶּעס אויסְגֶעווִיזֶען אַז אָט אָט וֶועט שְׁפְּרִינְצֶע אָנְהוֹיבֶּען זִינְגֶען זְמִירוֹת... נָאר אָנְשְׁטָאט זְמִירוֹת הָאט זִי בַּאלְד נָאךְ פִּיטְשַׁאי אָנְגֶעהוֹיבֶּען פוּן עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ ד. ה. טַאקִי וָואס הָאט בֶּ ע ר י ל צוּ טְהוּן בַּיי אַ פֶּאזְשַׁאר לֶעשֶׁען.—

– פַאסְט דֶען אַזוינֶע זַאכֶען צוּ אַ אֵיידְלֶען יוּדֶען – דוּ מַיין מַאנְן? ווִיפִיעל מָאל אִיךְ הָאבּ דִיר שׁוֹין גֶעזָאגְט אוּנ עֶס אִיז אַקוּרַאט ווִי אֵיין אַרְבִּים אָן דֶער וַואנְד, וַוייטֶער אַ פֶּאזְשַׁאר, וַוייטֶער זִיךְ גֶעמַאכְט ווִי אַ שְׁוַוארְץ יָאהר אוּנ צֶערִיסֶען אוֹיף זִיךְ דָאס הֶעמְד, אוֹיף וֶועמֶעס קָאפּ אִיז דָאס? דוּ הָאסְט מִיר פַארְדִיעֶנְט אוֹיף אַ הֶעמְד הַיינְטִיגֶע וָואךְ?...

– פַארְדִיעֶן מִיר נִיט, אִיךְ בֶּעט דִיךְ נִיט דוּ זָאלְסְט מִיךְ מְפַרְנֵס זַיין, אִיךְ וֶועל אַלֵיין גֶעהן אִין קְלֵייט, אִיךְ וֶועל אַלֵיין פַארְדִיעֶנֶען, אִיךְ דַארְף נִיט דוּ זָאלְסְט מִיר פַארְדִינֶען, אַז אִיךְ וֶועל נִיט פַארְדִיעֶנֶען אִין קְלֵייט וֶועל אִיךְ גַנְבִינֶען אוּנ וֶועל דִיר

גֶעבֶּען בְּרויט, וָואס אִיז דַיין עֵסֶק ווִי אַזוֹי אִיךְ וֶועל מַיין פַּרְנָסָה פַארְדִיעְנֶען? אַבִּי זִיץ אִין דֶער הֵיים אוּנ זַיי מִיךְ נִיט מְפַרְנֵס. —

— הַא, הַא, הָאט זִי דַארוֹיף אִיהם גֶעעֶנְטְווֶערְט מִיט אַ גֶעלֶעכְטֶערֶעל, אַ שֶׁאנֶער בַּעל מְפַרְנֵס, ווֶעלֶען מִיר זֶעהֶן ד״ץ הַסּוֹחֵר... נַא גֶעה אִין קְלֵייט, ווֶעלֶען מִיר זֶעהֶען ווִי דוּ ווֶעסְט פַארְדִיעְנֶען. —

* * *

אַייגֶענְטְלִיךְ אִיז דִי אוּסְלָאוִויֶע, אַז בֶּערֶעל זָאל שׁוֹין אוֹיף גֶעהְן אִין קְלֵייט אוּנ פַארְדִיעְנֶען גֶעלְד, גֶעווֶעזֶען אָבְּגֶערֶעדְט צְווִישֶׁען שְׁפְּרִינְצֶען אוּנ בֶּערְלֶען אַוַודַאי צוּם פִינְפְהוּנְדֶערְטְסְטֶען מאל אוּנ בֶּערֶעל אִיז שׁוֹין טַאקִי נִיט אֵיין מָאל גֶעגַאנְגֶען אִין קְלֵייט, נָאר ווִי עֶר פְלֶעגְט קוּמֶען פְלֶעגְט זִיךְ שְׁפְּרִינְצֶע אַנִידֶערְשְׁטֶעלֶען אָן אַזַייט אוּנ קוּקֶען ווִי בֶּערֶעל ווֶעט לַייזֶען אוּנ פַארְדִינֶען גֶעלְד, ד. ה.: זִי הָאט אִיהם גֶעווָאלְט ווַייזֶען אַז זִי ווִיל הַאלְטֶען דִי אוּסְלָאוִויֶע. עֶס הָאט נַאטִירְלִיךְ אַזוֹי גֶעדְרוֹיעֶרְט אוּנ קֵיין קוֹנֶה אִיז גְרָאד נִיט גֶעקוּמֶען פְלֶעגְט זִי אִיהם שׁוֹין שְׁפְּרִינְגֶען אִין דִי אוֹיגֶען אוּנ שְׁטֶעכֶען:

— אֶה אַ, וואו זְשֶׁע זֶענֶען דַיינֶע פַארְדִיעְנְסְטֶען, דַיינֶע קוֹנִים? זִיצְט פַארְלֶעגְט דִי הֶאנְד אוּנ ווַייטֶער גָאר נִיט, מֶעהְר קֶענְסְט דוּ טַאקֶע נִיט. —

— וָואס זָאל אִיךְ פָּארְט טְהוּן אַז עֶס קוּמְט אִיצְטֶער גְרָאד נִיט קֵיין קוֹנֶה, נָא נָא לָאם אִיךְ זֶעהְן ווִי דוּ ווֶעסְט לַייזֶען גֶעלְד אַז עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין קוֹנִים.

— וָואס הֵייסְט עֶס אִיז נִיט דָא, אִיךְ זָאל זִיצֶען אוֹיף דַיין אָרְט ווָאלְט אִיךְ שׁוֹין גֶעווֶעזֶען גֶעהַאט אַ שְׁטִיק פוּפְצִיג קוֹנִים אוּנ צֶעהְן פוּן זַיי ווָאלְטֶען שׁוֹין גֶעווֶעזֶען גֶעגֶעבֶּען צוּ לַייזֶען גֶעלְד מִיט פַארְדִיעְנְסְט.

— וואו ווָאלְסְט דוּ גֶעווֶעזֶען גֶענוּמֶען? קוֹנִים פַאלֶען נִיט פוּן דֶעם הִימֶעל; ווֶען דֶער קְרֶעמֶער ווִיל אַ קוֹנֶה מוּז עֶר קוּמֶען?

וָואס הֵייסְט פַאלֶען פוּן דֶעם הִימֶעל, וָואס הֵייסְט עֶר מוּז קוּמֶען, „קוֹנִים שְׁלֶעפְּט מֶען״. „קוֹנִים רַייסְט מֶען״, „קוֹנִים טַאפְּקֶעט מֶען״.

— וָואס הֵייסְט מֶען „שְׁלֶעפְּט״, וָואס הֵייסְט מֶען „רַייסְט״?

— דָאס הֵייסְט: מֶען זִיצְט בַּיי דֶער קְלֵייט אוּנ אַז עֶמִיצֶער גֶעהְט דוּרְךְ לוֹיפְט מֶען אִיהם נָאךְ מֶען שְׁלֶעפְּט אִיהם בַּיי דִי פָּאלֶעס, מֶען רַייסְט אִיהם בַּיי דִי אַרְבֶּעל, מֶען רֶעכֶענְט אִיהם אוֹיס דִי גַאנְצֶע קְלֵייט פַאר הַאלְבּ אוּמְזִיסְט בִּיז עֶר זֶעהְט אַז עֶר קֶען זִיךְ פוּן דֶעם קְרֶעמֶער נִיט אָבְּטְשֶׁעפֶּען גֶעהט עֶר אַרַיין אוּנ נִיט צוּ לַייזֶען, אוּנ אַז עֶר ווִיל טַאקִי בְּאֵין אוֹפֶן נִיט גֶעבֶּען צוּ לַייזֶען, גִיט עֶר אַ ווָארְף פוּן זִיךְ דֶעם קְרֶעמֶער אַז עֶר קֶעהְרְט זִיךְ אִיבֶּער דְרַיי מָאל, אָדֶער עֶר שֶׁעלְט אָן, דֶענְסְטְמָאל ווַייסְט שׁוֹין דֶער קְרֶעמֶער אַז עֶר ווֶעט נִיט גֶעבֶּען צוּ לַייזֶען. ווֶען מֶען זֶעהְט נִיט גֶעהְן אוֹיף דֶער גַאס אַזוֹינֶע מֶענְשֶׁען וָואס מֶען זָאל זַיי קֶענֶען שְׁלֶעפֶּען פַאר קוֹנִים, גֶעהְט מֶען אוּנ מֶען קוּקְט צְווִישֶׁען דִי קְלֵייטֶען בַּיי דִי אַנְדֶערֶע קְרֶעמֶער אוּנ מֶען שְׁרַייט אַז זַיי זָאלֶען אַרוֹיסְגֶעהְן פוּן דֶער קְלֵייט אוּנ בֶּעסֶער בַּיי מִיר קוֹיפֶען ווֶעל אִיךְ אִיהם

פאר־קויפען פאר האלב אומזיסט, דערלעגען פון דער קעשענע – אזוי זאגט מען איהם צו – אבי יענער קרעמער זאל ניט לייזען.

– נא און יענער קרעמער אדער די קרעמערקע שווייגט דיר פאר אזוינע זאכען?

– זי שווייגט טאקי ניט, זי לויפט ארויס פון דער קלייט זידעלט מיך ווי א סעדעבע און גאנץ אפט רייסט מען פון זיך טשיפקים, דערפאר אבער אז זי רופט ארויס פון מיין קלייט א קונה שווייג איך איהר אויך ניט.

– דארף מען דאך טאקי זיין א סעדעבע, מען זאל אזוי לייזען און פאר־דיענען געלד ווי דו דערצעהלסט. –

– דו רופסט עס אן „סעדעבע"; פרעג אבער וואס זאגט מען אויף חייטשע די גרינע וואס האט א קלייט ניט ווייט פון מיר און לייזט א סך מעהר פון מיר, ווייל זי קען נאך בעסער שלעפען קונים און נאך בעסער זיך שעלטען, פאטשען מיט די קרעמערינס איבער א קונה, – פרעג וואס זאגט מען אויף איהר? אויף מיר געזאגט געווארען רבונו של עולם! חייטשע די גרינע איז איין אשת חיל. א בריה, א קאפ, א מענש וואס קען צעהן מאנסבילען פארשטעקען אין גארטעל"...

בשעת בערעל מיט שפרינצען האבען אזוי געשמועסט, איז גראד אריינגעקומען א קונה פרעגען אויף סחורה, שפרינצע איז זיך אוועקגעגאנגען אין דער זייט, געקוקט מיט א געלעכטעריל ווי א יאשטשערקע ווי בערעל וועט לייזען געלד ביים קונה. בערעל האט געוויזען סחורה, דער קונה האט אויסגעקליבען און געפרעגט דעם פרייז. בערעל האט געזאגט דעם ריינעם אמת אז איין ארשין קאסט איהם קרן צוואנציג קאפ. דער קונה גיט פופצעהן, זעכצין קאפ. און מעהר פון זיבצען קאפ. וויל ער ניט געבען א גראשען, חאטש האק און בראט איהם, דער קונה פריפט אוועקגעהן, פריפט קומען און בערעל שווערט זיך אויף זיין גאמנות אז עס קאסט איהם אליין צוואנציג קאפ. ווי אזוי זשע קען ער נעמען ניט נאר זיבצען, נאר אפילו צוואנציג קאפ., דער קונה וויל איהם אבער באין אופן ניט גלויבען און הייבט אן טאקי אוועקצוגעהען, אז ער זאל שוין מעהר זיך ניט אומקעהרען, דאס האט דערפיהלט שפרינצע און ווי א וואלף ווען ער דערזעהט א שאפעלע איז זי ארויסגעשפרונגען פון דער זייט אנגעהאפט איהם ביי די פאלים און גע־לעפט איהם צוריק מיט די ווערטער:

– וואס אנטלויפט איהר שוין, אז איהר האט נאך גאר ניט אנגעקוקט קיין סחורה?...

– וואס הייסט? האט זיך א חאפ געטהון דער קונה, אייער מאנן האט זיך מיר שוין געוויזען סחורה...

– חא, חא מיין מאנן, האט זי געמאכט א יאשטשערקי געלעכטעריל, וואס פאר א מאנן, דאס איז גאר ניט מיין מאנן *), דאס איז א משרתיל וואס איך

*) ניט נאר שפרינצען איז גרינג דערוויל אנרופען פאר א פרעמדען מענשען איהר אייגענעם מאנן משרת בהמה אדער שוטה, נאר בכלל איז אזוי אין דער קרעמערשער וועלט, אבי מע זאל אבנארען דעם קונה; אויב עס פאסט דערצו אז מע זאל פאר דעם קונה אויסלאכען און

האָב איהם נָאר וָואס צוּגֶעגוּמֶען אִין קְלֵייט, עֶר אִיז נָאךְ אַ נַייעֶר מֶענְשׁ אוּנ ווייזט נָאךְ אוֹיס – אִיךְ בֶּעט אַייךְ אִיבֶּער – אַ בְּהֵמָה, אוֹיךְ וַוייסְט עֶר נָאךְ נִיט אַקוּרַאט דִי פְּרַייזֶען פַאר וִויפִיעל מֶען קֶען פַארְקוֹיפֶען אוּנ פַאר וִויפִיעל נִיט, דְרוּם הָאט אִיהר טַאקִי נִיט גֶעקוֹיפְט.

דֶער קוֹנֶה הָאט זִיךְ מְיַשֵּׁב גֶעוֶועזֶען: גֶעוִויס וֶועט זִי בַּיי אִיהם לֵייזֶען דֶעם פְּרַייז, וַוייל זִי וַוייסְט אַקוּרַאט דֶעם מֶקַח. דֶער קוֹנֶה הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט, זִי זָאגְט אִיהם צוּ אַז זִי וֶועט אִיהם עֶרְשְׁט אִיצְטֶער וַוייזֶען דִי אֶמֶת׳ע גוּטֶע סְחוֹרָה, עֶס פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ אַז דֶערְבַּיי הָאט מֶען זִיךְ גֶעשְׁוָוארֶען בַּיים מַאנְן אוּנ קִינְדֶער אוּנ בַּיים גַאנְצֶען יוּדִישְׁקַייט מִיט דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט. – עֶנְדְלִיךְ אִיז דֶעם קוֹנֶה טַאקִי וַוייטֶער גֶעפֶעלֶען נָאר דִי סְחוֹרָה וָואס עֶר הָאט גֶעדוּנְגֶען בַּיי בֶּ ע רְ לֶ ע ן אוּנ מֶעהר פוּן זִיבְּצֶעהן קָאפּ׳ וִוילל עֶר טַאקִי נִיט גֶעבֶּען.

שְׁפְּרִינְצֶע הָאט גֶעזֶעהן אַז עֶס אִיז שְׁלֶעכְט הָאט זִי אַ קוּק גֶעטְהוּן מִיט אִיהרֶע קַאצֶענֶע אוֹיגֶען אוּנ הָאט דִי מִינוּט אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען דֶעם טָאן:

– עֶ, ר׳ זַייטְזְשֶׁע מוֹחֵל, אַ פָּנִים אִיהר זֶענְט טַאקִי אַ מֵבִין אוֹיף סְחוֹרָה וָואס אִיהְר הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען נָאךְ ד׳ יָ׳, מֵילָא וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעפְּרִיפְט אַייךְ אָבְּנַארֶען, עֶס אִיז אָבֶּער נִיט מֶעגְלִיךְ וִוי זָאגְט מֶען: אַז „אַ נַאר גֶעהט צְווִישֶׁען דִי קְלֵייטֶען פְרֵייעֶן זִיךְ דִי קְרֶעמֶער”, אָבֶער אַ קְלוּגֶער, אָ! נִיט אַזוֹי גִיךְ, צוּ אַזוֹינֶע לַייט דַארְף מֶען זִיךְ אוּנְטֶערְגַארְטְלֶען.

דֶעם קוֹנֶה אִיז זֶעהר גֶעפֶעלֶען דֶער קָאמְפְּלִימֶענְט, דֶען עֶר הָאט גֶעזֶעהן בֶּעשַׁיינְפֶּערְלִיךְ אַז אִיהם אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ אָבְּצוּנַארֶען, אַז אֲפִילוּ דִי קְרֶעמֶערִין הָאט זִיךְ גֶעמוּוְט אַלֵיין מוֹדֶה זַיין אַז זִי הָאט אִיהם גֶעוָואלְט אָבְּנַארֶען נָאר עֶס אִיז אִיהר נִיט גֶעגַאנְגֶען, וָואס נָאךְ פַאר אַ בֶּעסֶערן סִימָן דַארְף עֶר הָאבֶּען אַז אִיהם זָאל מֶען נִיט אָבְּנַארֶען?

דֶער קוֹנֶה מִיט שְׁפְּרִינְצֶען דִינְגֶען זִיךְ וַוייטֶער אִיבֶּער דֶער פְרִיהֶערְדִיגֶער סְחוֹרֶה, עֶר גִיט זִיבְצֶעהן קָאפּ׳, זִי וִוילְל מֶעהר, עֶר וִוילל נִיט גֶעבֶּען. עֶנְדְלִיךְ הָאט זִי אַרוֹיסְגֶעשָׁאסֶען:

– הֶערְט־זְשֶׁע, ר׳ יוּד, זֶעהְט זְשֶׁע אַלֵיין וִוי אִיךְ וִוילל בַּיי אַייךְ לֵייזֶען, אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגֶען מַיין לֶעצְט וָוארְט, אַז אִיהר זֶענְט יָא אַזַא עַקְשָׁן נַאבַּאוֶועט נָאךְ אֵיין קָאפּ. דֶער יוּד הָאט נַאבַּאוֶועט דִי קָאפִּיקֶע ד. ה. אַכְצֶעהן קָאפּ. אוּנ הָאט גֶעקוֹיפְט.

בֶּ ע רִ י ל הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט מוֹיל אוּנ אוֹיהרֶען, וָואס הֵייסְט? הָאט עֶר זִיךְ

---

הוזק מאַכען פון דעם איינעם מאַנן, פון דער טאָכטער וואָס געפינען זיך אין קלייט אונ העלפען מיטלייזען, שעמט מען זיך גאָר ניט אָנצורופען זיי, אָדער מאַכען פון זיי אַ משרת אַ נאַר, אַ שוטה, אַ גאָר נישט. נאָר נאָך מעהר וואונדער איז אויף די אַליין וואָס לאָזען אַז דאָס אייגענע ווייב, די אייגענע מוטער זאָל מאַכען פון זיי בלאָטע פאַר אַ פרעמדען מענשען אין די אויגען, אונ געפינען זיך גאָר ניט באַליידיגט, אַבי מע האָט נאָר דערמיט אָבגענאַרט דעם קונה אונ געלייזט געלד. פון מאַנכפעריזאָנען קרעמערס האָב איך אַזאַ נידעריגען פאָקוס ניט בעמערקט, נאָר פון פרויען קרעמעריקס, האָב איך אַזוינע פאָקוסען אַ סך געזעהן. —

דער פערפאַסער.

גֶעטְרַאכְט: קֶען דָאס זַיין, אַז זִי זָאל אַ פַּארקוֹיפֶען, אַז אִיךְ וַויים גֶעווִיס אַז עֶס קָאסְט זִי אַלֵיין צְוַואנְצִיג קָאפּ׳ – אַנְדֶערְשׁ נִיט, נָאר זִי ווִיל מִיךְ אָנְלֶערְנֶען אוּנ וַוייזֶען אַז נָאר זִי קֶען לֵייזֶען, דַארוּם זְשַאלֶעוֶועט זִי אֲפִילוּ נִיט צוּ דֶערְלֶעגֶען צְוַויי קָאפּ׳ אוֹיף יֶעדֶען אַרְשִׁין.– דֶ״ר קוֹנֶה אִיז גֶעוֶועזֶען צוּפְרִידֶען מִיט דֶער פָּאקוּפְּקָא, וֶועהר פַּיין זִיךְ גֶעזֶעגֶענְט מִיט דֶער בַּעל בַּיִת׳טֶע דֶער קְרֶעמֶערִין אוּנ קָאסֶע אַ קוּק גֶעטְהוּן אוֹיף דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכֶען וָואס דַארְף זַיין אַ מְשָׁרֵת אוּנ קֶען נִיט לֵייזֶען בַּיי קֵיין קוֹנֶה.– דֶער קוֹנֶה אִיז נָאר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען הָאט זִי זִיךְ אוֹיף בֶּערְלֶען אַרוֹיפְגֶעוָוארְפֶען:

– אַ, אַ וֶוער טוֹיג? טוֹיגְסְט דוּ צוּ עֶפֶּעס אֲפִילוּ אַ קַאץ אֵיין עֶק צוּ צוּבִּינְדֶען אֲפִילוּ אוֹיף וַואסֶער צוּ קַאשֶׁע וָואלְט מֶען נִיט גֶעהַאט פוּן אַזַא פַּרְנָסָה גֶעבֶּער ווִי דוּ בִּיסְט. אִין קְלוֹיז אִיז דַיין אָרְט אָבֶּער נִיט דָא, וָואס הָאסְט דוּ זִיךְ צוּ שְׁטוּפֶּען דָארְטֶען וואוּ דוּ טוֹיגְסְט נִישְׁט?

בֶּערֶעל אִיז טַאקִי בֶּאֱמֶת פוּן שְׁפְּרִינְצֶעס אִיצְטֶערְדִיגֶע וֶוערְטֶער גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן אָהְן הֶאנְד אוּנ אָהְן פִּים, נָאר דֶערְנָאךְ אַז עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זִיךְ הָאט עֶר זִי ווִי אַ פַארְזִינְדִיגְטֶער שְׁטִיל גֶעפְרֶעגְט:

– זָאג מִיר נָאר שְׁפְּרִינְצֶע, ווִי אַזוֹי הָאסְט דוּ גֶעקָאנְט לֵייזֶען אַכְטְצֶעהְן קָאפּ׳ אַז דִיךְ אַלֵיין קָאסְט צְוַואנְצִיג קָאפּ׳, דֶערְלֶעגֶען צְוַויי קָאפּ׳ צוּ יֶעדֶען אַרְשִׁין וָואלְט אִיךְ אוֹיךְ בַּיי אִיהם גֶעקָאנְט לֵייזֶען...

– בַּאלְד קֶען עֶר! פַאר וָואס-זְשֶׁע הָאסְט דוּ נִיט גֶעלֵייזְט?...

– וָואס הֵייסְט? ווִי אַזוֹי זָאל אִיךְ לֵייזֶען אוֹיךְ צוּ דֶערְלֶעגֶען צְוַויי קָאפּ׳? מִיר זֶעצֶען דֶען אָן?

– נָא אוּנ דֶער קְלֶענֶערֶער אַרְשִׁין וואוּ אִיז? דֶער קוֹנֶה מֶעג טַאקִי זַיין אַ קְלוּגֶער נָאר שְׁפְּרִינְצֶע דִי קְרֶעמֶערְקֶע אִיז נָאךְ קְלִיגֶער, אָט מִיט אַזוֹינֶע קְרֶעמֶערְס ווִי דוּ בִּיזְט וָואלְט זִיךְ דֶער קוֹנֶה בַּאדַארְפְט בַּאגֶעגֶענֶען, וָואלְט-אִיהר גֶעקֶענְט גִיךְ אָנְזֶעצֶען, נָאר אִין קְלוֹיז אִיז פַאר אַייךְ אַיין אָרְט, וַוייטֶער אִין עֶרְגֶעץ נִיט.–

– וָואס הֵייסְט דֶער קְלֶענֶערֶער אַרְשִׁין? הָאט בֶּערְלֶען אַלְץ אִינְטֶערֶעסִירְט, עֶס הֵייסְט -- עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען ווִינְצִיגֶער ווִי אַיין אַרְשִׁין?

– אַוַודְאַי, אַוַודְאַי וֶועל אִיךְ גֶעהְן פְרֶעגֶען בַּיי דִיר חָכָם טְהַיעֶרֶער, ווִיפִיעל מִיר קְרֶעמֶערְס דַארְפֶען מֶעסְטֶען וְוֶוערְשְׁקִים אוֹיף אַיין אַרְשִׁין, אַזוֹינֶע זַאכֶען פְרֶעגְט מֶען נִיט קֵיין רָב אוּנ נִיט קֵיין בֵּית הַמֶדְרָשׁ׳נִיק.

– דָאס הֵייסְט – אִיז דֶער שְׁטִילֶער בֶּערִיל פְּלוּצִים אוּנְטֶערְגֶעצוּנְדֶען גֶעוָוארֶען, פְרָאסְט בַּאגַנְבְט דֶעם קוֹנֶה, אַז פַארְבְּרֶענְט זָאלְסְט דוּ וֶוערֶען מִיט דַיינֶע אַלֶע קְרֶעמֶערְס מִיט דִי אֵשֶׁת חַיִל׳ס! אָט מִיט דֶעם זֶענְט אִיהר בְּרִיָה׳ס, קָאפּ, מַאנְסְבִּילֶען, ווִי מֶע רוּפְט אַייךְ אָן, אָ דָאס הֵייסְט בַּיי אַייךְ „פַּרְנָסָה״? אָט מִיט דֶער פַּרְנָסָה דוּלְלְט אִיהר אָן גָאטְט אַ קָאפּ אִין אַייעֶרֶע אַללֶע תְּחִינוֹת אוּנ רֶעדְט מֶעהר נִיט נָאר מִיט גָאטְט... אִי פַארְשַׁרְפֶעט זָאלְט אִיהר אַלֶע וֶוערֶען מִיט אַייעֶרֶע הֵיילִיגֶע תְּחִנּוֹת, וֶועט אִיהר חָאטְשׁ נִיט טַעֲנָהן מִיט גָאטְט אוֹיף הַאלְב לָשׁוֹן קוֹדֶשׁ... פַּרְנָסָה! קְרֶעמֶערְס!

אֵשֶׁת חַיִל! . . . קְרִיכְט בֶּעסֶער אִין דִי פֶענְסְטֶער אוּנ הֵייסְט פְּרָאסְט גַנְבִים״...

בֶּערֶעל אִיז אַזוֹי אִין כַּעַס גֶעוָוארֶען אַז אַיְיךְ דֶער מִינוּט אִיז עֶר פְּרָאסְט מְשׁוּגָּע גֶעוָוארֶען, עֶר הָאט אַ קְלַאפּ גֶעטְהוּן מִיט דֶער טְהִיר פוּן דֶער קְלַייט אוּנ אִיז אַנְטְלָאפֶען אִין קְלוֹיז. שְׁפְּרִינְצֶע הָאט אִיהם נָאכְגֶעשְׁרִיגֶען: גֶעה, גֶעה, בֵּית הַמִדְרָשׁ׳נִיק אִין קְלוֹיז, דָארְט אִיז דַיין אָרְט, עֶסֶען אָבְגֶעשֶׁעלְטֶע גֶעבְּרָאטֶענֶע קַארְטָאפְלִים, אָבֶּער נִיט דָא, הַא, הַא, הַא, אַ בֵּית הַמִדְרָשׁ׳נִיק וַוייסְט אוֹיךְ עֶפֶּעס!?...

דָאס אִיז גֶעשֶׁעהֶן מִיט בֶּערְלֶען אִין קְלַייט שׁוֹין לַאנְג - צוּרִיק מִיט אַ סַךְ יָאהרֶען - אִין דִי עֶרְשְׁטֶע יָאהרֶען ווֶען שְׁפְּרִינְצֶע אִיז קְרֶעטֶערִין גֶעוָוארֶען.

* * *

עַד הַיּוֹם, אוֹיךְ ווִי הַיינְטִיגֶען שַׁבָּת בַּיים טִישׁ נָאךְ דֶער „פֶּעטְשַׁא״ הָאט זִי אִיהם פַארְגֶעוָוארְפֶען: „אַ שֶׁאנֶער בַּעַל מְפַרְנֵס, ווֶעלִין מִיר ווֶעהן דְרַן הַסוֹחֵר נָא, נָא גֶעה, גֶעה אִין קְלַייט אַרַיין ווֶעלִין מִיר זֶעהן ווִי דוּ ווֶעסְט פַארְדִינֶען״ א. ד. ג.

נָאךְ לַאנְג הָאט שְׁפְּרִינְצֶע אִיהם גֶעשָׁאלְטֶען פַאר דֶעם פָּאוְשַׁאר, פוּן דֶעם הֶעמְד מִיט דֶעם טַלִית קָטָן וָואס אִיז צוּרִיסֶען גֶעוָוארֶען, דֶער שַׁבָּתְדִיגֶער טִישׁ בַּיי בֶּערְלֶען הָאט כִּמְעַט גֶעדוֹיעֶרְט בִּיז צְווַיי שָׁעָה פַאר נַאכְט. בֶּערֶעל אִיז גֶעוָועזֶען אַזוֹי דֶערְשְׁלָאגֶען אַזוֹי דֶערְהַרְגִיט. אַז אַיידֶער גֶעהְן אִין נַאס הָארֶען פַּאטְשְׁטֶען וִויגֶען דֶער מִקְוֶה, וָואס דָאס נַאנְצֶע שְׁטֶעטְמִיל הָאט זִיךְ אִיצְטֶער דֶערְמִיט אִינְטֶערֶעסִירְט, אִיז עֶר בֶּעסֶער גֶע-נַאנְגֶען שְׁלָאפֶען ד. ה. פַארְשְׁלָאפֶען זַיינֶע צָרוֹת, אוּנ זַיין אֵשֶׁת חַיִל-דִי בְּרִיָּה-שְׁפְּרִינְצֶע הָאט זִיךְ לִכְבוֹד שַׁבָּת פַארְצוֹיגֶען דֶעם בְּרֵייטֶען פִּיסְק אִין אַ רִינְגֶעלֶע מִיט פַאלְדֶען, עֶמַאכְט אַ רַחֲמָנוּת פָּנִים ווִי מֶע דַארְף רֶעדֶען מִיט גָאטְט אוּנ זִיךְ גֶענוּמֶען לֵייעֶנֶען אִיהֶרֶע הַיילִיגֶע סְפָרִים לִכְבוֹד שַׁבָּת...״ „וּבְבִרְכָתִי אוּנ פוּן ווֶעגֶען מַיין לוֹיב זָאלְסְט דוּ, גְרוֹיסֶער הֶערְר גָאטְט, צוּ מִיר שָׁאקְלֶען מִיט דַיין קָאפּ צוּ ווַייזֶען מִיר אַז מַיין לוֹיב אִיז צוּ דִיר לְרָצוֹן אוּנ מַיין לוֹיב זָאלְסְט דוּ מְקַבֵּל זַיין ווִי טְהַייעֶרֶע שְׁמֶעקֶענְדִיגֶע חֲשׁוּבָה בְּשָׂמִים מִיט גֶענֶעלִיךְ אוּנ לָאבֶּערְבְּלֶעטֶער וָואס וַואקְסֶען אִין בְּרֵייטֶע צְווַייגֶען אִין דֶעם גְרוֹיסֶען לַאנְד פָּרַס, אוּנ אִיךְ דַיין דִינְסְטְמַאד שְׁפְּרִינְצֶע טוּה תְּפִלָּה טְהוּן צוּ דִיר ווִי אֶסְתֵּר הַמַּלְכָּה. אִיךְ שְׁפְּרִינְצֶע דַיין דִינְסְטְמַאד שְׁטֶעה פַאר דִיר מִיט לוֹיטֶער צִיטֶערְנִישׁ אִיךְ בַּאגֶעהר פוּן דִיר, וָואס דוּ זִיצְט שְׁטֶענְדִיג אוֹיף דֶער שְׁטוּל פוּן דֶערְבַּארִימְקַייט, צוּבְּרֶעךְ דִי בַּייזֶע גֶעדַאנְקֶען אוּנ רוּחוֹת רָעוֹת אִין מִיר, שְׁפְּרִינְצֶע דַיין דִינְסְטְמַאד, בּוֹיֶע אוֹיס אַרוּם מִיר אַ שְׁטַארְקֶען פַארְקֶען פוּן טְהַייעֶרֶע פֶעלְזֶענְשְׁטֵיינֶער וָואס וַואקְסֶען בַּיים יַם אוֹקְיָנוֹס צְווִישֶׁען קָאמִישׁ, כְּדֵי אַלֶע קְרַאנְקַייטֶען. דֶער יֵצֶר הָרָע, דֶער עַיִן הָרָע, דִי לֵילוֹת הָרִשְׁעָה מִיט אִיהְרֶע חֲבֵרְתֶּה׳ס זָאלֶען צוּ מִיר נִיט קֶענֶען צוּשְׁטֶעהְן אוּנ מִיר קֵיין גוּט אוּנ נִיט גֶעבֶּען, לָאזֶען זֵיי זִיךְ וואוֹיגֶען אִין דִי־פוּסְטֶע ווֶעלְדֶער, צְווִישֶׁען דִי פַארְוואַקְסֶענֶע שְׁטֵיינֶער, וָואס זִינְט דָאס בֵּית הַמִקְדָּשׁ אִיז חָרֵב גֶעוָוארֶען הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט דִי זוּנְן צוּ בַּאדֶעקֶען זֵייעֶרֶע שְׁפִּיצֶען אוּנ וואוּ דֶער נָאמְט פוּן יִשְׂרָאֵל וָואס יַעֲקֹב הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהרְט אִיבֶּער דֶעם טַייךְ גֶעמֶע

קִוינְלֶעךְ מִיט מֶאפְּלִיךְ וָאלְסְט דוּ מִיךְ שְׁפְּרִינְצֶע דַיין דִיענְסְטמַאד, בֶּענְטְשֶׁען מִיט אַבֶּענְמִישׁוּנְג, מַיינֶע קִינְדֶער אוּנ קִינְדְס קִינְדֶער זָאל זַיין פוּל מִיט תּוֹרָה אוּנ חָכְמָה, זַיי זָאלֶען לַייכְטֶען פוּן אַיין עֶק וֶועלְט אִין דֶער אַנְדֶערֶער, אַז מַיין שְׁטוּהְל אִין גַן עֵדֶן זָאל זַיין נָאהֶנְט פוּן דֶער מוּטֶער רָחֵל׳ס שְׁטוּהְל אוּנ זָאלְסְט מִיךְ אַרוּמְרִינְגְלֶען אוּנ לַייטְזֶעלִיגֶען מִיט חֶסֶד אוּנ מִיט מַתְּנַת חִנָּם, אַזוֹי וִוי אִין פָּסוּק שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, אוּנ דֶער גֶעזַאלְבְּטֶער וָואס דוּ הָאסְט אִיהם גֶעזַאלְבְּט מִיט טְהַייעֶר׳ן אַיילְבִּירְט בּוֹימֶעל זָאל קוּמֶען אוּנ מָשִׁיחַ זָאל אוֹיךְ קוּמֶען צוּ מִיר, שְׁפְּרִינְצֶע דַיין דִינְסְטמַאד, אָמֵן.

---

## XIII.

## דֶער קָארֶעסְפָּאנְדֶענְט.

דֶער צְווייטֶער וָואס אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען פַארטְרָאגֶען הַיינְטִיגֶען שַׁבָּת מִיט אַנְדֶערֶע גֶעשֶׁעפְטֶען, אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער גְלִיקְלִיכֶער פִּינֶע טִינְטְלֶער – דֶער זְלִידְנִיוֶוקֶער קָארֶעסְפָּאנְדֶענְט וָואס שְׁרַייבְּט אִין גַאזֶעטֶען נַייעֶס פוּן דֶער שְׁטָאדְט. צוּ אִיז פִּינֶע טִינְטְלֶער טַאקִי בֶּאֱמֶת גֶעוֶועזֶען אַקָארֶעסְפָּאנְדֶענְט פוּן צַייטוּנְגֶען. וֶועלֶען דִי לֶעזֶער וָועהְן וַוייטֶער, נָאר דָאס אִיז גֶעווִיס, אַז אִין זְלִידְנִיוֶוקֶע אַלֶע, גְרוֹיסֶע אוּנ קְלַיינֶע, אֲפִילוּ קִינְדֶער הָאבֶּען אִיהם גֶעקֶענְט אוּנְטֶער דֶעם נָאמֶען.

וֶוען אִין קְלוֹיז הָאבֶּען זִיךְ דִי נְבִיאִים גֶעקְרִיגְט אָדֶער גֶעוֶוארְטֶעלְט אִיז זִיךְ דֶער עוֹלָם צוּגַאנְגֶען אוּנ יֶעדֶער הָאט בַּיי זִיךְ גֶעטְרַאכְט: אָ, פִּינֶע טִינְטְלֶער וֶועט שׁוֹין הָאבֶּען וָואס צוּ שְׁרַייבֶּען אִין דִי גַאזֶעטֶען; אַז אַיינֶער אוֹיף דֶעם אַנְדֶערְן אִיז גֶעוֶועזֶען בֶּאז אָדֶער גֶעוָואלְט דֶעם אַנְדֶערְן אוּנְטֶערְשְׁטֶעלֶען אַ פִּיס׳ל, הָאט עֶר בַּיי זִיךְ גֶעטְרַאכְט: אָ, וואוּ נֶעמְט מֶען פִּינֶע טִינְטְלֶער וָואלְט אִיךְ אִיהם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל אִיהם בַּאשְׁרַייבֶּען אִין דִי גַאזֶעטֶען אַז עֶר זָאל מִיךְ הָאבֶּען צוּ גֶעדֶענְקֶען אוֹיף הוּנְדֶערְט יָאהר; אוּם שִׂמְחַת תּוֹרָה צוּ אַזוֹי אַ יוֹמָא דְפַגְרָא, וֶוען אַ חָסִיד אַ פְלַיאסְקֶעדְרִיגֶע הָאט זִיךְ אָנְגֶענוּמֶען פַאר נָאטְט אוּנ צוּלִיעב אִיהם פוּן זַיינֶעמְוֶועגֶען זִיךְ צוּהוּלְיֶעט, הָאט זִיךְ יֶעדֶער גֶעטְרַאכְט: אַ גְלִיק וָואס פִּינֶע טִינְטְלֶער אִיז נִיט דָא דֶערְבַּיי, עֶר וָואלְט אִיהם בַּאשְׁרִיבֶּען אִין דִי גַאזֶעטֶען אַז דִי דַייטְשֶׁען אַפִּיקוֹרְסִים וָואלְטֶען זִיךְ צוּקַייכְט פַאר גֶעלֶעכְטֶער; וֶוען פִּינֶע טִינְטְלֶער אִיז גֶעקוּמֶען אִין קְלוֹיז רַאוְוגֶען, הָאבֶּען אַלֶע, וֶוער עֶס הָאט נָאר זִיךְ אִינְטֶערֶעסִירְט מִיט פָּאלִיטִיקֶע אוּנ גֶעוָואלְט וִויסֶען צוּ עֶס וֶועט טַאקִי בֶּאֱמֶת זַיין אַ מִלְחָמָה, גֶעפְרֶעגְט בַּיי פִּינֶע טִינְטְלֶער אוּנ עֶר הָאט אוֹיבְּגֶעדְרוּגֶען מִיט דִי אַקְסְלֶען אוּנ דֶערְוִויזֶען מִיט דִי פִינְגֶער דֶעם גַאנְצֶען פְּלַאן פוּן דֶער מִלְחָמָה אוּנ פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ אַז בִּיסְמַארְק פִירְט יֶעדֶען בַּיי דֶער נָאז.

מִיט וָואס פִּינֶע טִינְטְלֶער הָאט זִיךְ פַארנוּמֶען ד. ה. פוּן וַואנֶענְט עֶר הָאט גֶעהַאט פַּרְנָסָה אוּנ וואוּ עֶר הָאט גֶענוּמֶען צוּ לֶעבֶּען ווייס אִיךְ נִיט, וֶוערְלִיג אִיךְ הָאבּ אִיהם גוּט גֶעקֶענְט פְלֶעגְט זִיךְ מִיר אוֹיסְווַייזֶען אַז עֶר עֶסְט גָאר נִיט אוּנ טְרִינְקְט

גאר ניט, ער לעבט נאר פון דעם וואס ער שרייבט. איהר מיינט בודאי אז די נאוועטשיקעס האבען איהם געצאהלט פאר זיין שרייבען וואס ער פלעגט זיך דערמיט טאג ווי נאכט פארנעמען אפילו אין שלאף, א ניין, ווייסט איהר פאר וואס די נאוועטשיקעס האבען איהם ניט געצאהלט? פראסט דערפאר וואס פינע טינטלערס שרייבען, האט מען קיין מאל ניט געדרוקט. אי סטייטש פאר וואס האבען איהם אלע אין זלידניוועקע געהאלטען פאר א שרייבער אין די נאוועטען? נאר איינס ניט דעם אנדער'ן געהער זיך גאר ניט אן, פינע טינטלערס שרייבען האט מען אין די נאוועטען הונדערט מאל ניט געמענט דרוקען און א שרייבער פון נאוועטען האט ער פארט געהייסען ביי אלע זלידניוועקער.

דעם שם אז ער איז א שרייבער פון נאוועטען האט זיך גענומען דערפון, אדער בעססער געזאגט: פינע טינטלער האט זיך דעם שם אליין געמאכט, אויף זיך אליין אויסגעטראכט, מיט איין ווארט דער שם פון א שרייבער אין נאוועטען איז ממילא צו איהם געקומען.

פינע טינטלער פלעגט זיך מיט קיין שום זאך ניט פארנעמען, קיין דאגות פרנסה האט ער ניט געהאט, זיין מוטטער וואס האט געהאט א קלייטעל פון וועלבען זי האט אלץ געצויגען האט פינע'לען (ווי זיין מוטער פלעגט איהם רופען) אין א הדר געהאלטען, דערנאך מיט איהם א שידוך געטהון, חתונה געמאכט; ער איז אבגעזעסען ביים שווער צוויי יאהר אויף קאסט, זיך צוקריגט מיט איהם, מיט דער שוויגער, ווייל ער האט זייערע עולות ניט געקענט ליידען, דארום האט ער ביי זיי איבערגעלאזט דאס ווייבעל און איז אליין אוועקגעפארען צו דער מוטער און האט ביי איהר געהאט אגרינגען, ניט קיין פארהארעוועטען מיטטאג. אליין פלעגט ער זיך פארנעמען מיט דעם וואס ער פלעגט באטראכטען די וועלט, זיך מישען אין שטאדטזאכען, וואו מען האט איהם גאר ניט געפרעגט, זיך שטופען אין פרעמדע געשעפטען וואו עס איז גאר ניט געוועזען זיין זאך און ווי באלד עפעס, האט ער זיך מיט יעדען צוקריגט און געסטראשעט אז מען וועט איהם האבען צו געדענקען.

– וואס קענסט דו מיר טהון? האט יענער געפרעגט; מיט וואס קען איך דיך האבען צוגעדענקען?

– גאר ניט, ווארט נאר אויס עטליכע טאג אדער צוויי וואכען וועט איהר שוין זעהן...

די עטליכע טאג צו צוויי וואכען, האט פינע ביי זיך געטראכט דארפען געדויער'ן איידער ער וועט אנשרייבען, איידער עס וועט אנקומען מיט דער פאסט אין די נאוועטען און איידער די נאוועטען וועלען אנקומען צוריק קיין זלידניוועקע שוין אבגעדרוקט מיט זיין געשרייבעריי וואס ער האט באשריבען דעם צו יענעם אז מען זאל האבען צוגעדענקען.

פינע טינטלער פלעגט ווירקליך טאקי באלד אוועקגעהן א היים, זיך זעצען באלד באשרייבען, למשל, חייקיל קישקע. אז ער האט שוין אבגעשריבען פלעגט ער

אריינרופען דעם שבנ׳ס איידעמעל, וואס האט פינע טינטלער געהאלטען פאר א גאנצען בעל לשון, פאר א גאנצען קאנער און אז איהם פלעגט אויסקומען שרייבען א געשעפטסבריוועל זיין שוועהער דעם גראבען יונגאטש, פלעגט ער א סך נאשען פון פינע טינטלערס לשון. —

אט דעם איידעמעל פלעגט פינע טינטלער בסוד סודות געבען איבערלייענען ווי ער האט חייקיל קישקע באשריבען אין גאזעטען. —

נא, ווי געפעלט דיר ? פלעגט איהם פינע דערנאך פרעגען.

— וואס הייסט, דו פרעגסט מיך נאך, דו האסט דען ניט געזעהן ווי איך בין צוקאכט געווארען פאר געלעכטער ? אך ברודער, ווען איך זאל קענען אזוי שרייבען!.. האט דאס איידעמעל געזאגט מיט א ערנסטע מינע.

— זאגסט דו אז עס איז גוט באשריבען, האט פינע טינטלער שוין מעהר ניט געקענט איינזיצען אויף דעם אייגענעם ארט, נאר מיט א שטיל טאנצעל אונטער־געשפרונגען פאר פרייד און זיך נאך אמאל איבערצייגט וועגען זיין שרייבען ביי זיין גוטען ברודער דעם איידעמעל.

— וואס פרעגסט דו מיך נאך ? איך זאג דיר אז הלואי וואלט איך אזוי געקאנט שרייבען ...

פינע טינטלער האט זיך אביסעלע פארטראכט האלטענדיג די קארעספאנדענציע און זיך ווייטער אומגעקעהרט צום איידעמעל.

— דו ווייסט ברודער אז עס וועט זיין געדרוקט אין די גאזעטען ?

— וואס הייסט, וואס דען ?

— נא איז גוט. נאר דו זאלסט קיינעם ניט אויסזאגען, ווארום טאמער וועט מען עס ניט דרוקען...

— איך פארשטעה ניט פארוואס מען זאל עס ניט וועלען דרוקען, דאכט זיך עס איז אזוי גוט, איך קען דיר געהן שווערען, אז מען וועט עס דארטען אויפחאפען ווי הייסע לאקשען.

— אויב עס איז נאך א וואונדער צו מען וועט עס חאפען, פלעגט שוין איצטער דרינגען פינע אליין.

אויף מארגען פלעגט פינע מיט דער פאסט אוועקשיקען די קארעספאנדענציע און מאקי דעם אייגענעם טאג פלעגט דאס איידעמעל דערצעהלען זיינעם א גוטען פריינד בסוד סודות אז פינע טינטלער האט באשריבען חייקיל קישקע אין די גאזעטען און האט זיך געשווארען ביי זיינע אללע זיידעס און באבעס אז ער האט מיט זיינע אייגענע הענד געהאלטען די קארעספאנדענציע און מיט זיינע אויגען געלייענט.

דאס איז שוין געוועזען גענוג אז די גאנצע שטאדט זאל וויסען אז פינע טינטלער האט באשריבען חייקיל קישקע אין די גאזעטען. — אויב די קארעספאנדענציע איז מאקי געדרוקט געוועזען צו עס איז נאר אנגעשריבען, וועמען געהט עס אן, קיינער פרעגט

גָאר נִיט דַארוֹיף, וָוארוּם וֶוער לַייֶענְט דֶען גַאזֶעטֶען? זְלִידְנִיוְוקֶער יוּדֶען לַייֶענֶען נִיט קַיין גַאזֶעטֶען, זַיי הָאבֶּען נָאר לִיעבּ צוּ הֶערֶען גַאזֶעטֶען ד. ה. הֶערֶען ווִי מֶען דֶערצֶעהלְט פוּן גַאזֶעטֶען, הֶערֶען פָּאטְשְׁטֶען; נָאר דֶער פְּרוּמְסְטֶער יוּד אֲפִילוּ דֶער בְּרֶענֶענְדִיגֶער חָסִיד זָאגְט זִיךְ נִיט אָבּ פוּן הֶערֶען גַאזֶעטֶען; עֶר זָאגְט דֶערבַּיי:

— פַארְוָואס נִישְׁט, מְהֵיכָא תֵּיתָא, פַארְוָואס זָאל מֶען נִיט הֶערֶען? עֶס קָאסְט זִיךְ בְּלוֹיז קַיין גֶעלְד נִיט, הַיינְט פַארְוָואס זָאל אַ יוּד נִיט פַארְבְּרֶענְגֶען מִיט פָּאטְשְׁטֶען אַ שָׁעָה, וָוארוּם צַייט בַּיי יוּדֶען קָאסְט זִיךְ אַוַודְאִי קַיין גֶעלְד נִיט.

הַיינְט וֶועקֶען אִין זְלִידְנִיוְוקֶע הָאט גָאר גֶעקֶענְט אַיינְפַאלֶען אוֹיבּ מֶען דְרוּקְט פֵּינֶע טִינְטֶלֶערְס שְׁרַייבֶּערַיי צוּ זַיין, אַלְץ אֵיינְס צוּ גֶעהֶערְט פוּן אַ גֶעדְרוּקְטֶען צוּ פוּן אַ גֶעשְׁרִיבֶּענֶעם פַּאפִּיר.

צוּ הָאט מֶען טַאקִי בֶּאֱמֶת גֶעדְרוּקְט פֵינֶע טִינְטֶלֶערְס שְׁרַייבֶּערַיי דָאס וֶועלֶען דִי לֶעזֶער זֶעהְן וַוייטֶער, נָאר זַיין גֶעשֶׁעפְט פְּלֶעגְט עֶס נִיט זַיין, עֶר אִיז נִיט מִיעד גֶעוָוארֶען שׁוֹין פוּן עֶטְלִיכֶע יָאהר אַלֶע טָאג שְׁרַייבֶּען אוּנ אַוֶועקְשִׁיקֶען אַ נַייֶע קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶע פוּן זְלִידְנִיוְוקֶע — אַי וָואס מֶען דְרוּקְט נִיט, פְּלֶעגְט עֶר זִיךְ אָפְּט בַּאטְרַאכְטֶען, וָואס וֶועט זַיין דֶער סוֹף? נָאר וֶוער קֶען עֶס ווִיסֶען, אֶפְשֶׁר זֶענִין דִי וָואס פִיהְרֶען דִי גַאזֶעטֶען אַזוֹי פַארְטְרָאגֶען מִיט פִיהְרֶען דִי גַאנְצֶע וֶועלְט אַז זַיי הָאבֶּען קַיין צַייט נִיט אִיבֶּערצוּלַייֶענֶען מַיינֶע קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶעס, צוּ אֶפְשֶׁר הָאט מַיינֶער אַ שׂוֹנֵא דָארְט אָנְגֶערֶעדְט אוֹיף מִיר אַז אִיךְ קֶען נִיט שְׁרַייבֶּען אוּנ אֶפְשֶׁר וֶועלִין זַיי טַאקִי נָאךְ זַיין גֶעדְרוּקְט, וֶוער ווֵייסְט?...

נָאר ווִי אַזוֹי עֶס אִיז שׁוֹין, צוּ מֶען הָאט יוֹא גֶעדְרוּקְט אָדֶער נִיט, אָבֶּער דָאס וָואס מֶען הָאט אִיהם אָנְגֶענוּמֶען פַאר אַ גַאזֶעטְשִׁיק אִין זְלִידְנִיוְוקֶע אִיז עֶפֶּעס אוֹיךְ וֶוערְטְה גֶעוֶועזֶען. — דֶערצוּ פְּלֶעגְט עֶר דֶעם רֶעדַאקְטָאר פוּן דֶער גַאזֶעטֶע וואו עֶר פְּלֶעגְט שְׁרַייבֶּען, אוֹיךְ נִיט שְׁוַייגֶען:

בַּאלְד ווִי עֶר הָאט אִיבֶּערגֶעגֶעבֶּען זַיין קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶע אוֹיף דֶער פָּאסְט „זַאקַאזְנָאיֶע" אוּנ בַּאקוּמֶען דִי קְוִויטַאנְצְיֶע, פְּלֶעגְט עֶר אָנְהוֹיבֶּען צוּ צֶעהלֶען דִי טֶעג וִויפִיעל עֶס דַארְף גֶעדוֹיֶערְן דֶער בְּרִיעף גֶעהְן קַיין נ. (וואו דִי צַייטוּנְג גֶעהט אַרוֹיס), ווִיפִיעל דָאס אָבְדְרוּקֶען אוּנ ווִיפִיל טֶעג דַארְף גֶעדוֹיֶערְן פוּן נ. קַיין זְלִידְנִיוְוקֶע דִי צַייטוּנְג זָאל אָנְקוּמֶען מִיט זַיין גֶעדְרוּקְטֶער קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶע; וֶוען עֶס הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶעעֶנְדִיגְט דֶער סְרָאק אוּנ זַיין קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶע אִיז נָאךְ נִיט גֶעוֶועזֶען גֶעדְרוּקְט, פְּלֶעגְט עֶר בַּאלְד לוֹיפֶען אוֹיף דֶער פָּאסְט מִיט דֶער קְוִויטַאנְצְיֶע אִין דֶער הַאנְד פְרֶעגֶען וָואס אִיז דִי מַעֲשֶׂה דֶערפוּן. אַז מֶען הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט אַז זַיין בְּרִיעף אִיז שׁוֹין לַאנְג אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, הָאט עֶר זִיךְ בַּאטְרַאכְט טָאמֶער קֶען זַיין אַז דֶער בְּרִיעף אִיז גָאר פַארְפַאלֶען גֶעוָוארֶען, נָאר קֶען דָאס זַיין? עֶר הָאט דָאךְ אַ קְוִויטַאנְצְיֶע- עֶר וֶועט דֶען שְׁוַייגֶען דֶער פָּאסְט מִיט אַלֶע טְשִׁינָאוְונִיקֶעס? נָאר דֶערוַוייל אֵיידֶער עֶר וֶועט אָנְלֶערְנֶען דִי טְשִׁינָאוְונִיקֶעס מִיט דֶער פָּאסְט, פְּלֶעגְט עֶר אַוֶועקְשִׁיקֶען אַ צְוַויטֶען זַאקַאזְנָאיֶע בְּרִיף אוֹיפֶען רֶעדַאקְטָארְס נָאמֶען אַלֵיין אוּנ פְרֶעגֶען אִיהם צוּ הָאט מֶען

בעקומען זיין קארעספאנדענציע אין וועלכע עס איז געוועזען באשריבען דאס אונ דאס אונ פאר וואס דרוקט מען זי ניט; נור אז ער האט דארויף אויך קיין ענטפער ניט באקומען, פלעגט ער שוין איינגעבען אויף דער פאסט א פראשעניע צוזאמען מיט דער קוויטאנציע. אונ אין עטליכע טאג ארום האט ער ווירקליך באקומען איין ענטווער אז זיין בריף האט באקומען דער רעדאקטאר.

– הייסט עס, פלעגט ער זיך איצט טראכטען, אז דער רעדאקטאר האט יוא בעקומען, היינט פאר וואס דרוקט מען ניט? קיין סך ניט געטראכט, זיך געזעצט אונ ווייטער אנגעשריבען א בריף צום רעדאקטר, נאר שוין ניט פריהער „א געבעט בריוועלע” פאר וואס דרוקט מען ניט, נור א גרויסען לאנגען בריף פון עטליכע בויגען פאפיר, באשריבען פון אללע זייטען, געבייזערט זיך אין דעם בריעף אויף וואס די וועלט שטעהט, אונ צו ענדע האט ער צו געשריגען מיט א כעס טאמער וויל מען ניט דרוקען זאל מען איהם די קארעספאנדענציע באלד זאקאזנאיע אבשיקען. דא פלעגט ער שוין פון דער רעדאקציע באקומען א קליין בריוועלע, אז קארעספאנדענציעס שיקט זי ניט צוריק. וועלכע מען געפינט נוצלעך דרוקט מען פון יעדען שרייבער מיט פערגניגען. גאנצע אכט טאג האט מען זיך ארומגעטראגען מיט דעם בריוועלע, געטייטשט אויף אלע זייטען, געמאכט דארויף גאנצע פרושים אונ זיך טאקי נאך אמאל געפרעגט: פאר וואס־זשע דרוקט מען פארט ניט? די צייטונג שרייב איך אוים, זאקאזנאיע האב איך אוועקגעשיקט היינט וואס קען דאס זיין? אפשר דערפאר וואס איך האב זיך געקריגט מיט דעם רעדאקטאר אין דעם פריהערדיגען לאנגען בריעף, אפשר האב איך זיך טאקי ארויסגעחאפט מיט א הארב ווארט, ווארום אין דער אמת׳ן איז ער זיך פארט א רעדאקטאר אונ איך נאר א קארעספאנדענט, היינט וואס האב איך זיך בארארפט בעזערען אויף איהם?

וועגען דעם וואס ער האט זיך צוקריגט מיט דעם רעדאקטאר פלעגט ער פרעגען איין עצה ביי זיין גוטען פריינד דעם איידעמעלע.

– ווי מיינסט דו? דו האסט דאך געלייענט דעם גרויסען בריעף וואס איך האב איהם געשריבען, דארף ער זיין ברוגז דערפאר?

– געוויס, איך האב דיר נאך דעמעלט געזאגט, שיק איהם ניט אזא בריעף ווארום ער וועט ברוגז ווערען, האסט דו מיר געענטווערט: נישט קשה לאז ער וויסען, ער דרוקט בלויז ניט מיין קארעספאנדענציע, לאז ער חאטש וויסען, אז ער האט ניט צו טהון מיט „וועמען”, לאז ער וויסען אז מיט א זלידניוועקער פארשטעקט מען ניט די קוימענעס, לאז ער וויסען!”... אונ האסט קיינעם ניט געפרעגט אונ אוועקגעשיקט דעם בריעף, איצטער אט נא דיר! – איז ער ברוגז אויף דיר אז ער וויל דיר אפילו ניט ענטווערן. איך האב דען פריהער ניט געוואוסט אז עס וועט זיין אזוי, ווארום מיינסט דו אז א רעדאקטאר איז עפעס אזא מענש ווי איך מיט דיר, ווי מען זאגט „מיין פערדס בייטשעל” צו איך וויים גאר ניט וואס, אונ אויף מארגען ווערד מען ווייטער שלום, ניין ברודער, דו ביזט שולדיג אונ דער רעדאקטאר איז

אַוודאַי גערעכט וואס ער דרוקט ניט דיינע קארעספאנדענציעס, ווען איך זאל זיין רעדאַקטאר אונ דו זאלסט מיך אַזוי זידלען וואלט איך זיי אויך ניט געדרוקט, חאטשע דו ביזט מיין פריינד.

– וואס־זשע האב איך איהם דא אַזוינס געזאגט, צו געווידעלט ווי דו רופסט עס אן? דו האסט דאך אַליין געלייענט דעם בריעף, איך האב איהם דעם „לידידי" מיט דעם גאַנצען טיטעל געשריבען, ווי עס קומט צו אַ רעדאַקטאר, איך האב איהם נאר געשריבען: סטייטש געוואַלד וואס דרוקט ער ניט מיין קארעספאנדענציע אונ טאמער ניט דאַרף מען ניט זאל ער מיר באַלד אָבשיקען מיין קארעספאנדענציע, דאכט זיך מעהר ניט, היינט וואס האט ער דא צו זיין ברוגז?

– דיר דאכט זיך אַזוי, דו מיינסט אַז מיט אַ רעדאַקטאר קען מען אַזוי רעדען. מען דאַרף מעהר ניט ווי אַזוינע ווארטער: אַז מען וויל ניט דרוקען דאַרף מען ניט, זאל מען דיר אָבשיקען, וואס־זשע נאך וואלסט דו באַדאַרפט שרייבען ער זאל ברוגז ווערען; עס איז געווען אַזעלבע ווארטער, וואס דען וואלסט דו געוואלט דו זאלסט איהם שעלטען אין טאטען אַריין? אַ ברודער! דערמעלט וואלט איך דיר שוין ניט מקנא געווען, דו וואלסט שוין אָנגעשפּאַרט וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט...

נאך דעם פלעגט פינע טינטעלער גאר אַראבלאָזען די נאז מיט האנד אונ פּים אונ זיך טאקי געפינען אומגערעכט אַקעגען דעם רעדאַקטאר. גאַנצע צוויי טאג פלעגט ער נאך דעם אַרומגעהן ווי אַ צוקאכטער, זיין קליין סאַוועסט'ל האט איהם געמוטשעט אונ געמוטשעט אַז ער האט ניט געקענט עסען, ניט טרינקען אונ ניט שלאָפען ביז ער האט זיך באַשלאָסען מיט אַ נייעם בריעף איהם איבערצובעטען, אַבי ער זאל שוין אויף ווייטער דרוקען זיינע קארעספאנדענציעס. דער נייער בריעף איז געווען אַזוי געשריבען:

יום ג׳ פרשה בהעלותך פה זלידניוועקע לפ"ק.

„צו די עהרע פון דעם רעדאַקטאר, מיין געליבטער טהייערער, דעם רב, דעם קלוגען, דעם גאַנצען, אַ אויסגעצייכענטער פון צעהנטויזענדער וואס בעלייכט די ערד אונ איהרע איינוואהנער, ווי די זונן זאל געוועלטיגען זיין נאמען, דער איז בעוואוסט אין די טהויערען צו אַ נאמען אונ צו לויב, די עהרע פון זיין נאמען, זיין שאנהייט מוהר"ר . . . . . . . וכו'"

טהייערער רעדאַקטאר! מיט איין אַיינגעבויגענעם אַיינגעבראָכענעם קאפּ אין דריען, מיט אַ צובראכען האַרץ קום איך איצטער צו אייך איהר זאלט מיר פאַרגעבען. ווארום אייער כבוד וואס שוועבט אויף דער גאַנצער וועלט, האב איך אומזיכט אָנגעריהרט א. ז. וו.

נאך דעם ווי ער האט שוין אין שאנע מליצה ווארטער איבערגעבעטען קעהרט ער זיך צו דעם פאר וואס מען דרוקט ניט זיינע פריהעריגע מאמרים, קארעספאנדענציעס אונ בעט אויך צו דרוקען דאס בריוועלע וואס ער לעגט צו צו דעם געגעבעט בריעף.

„שוין צייט איהר זאלט אויף מיר רחמנות האבען, טהייערער רעדאַקטאר, –

שְׁרַייבְּט עֶר וַוייטֶער אִין זַיין גֶעבֶּעט בְּרִיעף – בִּיז וַואנֶען וֶועט אִיהר זִיךְ אִיבֶּער מִיר אַזוי נַארוֶען, צַייט שוֹין רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוֹיף מִיר, גֶעדֶענְקט וִויפִיעל טְרֶעהרֶען אִיךְ הָאבּ אויסְגֶעגָאסֶען פַאר אַייךְ, צַייט שוֹין אָנְהוֹיבֶּען צוּנֶעמֶען בַּיי מִיר חָאטְש אֵיין מַאֲמָר, גְוַואלְד וָואס הָאט אִיהר אוֹיף מִיר גֶעוָוארְפֶען אַזא אוּם חֵן? פַאר וָואס בַּיי-יֶעדֶען נֶעמְט אִיהר צוּ אֲפִילוּ דִי קְלֶענְסְטֶע קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶע אוּנ אִיךְ בִּין בַּיי אַייךְ גָאר אִיבְּרִיג! אַזוי פִיעל מַאֲמָרִים וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעשִׁיקְט אוּנ אֵיינֶער פוּן זֵיי הָאט אוֹיךְ נִיט זוֹכֶה גֶעוֶועזֶען זֶעהן דָאס לִיכְט. גֶעוַואלְד! פַאר וָואס אִיז דָאס, גֶעדֶענְקְט דֶעם בְּרִיעף וָואס אִיהר הָאט מִיר גֶעשִׁיקְט מִיט אַ יָאהר צוּרִיק אוּנ אִיהר הָאט מִיךְ גֶע-טְרֵייסְט אוּנ גֶעזָאגְט אַז אִיהר וֶועט אָן נֶעמֶען מַאֲמָרִים מִיט קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶעס, פוּן דֶעמָאלְט אָן הָאבּ אִיךְ אַייךְ גֶעשִׁיקְט עֶטְלִיכֶע מַאֲמָרִים אוּנ גָאר נִישְׁט!... גֶעוַואלְד הָאט שוֹין רַחֲמָנוּת אוֹיף דֶעם לֶעצְטֶען מַאֲמָר וָואס אִיךְ הָאבּ אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט מִיט דִי צְוַויי רו״כ פַאר גַאזֶעטֶען, טָאמֶער הָאט אִיהר פַארְגֶעסֶען וַוייל אִיהר הָאט אַ סַךְ מַאֲמָרִים, וֶועל אִיךְ אַייךְ דֶערְמָאנֶען אַז מַיין מַאֲמָר הֵייסְט „חָתָן צוֹלֵעַ עַל יְרֵיכוֹ״ (אַ חָתָן וָואס הִינְקְט אוֹיפ׳ן דִיךְ) הָאט אוֹיף אִיהם רַחֲמָנוּת אוּנ גִיט אִיהם אֵיין אָרְט אִין אַייעֶער טְהַייעֶרֶער גַאזֶעטֶע. אִיךְ וֶועל דָאס מִיט מַיין גֶעזוּנְד נִיט אִיבֶּערְלֶעבֶּען, אִיךְ דַארְף זִיךְ שֶׁעמֶען פַאר אַלֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער. הָאט רַחֲמָנוּת, גִיט אֵיין אָרְט מַיין מַאֲמָר אִין אַייעֶער טְהַייעֶרֶע גַאזֶעט אוּנ דֶעם בְּרִיוֶועלֶע אוֹיבֶּעט, אִיךְ וֶועל אַייךְ אֵייבִּיג נִיט פַארְגֶעסֶען. צַייט שוֹין אִיהר זָאלְט קֶערֶען זִיךְ צוּ מִיר, צוּ הֶערֶען מַיינֶע גֶעבֶּעטֶען, גֶעוֵויינֶען: אוֹי! וֶוער וֶועט צוּנוֹיפְבְּרֶענְגֶען מַיינֶע טְרֶעהרֶען, זֵיי וֶועלֶען זַיין גְרֶעסֶער וִוי דֶער אוֹקְיָנוֹס, צַייט שוֹין רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוֹיף מִיר, גָאטְט וֶועט אוֹיף אַייךְ דֶערְפַאר אוֹיךְ רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוּנ וֶועט אַייךְ דֶערְלֶענְגֶערֶען אַייעֶרֶע יָאהרֶען. זָאגְט אַלֵיין וִוי זָאל נִיט פַאר-דְרִיסֶען – מֶען הָארֶעוֶועט אַזוי פִיעל אוֹיף דֶעם שְׂפַת עֵבֶר אוּנ לָאזְט זִיךְ אוֹיסֶעט אַז וֶוער עֶס שְׁרַייבְּט נֶעמְט מֶען צוּ אוּנ מַיינֶע נִיט. גֶעוַואלְד, בִּיז וַואנֶען וֶועט דָא אַזוי זַיין? בִּיז וַואנֶען! – אֵיין בְּרִיעף הָאבּ אִיךְ גֶעשִׁיקְט אוּנ עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען מִיט דֶעם רַבּ׳ס אַ חֲתִימָה אוּנ מֶען הָאט אוֹיךְ נִיט גֶעדְרוּקְט!...

אִיךְ גְלוֹיבּ אַז דֶער וָואס לֵייעֶנְט דִי בְּרִיעף פַאלְשֶׁעוֶועט. עֶר וַוייזְט פַאר אַייךְ נִיט אַ סַךְ בְּרִיעף, דָאס אִיז אַוַודְאי נִיט שֶׁאן, הָאט שוֹין אִיבֶּער מִיר רַחֲמָנוּת, דְרוּקְט אָבּ מַיין מַאֲמָר „חָתָן צוֹלֵעַ עַל יְרֵיכוֹ״ וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעשִׁיקְט מִיט דִי צְוַויי רו״כ אוֹיף גַאזֶעטֶען, הָאט רַחֲמָנוּת אוּנ דֶעסְטְגְלַייכֶען אָט דָאס בְּרִיוֶועלֶע אוֹיבֶּעט, אִיךְ וֶועל אַייךְ מִן הַסְתָּם אָבְּדַאנְקֶען אוּנ טָאמֶער נִיט חו״ש, נִיט טְהוּט מִיר אָן קַיין בִּזְיוֹנוֹת, זִידֶעלְט מִיךְ וִויפִיעל אִיהר ווילְט, וִויפִיעל אַייעֶר הַארְץ גְלוּסְט, אָבֶּער זִידֶעלְט מִיךְ נָאר אַזוי. – „לה׳ סוֹף חבּשׁ לראשי״, אִיהר וֵוייסְט זִיךְ שוֹין מַיין פַארְשְׁטֶעלוּנְג *). הָאט רַחֲמָנוּת!

---

*) דערמיט מיינט ער, אז טאָמער וויל מען איהם ענטווערען אין בריף-קאסטען פון דער ציַיטונג זאָל מען איהם ניט ענטווערען אויף זיין אמת׳ן נאָמען, נאָר אויף זיין פאָרשטעלטען נאָמען (פסעוודאָנים): לה׳ „סוף חבש לראשי״ אָדער ווי ער רופט עס אָן: „מיין פאָרשטעלונג״.

האט רחמנות! אונ האט רחמנות! דער וואס בעט איך מיט ביטערע טרערען פינע טינטלער המכונה „סוף חבש לראשי״ *).

זינט פינע טינטלער האט אוועקגעשיקט די בריעף פארשטעהט זיך אויך „זאקאזי-נאיע״ אין דער רעדאקציע האט ער אנגעהויבען שטארק בטחון האבען אז אלעס וואס ער האט אויף זיין לעבען אוועקגעשיקט אין דער רעדאקציע, אלעס וואס ער וועט שרייבען אונ „דאס בריוועלע אויבעט״ וועט זיין געדרוקט; אונ חאטש פון דער צייט אן איז שוין אוועקגעגאנגען א גאנץ יאהר אונ עס איז נאך ניט געדרוקט אפילו „דער חתן וואס הינקט אויפ׳ן דיך״ וואס ער האט אזוי געבעטען רחמים אונ געוויינט מען זאל איהם ניט מבייש זיין, פון דעסטוועגען האט ער נאך זיין בטחון ניט אנגעווארען עד היום אונ ווערט ווייטער ניט מיעד צו שרייבען נייע קארעספאנ-דענציעס, נייע מאמרים נייע בריעף, כדי אויסצוגיסען זיך זיין ביטער הארץ צום רעדאקטאר אליין.

פינע איז שוין אזוי געוואהנט געווארען מיט זיין לאגע אז ער פלעגט שוין נאר ניט זארגען „וועגען דרוקען״ ער האט זיך מעהר געזארגט וואו נעמט מען אין ענין (טהעמא) אויף נייעס צו שרייבען.

– נא פון וואס זאל איך איצטער שרייבען? פלעגט ער זיך אפט פארטראכטען, ווי מען קריגט זיך אין קלויז ביים דאווענען, פון דעם גוטען יורען וואס ער איז געקומען צו אונז אויף שבת, פון דעם הקדש? דאס אלץ אונ נאך א סך זאכען האב איך שוין אמאל הונדערט באשריבען אין די גאזעטען (ד. ה. געשיקט אין די גאזעטען, ווארום געדרוקט זענען זיי ניט געוועזען); אונ ווידער וואס פאר א נייעס וועט דאס זיין – דער רעדאקטאר זאל האבען א תירוץ עס ניט צו דרוקען אונ זאל נאך בלייבען געערבט אקעגען מיר? – א ניין, דאס וועל איך ניט דערלאזען!

אונ פינע טינטלער האט אלץ געזוכט א נייעם ענין, נאר איז עפעס אזוי גרינג צוגעפינען אין זלידניוועקע א נייעם ענין? פינע איז געבעך ארומגעגאנגען אין ביטערע צרות: אט, אט לאזט זיך אויס זיין שרייבען, חאטש צוריים זיך . . . נאר אויף זיין גרויס גליק איז די באר אין זלידניוועקע אבגעברענט געווארען היינטיגען שבת באנאכט.

פינע טינטלער איז איצטער גליקליך געוועזען, סטייטש, א קליינקייט אזא נייעס! אונ חוץ וואס עס איז א נייעס, וועט שוין דא דער רעדאקטאר מוזען דרוקען, ווארום וועלכער רעדאקטאר דרוקט דען ניט פון א שריפה, דאס זעהט ער זיך אליין אין אללע נומערן אז ווי עס ברענט נאר א שטעדטיל דרוקט מען.

– א איצטער האב איך איהם שוין אריינגעכאפט אין די לאפקעס, ער וועט שוין מוזען דרוקען, ער וועט זיך שוין דא ביי מיר ניט אזוי אויסדרעהען. אך ווי דערלעב איך שוין דער שבת זאל שוין פארגעהן, עס זאל שוין ווערען נאכט, איך זאל שוין

---

*) דער בריעף פון אנהויב ביז צום סוף איז ניט פון מיר אויסגעטראכט, דאס אריגינאל געפינט זיך ביי מיר אונ יעדער קען איהם זעהן. דער פערפ.

דֶערְזֶעהן דֶעם עֶרְשְׁטֶען שְׁטֶערן וָואלְט אִיךְ זִיךְ שׁוֹין גֶעזֶעצְט אָנְשְׁרַייבֶּען דִי קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶע

דֶערְמִיט אִיז פִּינֶע טִינְטְלֶער גֶעוֶועזֶען פַארְטְרָאגֶען אַ גַאנְצֶען שַׁבָּת.

עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַזוֹי פַארְטְרָאגֶען מִיט דֶעם בֶּעשְׁרַייבֶּען פוּן דֶער שְׂרֵיפָה, אַז עֶס הָאט אִיהם אַלֶע מָאל אוּנְטֶערְגֶעטְרָאגֶען אוּנ זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען הָאבֶּען נִיט גֶעקֶענְט אִיבֶּערְטְרָאגֶען דֶעם גֶעפִּילְדֶער פוּן דֶער גַאס וואוּ מֶען הָאט אִיצְט אוּמֶעטוּם גֶעלַיארמט וֶועגֶען דֶער אֲסִיפָה, אוֹיף צוּמַאכֶען אַ נַייֶע בָּאד, אוּנ פִּינֶע טִינְטְלֶער אִיז אוּמִיסְטְנֶע אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוּנְטֶער דֶער שְׁטָאדְט אוֹיף דֶעם פֶעלְד אוּנ צְוִוישֶׁען דִי בּוֹימֶער אִיבֶּער־גֶעבֶּען זִיךְ זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען אוּנ פַארְבְּרֶענְגֶען דִי צַייט אַז דֶער שַׁבָּת זָאל שׁוֹין וִוי צוּם גִיכְסְטֶען אַוֶועקְגֶעהן — עֶר זָאל שׁוֹין מֶעגֶען שְׁרַייבֶּען.

* *

*

מִיט פְרֵייד הָאט מֶען דֶערְלֶעבְּט דִי נַאכְט — נָאךְ הַבְדָלָה, דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם, דִי בַּעֲלֵי בָּתִּים, דֶער רָב, טְרַייטִיל, פַּייוִויש פָּאנְפַּאטְשׁ, טְרַיינֶע, דְוָואשֶׁע דִי טוֹקֶערן, חַייקִיל קִישְׁקֶע, וַוייסֶע חֶבְרָה זֶענִין גֶעקוּמֶען צוּם שׁוֹחֵט אוֹיף דֶער אֲסִיפָה, וִוי דֶער רָב הָאט דְוָואשֶׁען אוּנ טְרַיינֶען צוּגֶעזָאגְט נָאךְ דֶעם דַאוְונֶען.—

בֶּערִיל פְּלַאסְטֶער אִיז גֶעגַאנְגֶען זוּכֶען אַ שׁוּתָּף צוּשִׁיקֶען קוֹיפֶען בַּיי יֶענְטֶע דֶער מְלַמֶדְקֶע אַבִּיסל בְּרָאנְפֶען.—

פִּינֶע טִינְטְלֶער הָאט זִיךְ וִוי צוּגֶעקָאוֶועט גֶעזֶעצְט שְׁרַייבֶּען דִי קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶע אוּנ גֶעשְׁרִיבֶּען מִיט גְרוֹיס חֵשֶׁק.—

*

*

אוֹיף מָארְגֶען, דָאס הֵייסְט זוּנְטָאג, הָאט זִיךְ אִין זְלִידְנִיוְקֶע גֶעהֶערְט אַ סַךְ נַייֶעס.

אוֹיף דֶער אֲסִיפָה בַּיים שׁוֹחֵט הָאט מֶען בֶּעשְׁלָאסֶען: עֶרְשְׁטֶענְס — אַז בַּאלְד נָאךְ שַׁבָּת זָאל מֶען זִיךְ שְׁטֶעלֶען סְטְרוֹיֶען אַ נַייֶע בָּאד, נָאר אַזוֹי וִוי מָארְגֶען אִיז זוּנְטָאג אוּנ קֵיין גוֹיִם אַרְבַּייטֶען נִיט, זָאל מֶען אָנְהוֹיבֶּען מָאנְטָאג — יוֹדֶען קֶענֶען זִיךְ אַ מִינוּט נִיט בַּאגֶעהן אָהן קֵיין בָּאד הָאבֶּען אַלֶע גֶעשְׁרִיֶען אוּנ יֶעדֶער הָאט טַאקִי בַּאלְד גֶעגֶעבֶּען וִויפִיעל מֶען הָאט גֶעקֶענְט אוּנ עֶס אִיז גֶעוָוארֶען שֶׁאנֶע עֶטְלִיכֶע רוּבּ'ל אוֹיף דֶער נַייֶער בָּאד. אוּנ צְווַייטֶענְס הָאט דִי אֲסִיפָה גֶערֶעשֶׁעט אַז טְרַייטְלֶען זָאל מֶען קוֹיפֶען אַ נַייֶע פָּאר שְׁקַאפֶּעס, נִיט אַזוֹי צוּ לִיעבּ דֶעם וָואס עַל פִּי דִין (וֶועדְלִיג זַיין וַוייבּ טְרַיינֶע הָאט גֶעטַעְנֶהט) קוּמְט אִיהם אָבצוּקוֹיפֶען נַייֶע שְׁקַאפֶּעס, וַוייל זַיינֶע יֶעקִילְס זֶענִין אוּמִיסְט נֶעבֶּעךְ גֶעגַאנְגֶען יוּנְג פוּן דֶער וֶועלְט אִיבֶּער דֶער שְׁטָאדְט־בָּאד, אָדֶער וִוי דְוָואשֶׁע הָאט גֶעזָאגְט „אִיבֶּער דִי שְׁוֶוערֶע זִינְד", נָאר מֶען הָאט גֶערֶעשֶׁעט אִיהם קוֹיפֶען שְׁקַאפֶּעס דֶערְפַאר, וַוייל אַזוֹי וִוי אַיידֶער דִי נַייֶע בָּאד וֶועט פַארְטִיג וֶוערֶען וֶועט זִיךְ עֶפֶּעס גֶעדוֹיֶערְן, דֶערְוַוייל. וֶועלֶען זִיךְ יוֹדִישֶׁע טֶאכְטֶער

דַארְפֶען, מְחִילָה, גֶעהן אִין מִקְוָה און אִין זְלִידְנִיוְקֶע אִיז זִיךְ דֶערווייל נִיט דָא קֵיין מִקְוָה, זָאלִין זֵיי הָאבֶּען אַ יוּדִישֶׁען בַּעַל עֲגָלָה מִיט וֶועמֶען צוּ פָאהרֶען קֵיין בּוּלַאַ-נָאווְקֶע, אִין גַאנְצֶען זִיבֶּצֶען וֶוארְסְט ווייט, אִין דֶער דָארְטִיגֶער מִקְוָה און צוּרִיק אַהֵיים, און דְרִיטֶענְס הָאט דִי אֲסִיפָה גֶערֶעשֶׁעט אַז דְוָואשֶׁע זָאל גֶעמֶען צְוַויי „פְּיַאטַאקֶעס" (דְרַיי קָאפּ.) פוּן יֶעדֶער וַוייבֶּעל און פוּן יֶעדֶער יוּדֶענֶע אַזוֹי ווִי פְרִיהֶער נוּר זִי זָאל זִיצֶען בַּיי זִיךְ אִין דֶער הֵיים: צוּ אִיהר אִין שְׁטוּב זָאלֶען זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעמֶען אַלֶע טָאג דִי וַוייבֶּער (דִי וָואס דַארְפֶען פָאהרֶען אִין מִקְוָה), בַּיי אִיהר שְׁטוּב זָאל זִיךְ אָבְשְׁטֶעלֶען טְרַייטִיל׳ס פוּהר מִיט דִי נַייע שְׁקַאפֶּעס, און פוּן אִיהר שְׁטוּב זָאל טְרַייטִיל אַוֶועקְפִיהרֶען דִי וַוייבֶּער קֵיין בּוּלַאנָאווְקֶע, און בִּיז צְוֶועלְף דֶעם זֵייגֶער בַּאנַאכְט זָאל עֶר מִיט זֵיי קוּמֶען צוּרִיק און אַלֶע וַוייבֶּער אָבְלָאזֶען טַאקִי וַוייטֶער בַּיי דְוָואשֶׁעס שְׁטוּב. מִיט אֵיין וָוארְט, דְוָואשֶׁעס שְׁטוּב זָאל פוּן הַיינְט אָן זַיין דִי גְלַאווְנֶע סְטַאנְצְיֶע, דֶער גְלַאווְנֶער וָואקְזָאל און דְוָואשֶׁע דֶער נַאטְשַׁאלְנִיק סְטַאנְצְיֶע, טְרַייטִיל מִיט זַיינֶע נַייע שְׁקַאפֶּעס און מִיט דֶעם וָואגֶען—דֶער קוּרְיֶערְסְקִי פָּאיֶעזְד פוּן זְלִידְנִיוְקֶע קֵיין בּוּלְוַואנָאווְקֶע און פוּן בּוּלְוַואנָאווְקֶע קֵיין זְלִידְנִיוְקֶע;

נָאךְ דֶער אֲסִיפָה הָאט אֲפִילוּ טְרַייטִיל נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ טַעֲנָה׳ן אַז אִיהם קוּמְט אָבְצוּקוֹיפֶען פֶערְד, וָוארוּם זַיינֶע יֶעקִילְס זֶענִין גֶעוֶועזֶען פֶערְד און נָאר דִי וַוייסֶע חֶבְרָה – דִי שְׁקָצִים, הָאבֶּען אוֹיסְגֶעטְרַאכְט אוֹיף זֵיי אַז זֵיי זֶענִין שְׁקַאפֶּעס, נָאר זַיין טַעֲנָה׳ן הָאט נִיט גֶעהָאלְפֶען, קֵיינֶער הָאט אִיהם נִיט גֶעגְלוֹיבְּט און מֶען הָאט טַאקִי בַּאשְׁלָאסֶען אַז פָאר שְׁקַאפֶּעס קוּמְט נָאר אָב צוּ קוֹיפֶען שְׁקַאפֶּעס. פַּייוויש פָּאנְפַּאטְש, נֶעבֶּעךְ, אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אָהן אַ שְׁטֶעלֶע, עֶר הָאט אָבֶּער גֶעהָאפְט אַז דְוָואשֶׁע וָואס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען בַּיי דֶער שְׁטֶעלֶע וֶועט אִיהם נִיט לָאזֶען פַאלֶען.

אַז דִי אֲסִיפָה הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט אִיז בֶּערִיל פְלַאסְטֶער נָאר וָואס אַרוֹיסְגֶע-גַאנְגֶען פוּן יֶענְעמֶס דֶער מְלַמֶדְקֶע

פִינֶע טִינְטְלֶער אִיז נָאר וָואס אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער פָּאסְט, זַיין קָאפּ הָאט זִיךְ גֶעדְרֶעהט, דֶער שְׁטֶערְן הָאט גֶעפַּייעֶרְט און גֶעהִיצְט און דִי אוֹיגֶען הָאבֶּען גֶעפִינְקֶעלְט, פוּן דֶעם גַאנְצֶען פָּנִים הָאט אַ גְרוֹיסֶער שְׁוַויים גֶערוּנֶען, וָוארוּם עֶר טְרָאגְט אִיצְטֶער אִין דֶער הַאנְד אַ פָּאסְט קְוִויטַאנְצְיֶע פוּן אַ זַאקָאזְנָאיֶע בְּרִיף וָואס וָואגְט עֶטְלִיכֶע לוֹיט – עֶר הָאט אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט דִי קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶע וֶועגֶען דֶער שְׂרֵיפָה וָואס עֶר הָאט נֶעכְטֶען אַ גַאנְצֶע נַאכְט גֶעשְׁרִיבֶּען. עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער פָּאסְט אַ הֵיים פַארְטַארַארַאמֶעט, גֶעשָׁאקֶעלְט מִיט דֶעם קָאפּ, עֶפֶּעס גֶערֶעדְט אַלֵיין אוּנְטֶער דֶער נָאז, עֶס הָאט אוֹיסְגֶעוִויזֶען ווִי עֶר לֶערְנְט אֵיינֶעם אָן, עֶר סְטְרַאשֶׁעט אֵיימִיצֶען און גֶעטְרַאכְט

– אָ, עֶס וֶועט שׁוֹין זַיין גֶעדְרוּקְט, אַ בְּרֵירָה וֶועט עֶר הָאבֶּען, עֶר וֶועט מוּזֶען – אַ שְׂרֵיפָה! עֶר מֵיינְט עֶס אִיז אִיהם „דֶער חָתָן וָואס הִינְקְט אוֹיפ׳ן דִיךְ" וֶועלְכֶען עֶר הָאלְט יָאהרֶען לַאנְג און וִויל אִיהם נִיט דְרוּקֶען! – דָאס אִיז נִיט קֵיין מַאֲמָר, דָאס

אִיז אַ שְׂרֵיפָה, פוּן וֶועלְכֶער פִיעל פוּן אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער וָואס הָאבֶּען אַ סַךְ שׂוֹנְאִים וֶוענִין אוּמְגְלִיקְלִיךְ גֶעוָוארֶען.

אַזוֹי וִוי פִּינֶע טִינְטְלֶער פֶּערְזִיכֶערְט אַז דִי קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶע פוּן דֶער שְׂרֵיפָה וָועט זַיין גֶעדְרוּקְט, וֶועט אִיהר זִי קֶענֶען לֵייעֶנֶען אִין דִי גַאזֶעטֶען, נָאר וַוייל דִי זְלִידִגִיווקֶער קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶע אִיז זֶעהר אַ וִויכְטִיגֶע וֶועל אִיךְ אַייךְ דֶערְוַוייל נָאר אִין קוּרְצֶען אִיבֶּערְגֶעבֶּען דֶעם אִינְהַאלְט:

אִין דֶעם „וַאקַאוְנַאיֶע" בְּרִיעף וֶוענִין גֶעלֶעגֶען צְוַויי גְרוֹיסֶע בּוֹיגֶען פַּאפִּיר; דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען דִי קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶע אַלֵיין, דֶערְנָאךְ אַ גְרוֹיסֶער בְּרִיעף צוּם רֶעדַאקְטָאר אַלֵיין מִיט אַ סַךְ טַעֲנוֹת פַאר וָואס דְרוּקְט מֶען נִיט וָואס עֶר הָאט בִּיז אִיצְט גֶעשְׁרִיבֶּען אוּנ וַוייטֶער אִיז גֶעלֶעגֶען אַ קָאנְוֶוערְט מִיט אַ מַארְקֶע אַז טָאמֶער וִויל מֶען נִיט דְרוּקֶען זָאל מֶען אִיהם שְׁרַייבֶּען: פַאר וָואס וִויל מֶען נִיט דְרוּקֶען אוּנ וֶועלְכֶעס הָאט מֶען דָא גֶעפוּנֶען פַאר נִיט גוּט, פַאר וָואס דְרוּקְט מֶען אַנְדֶערֶע יָא אוּנ זַיינֶע נִיט, אַנְדֶערֶע קֶענֶען נִיט שְׁרַייבֶּען אַזוֹי וִוי עֶר אוּנ פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען... אוּנ ווִידֶער וִויל עֶר מֶען זָאל דְרוּקֶען וַוייל עֶר קֶען שׁוֹין נִיט שְׁוַוייגֶען אוּנ צוּזֶעהן וִוי זַיינֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע בְּרִידֶער פִיהרֶען זִיךְ א. ז. וו. מִיט טַעֲנוֹת.

נָאר לָאמִיר זִיךְ אוּמְקֶעהרֶען צוּם אִינְהַאלְט: פָאר אַלֶעם בַּאגְרָאבְּט עֶר דָארְט חַייקִיל קִישְׁקֶע מִיט אַלֶע בַּעֲלֵי-בָּתִּים פַאר וָואס אִיז אִין זְלִידְגִיווקֶע נִיט דָא אַ „פָּאזְשַׁארְנֶע קָאמַאנְדַא" וִוי אִין אַלֶע אַנְדֶערֶע שְׁטֶעדְט וִוי צוּם בַּיישְׁפִּיעל אִין פֶּעטֶערְסְבּוּרְג צוּ חָאטְשׁ וִוי אִין אָדֶעסְסַא, אָדֶער וַוארְשָׁא וַוייל אַיידֶער מֶען הָאט זִיךְ גֶערִיהרְט מִיט חַייקִילְס קִישְׁקֶע אִיז דִי בָּאד שׁוֹין אָבְּגֶעבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען, אוּנ דְרוּם טַאקִי הָאבֶּען יוּדֶען אוֹיף זִיךְ אַלֶע צָרוֹת וָואס זֵיי פִיהְרֶען זִיךְ פַאנַאטִישׁ אוּנ ווִילֶען נִיט אַיינְפִיהרֶען אַ „פָּאזְשַׁארְנֶע קָאמַאנְדֶע" וִוי אִין דֶעם צִיווִילִיזִירְטֶען אֵייראָפַּא.

וַוייטֶער הָאט עֶר בַּאשְׁרִיבֶּען דֶעם פָּאזְשַׁאר אַלֵיין וִוי דָאס פַייעֶר הָאט זִיךְ גֶעצוּיגֶען אִיבֶּערְן הִימֶעל אַז פוּנְקֶען וֶוענִין גֶעפְלוֹיגֶען אוּנ עֶר, פִּינֶע טִינְטְלֶער, הָאט זִיךְ בַּאנַאכְט שְׁטַארְק דֶערְשְׁרָאקֶען פוּן דֶער שְׂרֵיפָה.

אוּנ דְרִיטֶענְס הָאט עֶר בַּאֲרִיכוּת בַּאשְׁרִיבֶּען וִוי אַ יוּד בֶּעריל פְלַאסְטֶער הָאט זִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ גֶעוֶועזֶען אוּנ קָאמַאנְדֶעוֶועט מִיט דֶעם גַאנְצֶען פָּאזְשַׁאר, אוּנ נָאךְ דֶער שְׂרֵיפָה אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען גַאנְץ „נַאטְשַׁאלְסְטְוָוא" מִיט דֶעם „פְּרִיסְטַאוו" אוּנ הָאבֶּען אִיהם גֶעדַאנְקְט, דְרוּם פַארְדִיענְט דִי נַאטְשַׁאלְסְטְוָוא גֶעלוֹיבְּט צוּ וֶוערֶען אִין אַ יוּדִישֶׁע צַייטוּנְג, אוּנ הַיינְט לָאזֶען קוּמֶען דִי לַייט סוּבָארִין, פִּיחְנָא, אָזְמִידָאוו, שְׁטֶעקֶער, אוּנ וִוי זֵיי הֵייסֶען דָארְט אַנְטִיסֶעמִיטֶען אוּנ אַלֵיין זֶעהְן!... א. ז. וו. אוּנ ז. וו."

פַאר נַאכְט אִיז פִּינֶע טִינְטְלֶער אוּמִיסְטְנֶע צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער פַּאסְט קוּקֶען וִוי דִי פָּאסְט פָאהרְט אַוֶועק, בַּאלְד הָאט עֶר גֶעזֶעהן וִוי פוּן דֶעם הוֹיף פוּן פָּאסְט אִיז אַרוֹיסְגֶעפָאהרֶען מִיט אַ רַעשׁ אַ וָואגֶען מִיט צְוַויי פֶערְד אָנְגֶעלֶעגְט מִיט לֶעדֶערְנֶע מִיטֶעמַאדַאנֶעם אוּנ אוֹיף זֵיי אִיז גֶעזֶעסֶען אַ פָּאטְשְׁטַאלְיָאן. דֶער גְלָאק פוּן וָואגֶען הָאט גֶעקלוּנְגֶען אוּנ בַּיי פִּינֶע טִינְטְלֶער אִין הַארְצֶען הָאט זִיךְ אוֹיךְ עֶפֶּעס גֶערִיהרְט.

–אָט דָא פִירְט מֶען אויךְ אַוֶועק מַיין קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶע! ... הָאט עֶר בַּיי זִיךְ גֶעטְרַאכְט אוּנ דֶעם לֶעצְטֶען קוּק גֶעטְהוּן אויפְ׳ן פָּאסְטְאוֶוע וָואגֶען וִוי עֶר אִיז שׁוֹין אַרָאבּ גֶעפָאהְרֶען פוּן דֶער בְּרִיק, אוּנ דֶער גְלָאק הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט שְׁטִילֶער אוּנ שְׁוַואכֶער . . .

עֶס הָאט זִיךְ אִיהם אויךְ אַזוֹי גֶעוָואלְט נָאכְפָאהְרֶען . . . נָאכְפְלִיהֶען . . .

אִין צְוֵויי שָׁעָה אַרוּם, בַּיי נַאכְט, אִיז פִינֶע טִינְטְלֶער שׁוֹין וַוייטֶער גֶעזֶעסֶען וִוי אַ צוּגֶעקְוועטֶער אוּנ גֶעשְׁרִיבֶּען אַ נַייֶע קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶע וֶועגֶען דֶער גֶעכְטִיגֶער אַסִיפָה, חוּץ דֶעם אויךְ אַ בְּרִיעף צוּם רֶעדַאקְטָאר אַלֵיין, פַאר וָואס אִיז נָאךְ בִּיז אִיצְט נִיט גֶעדְרוּקְט דִי קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶע פוּן דֶער שְׂרֵיפָה, דֶערְנָאךְ בֶּעט עֶר אוֹיבּ מֶען הָאט נָאךְ נִיט גֶעדְרוּקְט זָאל מֶען וָואס צוּם גִיכְסְטֶען דְרוּקֶען פוּן דֶער שְׂרֵיפָה אוּנ דָאס בְּרִיעוֶועל פוּן דֶער אֲסִיפָה אוֹיךְ.



# רֶב טְרַייטֶעל

## עֶרְצֶעהְלוּנְג אִין צְוֵוייא טְהֵייל

פון

## מ. ספֶּעקטָאר.

---

צווייטער טהייל



## ווילנא

שנת תרנ"ו לפ"ק

---


РЕБЪ ТРАЙТЕЛЬ
Господинъ Трайтель.
Разсказъ М. Я. Спектера. Часть II.

ВИЛЬНА. Типографія Вдовы и бр. Роммъ. Жмуд. пер. собст. домъ № 32
1896.

# צְווייטֶער טְהֵייל.

## I.

### די וַוייבֶּערְשֶׁע אֲסִיפָה.

. . . דְרַיי יָאהר . . . דְרַיי יָאהר זֶענִין אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען זִינְט די בָּאד אִין זְלִידְ־גִיוְוקֶע איז אָבְּגֶעבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען . . . דְרַיי יָאהר זֶענִין אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פון דֶעם שַׁבָּת זִינְט עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען די עֶרְשְׁטֶע אֲסִיפָה וֶועגֶען דֶער בָּאד און מֶען הָאט צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען גֶעלְד אַז בַּאלְד אי״ה נָאךְ זוּנְטַאג — דֶעם עֶרְשְׁטֶען דִיעִנְסְטַאג, זָאל מֶען זִיךְ שְׁטֶעלֶען בּוֹיעֶן . . . שׁוֹין דְרַיי יָאהר זִינְט פִּינֶע טִינְטְלֶער הָאט אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט די עֶרְשְׁטֶע קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצִיֶע וֶועגֶען דֶער שְׂרֵיפָה פון דֶער בָּאד . . . און שׁוֹין אוֹיךְ דְרַיי יָאהר זִינְט ר׳ טְרַייטִיל בַּעַל עֲגָלָה פִיהְרְט אַלֶע אָבֶענְד אָדֶער ווִי טְרַייטִיל זָאגְט: שׁוֹין דְרַיי יָאהר אַז עֶר שְׁלֶעפְּט אַלֶע אָבֶענְד די זְלִידְנִיוְוקֶער וַוייבֶּער זִיבֶּענְצֶעהן וֶויאָרְסְט צוּ דֶער בּוּלְוַואנָאוְוקֶער בָּאד אַהִין און צוּרִיק אוֹיף זַיינֶע בֵּייֶע צְווַיי שְׁקַאפֶּעס דֶער „קַארֶע״ מִיט דֶעם „לִיסֶע״ . . .

— וָואס, נָאךְ אִיז אִין זְלִידְנִיוְוקֶע נִיט דָא קֵיין נַייֶע בָּאד? סְטַייטְשׁ דְרַיי יָאהר! דְוָואשֶׁע מִיט די וַוייבֶּער הָאבֶּען דָאךְ עֶפֶּעס נַאגֶעוַואלֶדֶעוֶועט מֶען זָאל ווִי צוּם גִיכְסְטֶען זִיךְ נֶעמֶען צוּ דֶער בָּאד, עֶפֶּעס הָאט מֶען זִיךְ צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען גֶעלְד?

יָא עֶס אִיז טַאקִי אֱמֶת, די וַוייבֶּער הָאבֶּען טַאקִי גֶעגְוַואלְדֶעוֶועט און די מַאנְסְבִּילֶען הָאבֶּען צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען גֶעלְד, די גַאנְצֶע דְרַיי יָאהר הֶערְט מֶען נִיט אוֹיף צוּ גֶעוַואלְדֶעוֶוען און אַלֶע מָאל נַיי גֶעלְד צוּנוֹיפְנֶעמֶען. און פָּארְט זֶענִין דְרַיי יָאהר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען און עֶס אִיז נָאךְ נִיט דָא קֵיין בָּאד. פִּינֶע טִינְטְלֶער הָאט זִיךְ שׁוֹין פָּשׁוּט אָבְּגֶעשְׁרִיבֶּען די פִינְגֶער וֶועגֶען דֶער בָּאד און אַלְץ קֵיין בָּאד נִיט דָא, הָאטְשׁ עֶר הֶערְט נִיט אוֹיף בִּיז אִיצְטֶער צוּ סְטְרַאשֶׁען אַז אָט, אָט בַּאשְׁרַייבְּט עֶר זֵיי אַלֶע אִין די גַאזֶעטֶען; נָאר עֶס הֶעלְפְט פָּארְט נִיט . . .

גֶעוַואלְד דְרַיי יָאהר זָאלֶען זְלִידְנִיוְוקֶער וַוייבֶּער זַיין אָהן אַ בָּאד! עֶס אִיז טַאקִי נָאר גְרִינְג צוּ זָאגֶען און אֲפִילוּ אָנְצוּשְׁרַייבֶּען „דְרַיי יָאהר״, נָאר אִיהר וַוייסְט ווִיפִיעל דְרַיי יָאהר אִיז? דָאס אִיז מֶעהְרֶער פון טוֹיזֶענְד מֵעת לְעֵת — טוֹיזֶענְד מָאל הָאבֶּען זִיךְ די וַוייבֶּער בַּאדַארְפְט שְׁלֶעפֶּען מִיט טְרַייטְלִין בַּיי נַאכְט קֵיין בּוּלְוַואנָאוְוקֶע און צוּרִיק, און ווִי הָאט זִיךְ עֶפֶּעס אִין די טוֹיזֶענְד נַאכְט נִיט גֶעמַאכְט אַ נַיין הוּנְדֶערְט נַאכְט פון די גוּטֶע פָּאגָאדֶעס, רֶעגֶענְס, נַאסֶע קָאלְטֶען, שְׁנֶעעֶן, גְרוֹיסֶע בְּלָאטֶעס, ווִיפִיעל אִיבֶּער־

גֶעפְּרוּוִירֶענֶע אויהְרֶען, הֶאנְד מִיט פִּים, ווִיפִיעל צוּקִילֶעבְּטֶסְטֶען הָאבֶּען דִי אוּמְגְלִיקְלִיכֶע ווַייבֶּער בַּאקוּמֶען פוּן דֶעם פָּאהְרֶען לְשֵׁם מִצְוָה -- אוֹיף קִידוּשׁ הַשֵּׁם ? ווִיפִיעל נַייֶע יוּנְגֶע ווַייבְּלֶעך זֶענִין צוּגֶעקוּמֶען אִין דִי דְרַיי יָאהר ווָאס זֶענִין גֶעוֶוען נִיט גֶעווָאהְנְט זִיךְ שְׁלֶעפֶּען אִין רֶעגֶען , אִין קֶעלְט בַּיי נַאכְט אוּנ הָאבֶּען זִיךְ צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל אוֹיף דֶעם אוֹפֶן בַּאדַארְפְט בַּאקֶענֶען מִיט יוּדִישְׁקַייט . . .

כִּמְעַט אַלֶע ווָאךְ פְּלֶעגֶען דִי ווַייבֶּער מַאכֶען אַ גֶעווַאלְד אוּנ מִיט אַ גֶעפִּילְדֶער אַריינְפַאלֶען צוּם רָב אִין שְׁטוּב מֶען זָאל מַאכֶען נָאךְ אַמָאל אַ נַייֶע אֲסִיפָה אוּנ דֶער רָב הָאט טַאקִי גֶעמַאכְט אוּנ מֶען הָאט טַאקִי נָאךְ אַמָאל צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען גֶעלְד , מֶען הָאט שׁוֹין אֲפִילוּ גֶעקוֹיפְט אַ סַאזְשֶׁען סְלוּפֶּעס , אַ ווָאגֶען שְׁטַיינֶער , אַ ווָאגֶעלֶע לַיים · גֶעדוּנְגֶען אַרְבַּייטֶער אוּנ גֶעשְׁטֶעלְט זִיךְ אַרְבַּייטֶען אוֹיף עֶטְלִיכֶע טֶאג , נָאר ווִי בַּאלְד עֶס אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אַ צְווֵיי דְרַיי טֶאג , הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעלָאזְט אַז קֵיין גֶעלְד אִיז שׁוֹין מֶעהר נִיט גֶעוֶועזֶען צוּ צָאהלֶען דִי אַרְבַּייטֶער אוּנ קֵיין מַאטֶערְיַאל אוֹיךְ נִישְׁט .--
וואוּ זֶשֶׁע זֶענִין אַהִינְגֶעקוּמֶען דִי אַלֶע גֶעלְדֶער ? וֶועט אִיהר פְרֶעגֶען . נָאר אִיךְ זָאל אַייךְ קֵיין סַךְ אוּנ קֵיין אִיבְּרִיגֶע זַאכֶען נִיט דַארְפֶען דֶערְצֶעהלֶען . וֶועלֶען מִיר זִיךְ אַלֶע מַטְרִיחַ זַיין צוּ זֶעלִיג סְטִיסֶע דְווָאשֶׁעס אוֹיף דֶעם בְּרִית פוּן זַיין נַייֶעם אֵיידֶעם , ווֶעלְכֶען עֶר הָאט אַריינְגֶענוּמֶען צוּ זִיךְ אִין שְׁטוּב צוּרִיק מִיט אַ יָאהר . אוֹיף דֶעם בְּרִית ווֶעלֶען זַיין כִּמְעַט אַלֶע שֶׁאנְסְטֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים , אוּנ פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ דֶער רָב מִיט דֶעם שׁוֹחֵט אוֹיךְ , דַארוּם הָאבֶּען דִי ווַייבֶּער צְווִישֶׁען זִיךְ אָבְּגֶערֶעדְט אַז אוֹיף דֶעם בְּרִית ווֶעלֶען זַיי אַריינְפַאלֶען מִיט אַ גֶעווַאלְד ווֶעגֶען דֶער בָּאד .--

אִין דִי גַאנְצֶע דְרַיי יָאהר וואוּ צְווֵיי זֶענִין זִיךְ צוּנוֹיפְגֶעקוּמֶען , הָאט מֶען אַלְץ גֶערֶעדְט פוּן דֶער נַייֶער בָּאד , דֶער הָאט גֶעפְּלַאנֶעוֶועט אַזוֹי דִי נַייֶע בָּאד אוּנ דֶער אַזוֹי , דֶעסְטְוֶוגְלַייכֶען אוֹיף אַ שִׂמְחָה הָאט מֶען אוֹיךְ גֶעהֶערְט מֶעהר רֶעדֶען פוּן דֶער נַייֶער בָּאד .

אוֹיפ'ן בְּרִית נָאךְ דֶעם „יוּדִישֶׁען", זֶענִין זִיךְ דִי בַּעֲלֵי בָּתִּים גֶעזֶעסֶען בַּיים טִישׁ , הָאבֶּען גֶעטְרוּנְקֶען „לְחַיִּים" אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְן אוּנ ווִי דֶער שְׁטַיינֶער אִיז גֶע-שְׁמוּעסְט פוּן וֶועלְטְזַאכֶען אוּנ אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶער בָּאד , דֶער הָאט אַריינְגֶעווָארְפֶען אַזַא ווָארְט , דֶער אַזַא ווָארְט ; אִין אַיין אַנְדֶער רֶאדֶעל הָאט מֶען גָאר גֶעשְׁמוּעסְט פוּן דֶעם רֶבִּין זָאל לֶעבֶּען ווָאס אִיז הַיינְטִיגֶען שַׁבָּת דוּרְכְגֶעפָאהְרֶען , אוֹיךְ פוּן דֶעם פַאר-אַכְטָאגֶעדִיגֶען נַייֶעם חַזָּן ווָאס עֶר אִיז אָנְגֶעקוּמֶען אוֹיף אַ שַׁבָּת אוּנ הָאט גֶעדַאוֶוענְט אִין גְרוֹיסֶען בֵּית הַמִּדְרָשׁ פַאר גָאר אַ קְלֵיינִיקַייט . -- דִי „גֶעבֶּעטֶענֶע" ווַייבֶּער אוֹיף דֶעם בְּרִית זֶענִין גֶעשְׁטַאנֶען פוּן דֶערְווַייטֶענְס מִיט אוּנְטֶערְגֶעשְׁפַּארְטֶע הֶאנְד אוּנְטֶער דִי קָאפּ אוּנ הָאבֶּען אוֹיפְמֶערְקְזָאם גֶעהֶערְט „ווִי דִי מַאנְסְבִּילֶען רֶעדֶען". ווִי זַיי הָאבֶּען דֶערהֶערְט דָאס ווָארְט „בָּאד", „בּוֹיעֶן דִי בָּאד" „מִקְוֶה", הָאבֶּען זַיי אָהן ווֶערְטֶער צוּגֶעשָׁאקֶעלְט מִיט דִי קֶאפּ אוּנ גֶעאֶכְקֶעט אוּנ גֶעזִיפְצְט .

פְּלוּצִים הָאט זִיךְ אַריינְגֶעלָאזְט אַ חָאפְּטֶע ווַייבֶּער , אֵיינֶע אִיז גֶעגַאנְגֶען מִיט אַ פֶערְפְלַאמְט פָּנִים פְרִיהֶער פַאר אַלֶע אוּנ גֶעהַאלְטֶען אִין דֶער הֶאנְד אָנְגַעגְרַייט אַ גְרוֹיס

נָאזְטִיכֶעל אַז טָאמֶער וֶועט זִי דַארְפֶען וַויינֶען זָאל זִי הָאבֶּען מִיט וָואס אויס-צוּשְׁנַייצֶען דִי נָאז.—

דֶער רָב מִיט דֶעם שׁוֹחֵט הָאבֶּען אַ טְרֶעסֶעל גֶעטְהוּן מִיט דִי פֵּאוֹת קֵיין מִזְרָח זַייט אוּנ דֶערְנָאךְ קֵיין מַעֲרָב זַייט אוּנ אַ בֶּאזֶען קוּק גֶעטְהוּן אויף זַיי, וָואס זַיי זֶענִין גֶעקוּמֶען פַארְשְׁטֶערֶען אַ שִׂמְחָה וֶועלְכֶע אִיז דִי יוּדֶען גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען פוּן אַבְרָהָם אָבִינוּ אָן, דֶער רָב הָאט שׁוֹין גֶעוָואלְט הֵייסֶען דֶעם שַׁמֶשׁ עֶר זָאל זַיי זָאגֶען אַז זַיי זָאלֶען קוּמֶען צוּ אִיהם אויף דֶער נַאכְט אַ הֵיים נָאךְ מַעֲרִיב, נָאר עֶר הָאט דֶערְזֶעהְן ווִי דִי בַּעֲל-בַּיִת׳טֶע (דִי מוּטֶער פוּן דֶער קִימְפֶּעטָארֶען) הָאט זַיי זֶעהר פַיין אַרַיינְגֶעבֶּעטֶען אִין שְׁטוּב, הָאט דֶער רָב צוּרִיק אַרָאבְּגֶעלָאזְט דִי אויגֶען.

— מִיר זֶענִין אִיצְטֶער נִיט גֶעקוּמֶען צוּ דִיר אויף דֶער שִׂמְחָה, אי״ה אויף דֶעם בַּר-מִצְוָה וֶועלֶען מִיר זַיין, מִיר זֶענִין אִיצְטֶער גֶעקוּמֶען צוּ דִי בַּעֲלֵי בַּתִּים — הָאט דִי יוּדֶענֶע מִיט דֶעם נָאזְטִיכֶעל זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען צוּ דֶער בַּעֲל בַּיִת׳טֶע. דֶער רָב, דֶער שׁוֹחֵט מִיט אַלֶע בַּעֲלֵי בַּתִּים, הָאבֶּען אויסְגֶעשְׁטְרֶעקְט מוֹיל אוּנ אויהְרֶען.

— אִיךְ וַויים, הָאט דִי בַּעֲל בַּיִת׳טֶע גֶעעֶנְטְוֶוערְט, אוּנ אַז זִי הָאט גֶעזֶעהן ווִי יֶענֶע הַאלְט דָאס טִיכֶעל אִין דֶער הַאנְד, הָאט זִי אויךְ אַרויסְגֶע-נוּמֶען דָאס טִיכֶעל פוּן דֶער קֶעשֶׁענֶע, אַ קוּק גֶעטְהוּן אויף דִי טִירְלֶעךְ פוּן דֶעם אַלְקֶער וואוּ דִי קִימְפֶּעטָארֶען אִיז גֶעלֶעגֶען אוּנ גֶעזָאגְט דֶער יוּדֶענֶע שְׁטִיל: אָט הָאט אִיהר אַ יוּגֶענְד, בְּלוּט אוּנ מִילְךְ וֶועלְכֶע אִיז זִינְט זִי לֶעבְּט פוּן דֶער מַאמֶעס פָּא-דֶעלֶעק נִיט אָבְּגֶעטְרֶעטֶען, קֵיין צְוַויי שְׁפַּאן נִיט אַרויסְגֶעטְרֶעטֶען אַלֵיין פוּן דֶער שְׁטוּב, קֵיין מָאל קֵיין שְׁפַּאן נִיט אַרויסְגֶעפָאהְרֶען פוּן דֶער שְׁטָאדְט, נָאר זִינְט אִיךְ הָאבּ זִיךְ אויסְגֶעבְּרַאכְט אוּנ אִיהר חֲתוּנָה גֶעמַאכְט אוּנ זִי הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פָאהְרֶען מִיט טְרַייטְלִין קֵיין בּוֹלְוַואנָאוְוקֶע, הָאט זִי זִיךְ פַארְקִיהְלְט אוּנ הֶערְט נִיט אויף צוּ הוּסְטֶען. חָלֶעבִּין, אִיךְ וָואלְט נָאר קֵיין שִׂמְחָה נִיט גֶעמַאכְט וָוארוּם זִי לִיגְט טוֹיט קְרַאנְק אִין בֶּעט, נָאר וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן, עֶס אִיז זִיךְ אַ יוּדִישֶׁע זַאךְ, אֶפְשַׁר וָואלְט אִיךְ זִי נִיט גֶעדַארְפְט לָאזֶען פָאהְרֶען, ווִי זָאגְט אִיהר, נָאר נָאךְ וָואס-זֶשֶׁע הָאבּ אִיךְ זִיךְ אויסְגֶעבְּרַאכְט אוּנ אִיהר חֲתוּנָה גֶעמַאכְט? אִיהר הָאט טַאקִי חָלֶעבֶּען זֶעהר גוּט גֶעטְהוּן וָואס אִיהר זֶענְט אִיצְטֶער דָא אַלֶע גֶעקוּמֶען; אִיהר קֶענְט רֶעדֶען נִיט דִי מַאנְסְבִּילֶען, זַיי וֶועט קֵיין מָאל נִיט אַארֶען ווִי אַזוֹי דִי יוּדֶענֶע זָאל נִיט פַארְשְׁוַוארְצְט וֶוערֶען, אוּמְשְׁטֵיינְס גֶעזָאגְט, אַבִּי גִיבּ זַיי נָאר גְרֵייטְס: אַ גְרֵייט פַארְרִיכְט הֶעמְד, אַ גְרֵייטֶען אָבְּגֶעקָאכְטֶען מִיטְטָאג; זַיי זָאלֶען אָבֶּער אַמָאל פְּרִיוֶוען אַלֵיין אָבְּקָאכֶען אֵיין מִיטְטָאג, אֵיידֶער דָאס הָאלְץ צוּבְּרֶענְט זִיךְ, אַוֶועקְשְׁטֶעהֶען אַ גַאנְצֶע שָׁעָה, אוּנ טָאמֶער אִיז אַבִּיסְעלֶע צוּגֶע-בְּרֶענְט דִי קַאשֶׁע אִיז אַ גְוַואלְד; אוּנ אִיךְ וַויים בֶּאֱמֶת נִיט וָואס אִיז מִיט זַיי אַזוֹינְס דֶער מֶעהר, אַז מִיר זָאלֶען דַארְפֶען בַּיי זַיי אַזוֹי פַארְשְׁוַוארְצְט וֶוערֶען...

דִי יוּדֶענֶע מִיט דֶעם טִיכֶעל, הָאט גֶענוּמֶען אִיהר אָנְגֶעגְרֵייטֶע טִיכֶעל צוּ דִי אויגֶען...

אִין דֶער זַייט וואוּ דִי וַוייבֶּער זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען, הָאבֶּען זִיךְ פְּלוּצִים אִין אֵיין

אויגענבּליק בּאוויזען אַ שְׁטִיק פּופְּצֶעהן אָדֶער צְוַואנְצִיג טִיכְלֶעך בַּיי פּוּפְּצֶעהן אָדֶער צְוַואנְצִיג נֶאז.

– וואו וַוייבֶּער – דָארְטֶען וַויינְט מֶען. – נַיין מָאס רַייד אונ נַיין מָאס טְהְרֶערֶען פַּארמָאגֶען זַיי, הָאבֶּען זִיךְ אָנגֶערופֶען אֵיינִיגֶע פון דִי בַּעֲלֵי בַּתִּים.

דָא אִיז גֶעוָוארֶען צְווִישֶׁען דִי וַוייבֶּער אַ גֶערוּדֶער, אַ דְרֶעהֶענִישׁ, עֶס הָאט זִיךְ אויסגֶעוִויזֶען וִוי יֶעדֶע רִיהְרְט זִיךְ אונ וִויל זִיךְ אַרוֹיסוַוארְפֶען אויף דִי מַאנְסבִּילֶען, נָאר צוּם סוף אִיז קוים אַרוים דִי יוּדֶענֶע מִיט דֶעם נָאז טִיכֶעל אונ נָאךְ אִיהר אַלֶע וַוייבֶּער.

– וַוייבֶּער אונ וַוייבֶּער, אִיהר וַוייסְט מֶעהר נִיט נָאר לַאכֶען פון וַוייבֶּער, קוּקְט נָאר אָן וִוי זַיי זִיצֶען זִיךְ אונ מֶען טְרִינְקְט לְחַיִים, וִוי גְלַייךְ עֶס גֶעהְט זַיי גָאר נִיט אָן, וִוי גְלַייךְ זַיי הָאבֶּען קֵיין וַוייבֶּער נִיט, וָואס דַארְפֶען גָאר קֵיין קִינְדֶער נִיט הָאבֶּען...

– וָואס וִוילְט אִיהר? – אִיז אַרוים אַ יוּנְגֶער מַאנְן, וִוי אַ קַאץ וֶוען זִי פַּאלְט אַרָאבּ פון דֶעם אויוֶוען אִין דֶער דַייזְשֶׁע בְּאִרְשְׁט, אַ בְּרֶענֶענְדִיג חָסִידִיל, וָואס הָאט עֶרְשְׁט פַאר צְווֵיי יָאהר חֲתוּנָה גֶעהַאט אונ זִיצְט שׁוֹין דְרַיי אונ צְוַואנְצִיג חֳדָשִׁים נִיט מִיט דֶעם ווייב וַוייל, וִוי עֶר זָאגְט, אִיז זִי אַ חַצוּפָה, – דָאס פַּאסְט צוּ אַ חֲצוּפָה – הָאט עֶר זִיךְ צוּשְׁרִיעֶן אַנִידֶער שְׁטֶעלֶענְדִיג זִיךְ אויף דֶעם טִישׁ – אַרַיינפַּאלֶען דָארְט וואו עֶס זִיצְט דֶער רָב מִיט דִי שֶׁאנְסְטֶע בַּעֲלֵי־בַּתִּים!..

– מִיר זֶענִין טַאקִי גֶעקוּמֶען צוּם רָב מִיט דִי בַּעֲלֵי־בַּתִּים, מִיר וֶועלֶען נִיט אַוֶועקגֶעהן, מִיר וֶועלֶען נִיט אויפְהֶערֶען צוּ גֶעוַואלְדֶעוֶוען, מִיר וֶועלֶען נִיט אויפְהֶערֶען רַייסֶען קְבָרִים בִּיז מֶען וֶועט אונְז נִיט בַּאלְד אויסבּוֹיעֶן אַ בָּאד; אִיהר זֶענְט מַאנְסבִּילֶען, וֶועגְס־לַייט, מַאכְט בַּיי אַייךְ נִיט אויס, פָאהְרֶען אויף אַלֶע שַׁבָּת קֵיין בּוּלְוַואנָאוְקֶע, מִיר קֶענֶען נִיט, מִיר הָאבֶּען קֵיין צַייט נִיט, מִיר וֶוערֶען קְרַאנְק, מִיר פַּארקִיהלֶען זִיךְ, מִיר וֶוערֶען פַּארשְׁוַוארְצְט, טְרַייטֶיל שִׁינְדְט פון אונְז לֶעבֶּעדִיג דִי הויט... אַזוֹינֶע קֶאלְטֶען, אַזוֹינֶע פִינְסְטֶערֶע נֶעכְט... עֶר אִיז זִיךְ נוֹקֵם אִין אונְז... מִיר קֶענֶען עֶס מֶעהר נִיט אויסהַאלְטֶען... מִיר וֶועלֶען פון דַאנֶען נִיט אַוֶועק.. דְרַיי יָאהר זִיךְ מוּטְשֶׁען, אַ קְלֵיינִיקַייט!.. מִיר וֶועלֶען פון אַייךְ נִיט אָבּטְרֶעטֶען...

עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אויף עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַ גְרוֹיסֶע סוּמַאטָאכֶע, אַ גֶעוֵויין, אַ גֶעשְׁרֵיי מִיט קוֹלוֹת... דֶער רָב, דֶער שׁוֹחֵט הָאבֶּען זִיךְ אִין אָנְהוֹיבּ גָאר פַּארפְלָאנְטֶעט, נוּר אַז אֵיינִיגֶע בַּעֲלֵי־בַּתִּים הָאבֶּען זִיךְ אָנגֶערוּפֶען:

– חְלֶעבֶּען אַז דִי וַוייבֶּער זֶענִין גֶערֶעכְט, לָאז זַיין שְׁטִילֶער, מִיר זֶענִין אִיצְט דָא אַללֶע אונ עֶס וָואלְט שׁוֹין טַאקִי אַ יוֹשֶׁר גֶעוֶועזֶען מִיר זָאלֶען הָאבֶּען אַ בָּאד; וִויפִיעל יְסוּרִים הָאבֶּען מִיר שׁוֹין אִיבֶּערגֶעלִיטֶען אִין דִי דְרַיי יָאהר זִינְד דִי בָּאד אִיז אָבגֶעבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען.–

עֶרְשְׁט אִיצְט אִיז גֶעוָוארֶען אויף עֶטְלִיכֶע מִינוּט שְׁטִילֶער צְווִישֶׁען דִי וַוייבֶּער.

– דִי וַוייבֶּער הָאבֶּען טַאקִי רֶעכְט, אִיז אַרוים אֵיינֶער פון דֶעם טִישׁ, אונ עֶס וָואלְט וֶועהר אַ יוֹשֶׁר גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וִוי מִיר גֶעפִינֶען זִיךְ שׁוֹיז דָא אַללֶע צוּזַאמֶמֶען זָאל

מֶען מַאכֶען אַ כּוּף, אוּנ טָאמֶער פֶּעהְלְט צוּ דֶעם גֶעלְד וָואס מֶען הָאט שׁוֹין בִּיז אַהֶער צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען, זָאלֶען מִיר דֶערְלֶעגֶען צוּבִּיסְלֶעךְ.

– זֶעהְר גוּט, זֶעהְר רֶעכְט! הָאבֶּען אַלְלֶע מַאנְסְבִּילֶען גֶעעֶנְטְוֶוערְט אוּנ דִי וַוייבֶּער הָאבֶּען צוּגֶעשָׁאקֶעלְט מִיט דִי קֶאפּ.

– מַיין שְׁנִירֶעל פֶּערֶעל וֶועל אִיךְ פַארְזֶעצֶען אוּנ אוֹיסְלַייהֶען אוֹיף דֶער בָּאד, הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אֵיין יוֹדֶענֶע.

– אוּנְזֶערֶע חוּפָּה קְלֵיידֶער וֶועלֶען מִיר פַארְקוֹיפֶען, אַבִּי מִיר זָאלֶען הָאבֶּען אַ בָּאד, הָאבֶּען גֶעעֶנְטְוֶוערְט כִּמְעַט אַלְלֶע וַוייבֶּער...

– זֶעהְר גוּט, זֶעהְר גוּט, מְהֵיכִי תֵּיתִי, הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען דֶער רָב, נָאר לָאז זַיין שְׁטִילֶער, וואוּ אִיז דֶער חֶשְׁבּוֹן? לָאמִיר זֶעהְן וִויפִיעל עֶס דֶערְגֶעהְט נָאךְ נִיט, וִויפִיעל הָאט מֶען שׁוֹין צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען; בַּיי וֶועמֶען אִיז דֶער חֶשְׁבּוֹן?

– בַּיי וֶועמֶען אִיז דֶער חֶשְׁבּוֹן? הָאט יֶעדֶער בַּאזוּנְדֶער אִיבֶּערְגֶעפְרֶעגְט אוּנ גֶעקוּקְט אוֹיף דֶעם אַנְדֶערֶען, אוּנ עֶס הָאט אוֹיס גֶעוִויזֶען וִוי אֵיינֶער וַוייזְט אָהְן אוֹיפ'ן צְוַוייטֶען, ד. ה. דֶער זָאגְט בַּיי דֶעם אוּנ דֶער בַּיי דֶעם. עֶנְדְלִיךְ הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען חַייקִיל קִישְׁקֶע:

– וָואס הֵייסְט בַּיי וֶועמֶען אִיז דֶער חֶשְׁבּוֹן? וַוייסְט אִיהְר נִיט אַז עֶר אִיז בַּיי מִיר?

– זֶעהְר גוּט, נָא וַוייזְט דֶעם חֶשְׁבּוֹן, לָאם מִיר זֶעהֶען וִויפִיעל מֶען דַארְף נָאךְ דֶערְלֶעגֶען. חַייקִיל קִישְׁקַע הָאט מִיט אַ קְרוּמֶען שְׁמַייכֶעל אַרוֹיסְגֶעשְׁלֶעפְּט פוּן דֶעם בּוּזֶעם אַ גַאנְץ פֶּעקִיל מִיט לַאנְגֶע פַארְשְׁמָאלְצֶעוֶועטֶע פַּאפִּירְלִיךְ, צֶעטְלֶעךְ; אַייניגֶע זֶענִין גֶעוֶועזֶען אַרוּמְגֶעבּוּנְדֶען מִיט שְׁטְרִיקְלֶעךְ אוּנ אַייניגֶע הָאבֶּען זִיךְ אַזוֹי שְׁטִיקְלֶעכְוַויים נָאךְ גֶעבָּאנְבֶּעלְט; עֶר הָאט גֶעקוּקְט, גֶעמִישְׁט, גֶעלֵייעֶנְט, גֶעצֵייכֶענְט מִיט אַ קַארַאנְדַאשׁ, כִּמְעַט אַ גַאנְצֶע שָׁעָה זִיךְ גֶעבָּאבֶּערְט מִיט זֵיי, בִּיז עֶר הָאט גֶעזָאגְט אַז עֶר וֶועט לֵייעֶנֶען דֶעם חֶשְׁבּוֹן, אַלְלֶע הָאבֶּען אוֹיף גֶעשְׁטֶעלְט מוֹיל אוּנ אוֹיעֶרֶען אוּנ חַייקִיל הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ לֶעזֶען:

– פַאר דְרַיי יָאהְרֶען בַּאלְד נָאךְ דֶער עֶרְשְׁטֶער אֲסִיפָה, הָאבֶּען מִיר צוּזַאמֶענְגֶעמַאכְט הוּנְדֶערְט קֶערְבְּלֶעךְ, שְׁפֶּעטֶער פוּן דִי פוּשְׁקֶעס וָואס דִי שַׁמָּשִׁים זֶענִין אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אַלְלֶע פְרַייטָאג צוּנוֹיפְנֶעמֶען אוֹיף דֶער בָּאד אִיז אוֹיךְ אַרַיינְגֶעפַאלֶען צְוַויי הוּנְדֶערְט קֶערְבְּלֶעךְ, דֶערְנָאךְ וֶוען מֶען הָאט גֶעוָואלְט זִיךְ שְׁטֶעלֶען בּוֹיעֶן דִי בָּאד אוּנ עֶס אִיז שׁוֹין קֵיין גֶעלְד נִיט גֶעבְּלִיבֶּען... אוּנ דִי וַוייבֶּער הָאבֶּען זֶעהְר דֶערְקוּטְשֶׁעט, הָאבֶּען מִיר גֶעמַאכְט אַ צְוַוייטֶע אֲסִיפָה אוּנ צוּזַאמֶענְגֶעמַאכְט אֵיין עֶרֶךְ פוּן צְוַויי הוּנְדֶערְט קֶערְבְּלֶעךְ, שְׁפֶּעטֶער פוּן דִי פוּשְׁקֶעס אִיז וַוייטֶער אַרַיינְגֶעפַאלֶען אַ צְוַויי הוּנְדֶערְט קֶערְבְּלֶעךְ, דֶערְנָאךְ וֶוען מֶען הָאט זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט בּוֹיעֶן אוּנ מֶען הָאט אַרָאבְּגֶעבְּרַאכְט עֶטְלִיכֶע רַבָּנִים זֵיי זָאלֶען אוֹיסְמֶעסְטֶען דִי מִקְוֶה, אִיז אוֹיפ'ן דְרִיטֶען טָאג קֵיין גֶעלְד נִיט גֶעבְּלִיבֶּען... אוּנ דִי וַוייבֶּער הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען וַוייטֶער דֶערְקוּטְשֶׁען, הָאבֶּען מִיר גֶעמַאכְט אַ דְרִיטֶע אֲסִיפָה אוּנ צוּזַאמֶענְגֶעמַאכְט אֵיין עֶרֶךְ פוּן הוּנְדֶערְט מִיט פוּפְצִיג

קֶערְבְּלֶעךְ . . . פוּן דֶער פִּירְטֶער אֲסִיפָה אוֹיף פוּפְצִיג קֶערְבְּלֶעךְ, פוּן דֶער פִינְפְטֶער . . . זִיבֶּעטֶער . . . צֶעהְנְטֶער אֲסִיפָה אוּנ פוּן דִי פוּשְׁקֶעס אִיז אוֹיךְ צוּגֶעפַאלֶען, בְּקִיצוּר בסה״כ מֶעהְר פוּן טוֹיזֶענְד רוּבּל. מִיט דֶעם גֶעלְד פוּן פוּשְׁקֶעס אוּנ פוּן דֶעם גֶעלְד וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעמַאכְט צוּרִיק מִיט דְרַייא חֳדָשִׁים וֶוען בַּיים גַבַּאי׳ס טָאכְטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען דִי חֲתוּנָה אַלְץ צוּזַאמֶען גֶערֶעכֶענְט פַאר דִי גַאנְצֶע דְרַייא יָאהְר הָאבֶּען מִיר צוּזַאמֶען גֶעמַאכְט בִּיז צְוַויי טוֹיזֶענְד קֶערְבְּלֶעךְ . . .

– וֶעהְר גוּט, וֶעהְר גוּט, הָאבֶּען אַלֶע אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁרַייעֶן, עֶס קֶען מֶעהְר נִיט פֶעהְלֶען וִוי אַ פִינְף הוּנְדֶערְט קֶערְבְּלֶעךְ זָאל הַיינְט בַּאלְד בַּיי אוּנְז וֶוערִין אַ צְוַויי הוּנְדֶערְט קֶערְבְּלֶעךְ אוּנ דָאס אִיבֶּערִיגֶע וֶועלִין שוֹין גֶעוִויס מַאכֶען דִי פְרַייטָאגְדִיגֶע פוּשְׁקֶעס.

– פַאר דִי צְוַויי הוּנְדֶערְטֶער וָואס מִיר וֶועלִין אִיצְטֶער מַאכֶען וֶועלִין מִיר פְרִיהֶער אוֹיסְלַייזֶען דִי לַייכְטֶער פוּן דֶער קְלוֹיז, וָואס לִיגֶען שוֹין אַ הַאלְבּ יָאהְר פַארְזֶעצְט . . . הָאט זִיךְ וַוייטֶער אָנְגֶערוּפֶען חַייקִיל, וֶועלְכֶען מֶען הָאט נָאר וָואס אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען דִי רֵייד אוּנ אִיהְם נִיט גֶעלָאזְט עֶנְדִיגֶען דֶעם חֶשְׁבּוֹן. –

– וָואס הֵייסְט? וָואס הָאט מֶען פוּן בָּאד גֶעלְד אוֹיסְצוּלַייזֶען דִי קְלוֹיזְנֶער לַייכְטֶער? הָאבֶּען זִיךְ צוּשְׁרִיגֶען דִי וַוייבֶּער, אִיהר קֶענְט דַאוֶוענֶען אָהְן זִילְבֶּערְנֶע לַייכְטֶער וִוי מִיר אִין דֶער וַוייבֶּערְשֶׁער שׁוּל מִיט לֶעהְמֶענֶע לַייכְטֶער. –

– אוֹיף וָואס דֶען הָאבֶּען מִיר פַארְזֶעצְט דִי לַייכְטֶער מִיט דֶער זִילְבֶּערְנֶער קְרוֹין? הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אֵיינֶער – וֶוען נִיט אוֹיף דֶער בָּאר? אוּנ אִיצְטֶער מֶעג מֶען פוּן דֶעם בָּאד גֶעלְד אוֹיסְלַייזֶען דִי לַייכְטֶער.

– מִיר פַארְשְׁטֶעהֶען דָא גָאר נִיט, הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אֵיינִיגֶע, נָאךְ וָואס הָאט מֶען גָאר בַּאדַארְפְט פַארְזֶעצֶען דִי לַייכְטֶער, וִוי בַּאלְד מֶען הָאט צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען צְוַויי טוֹיזֶענְד קֶערְבְּלֶעךְ?

– וָואס הֵייסְט אוֹיף וָואס? הָאט זִיךְ אֵיינֶער אָנְגֶערוּפֶען פַאר ר׳ חַייקְלִין – טַאקֶי אִיבֶּער דִי וַוייבֶּער, וֶוען פוּן דִי צְוַויי טוֹיזֶענְד רוּבּל אִיז שוֹין נִיט גֶעבְּלִיבֶּען אוּנ מֶען אִיז נָאךְ גֶעוָוארֶען בַּעֲלֵי חוֹבוֹת, אוּנ דִי וַוייבֶּער הָאבֶּען נִיט גֶעלָאזְט אָטְהֶעמֶען, הָאט מֶען גֶעמוּזְט פַארְזֶעצֶען דִי לַייכְטֶער מִיט דֶער קְרוֹין פוּן דֶער קְלוֹיז אוֹיף אָנְהוֹיבֶּען בּוֹיעֶן דִי בָּאד.

– וָואס הֵייסְט? וואוּ זֶענִין אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען דִי צְוַויי טוֹיזֶענְד קֶערְבְּלֶעךְ? הָאבֶּען זִיךְ גֶעהֶערְט קוֹלוֹת פוּן אַלֶע זַייטֶען, אַז קֵיין בָּאד הָאבֶּען מִיר נִיט?

ר׳ חַייקִיל אִיז אִין אָנְהֵייבּ אַבִּיסֶעלֶע פַארְטוּמֶעלְט גֶעוָוארֶען נָאר דֶערְנָאךְ הָאט עֶר זִיךְ דֶערְמַאנְט, זִיךְ בַּאטְרַאכְט אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען:

– וָואס הֵייסְט וואוּ אִיז דָאס גֶעלְד? אָט אִיז עֶס (עֶר הָאט אָבְגֶעוִויזֶען אוֹיף דֶעם פֶּעקֶעל צֶעטְלֶען), אוּנ אַז נִיט וַוייסְט אִיהְר נִיט? וָואס פְרֶעגְט אִיהר מִיךְ? אִיךְ פְרֶעג אַייךְ וואוּ עֶס אִיז דָאס גֶעלְד, אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהְן גֶעלְד? אִיךְ וַוייס פוּן גֶעלְד? אִיךְ הָאבּ נָאר צֶעטְלֶען, מֶען הָאט מִיר גֶעהֵייסֶען פַארְשְׁרַייבֶּען, הָאבּ אִיךְ פַארְשְׁרִיבֶּען, אָבֶּער פוּן גֶעלְד וַוייס אִיךְ גְלַייךְ מִיט אַייךְ, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען פְרֶעג אִיךְ גָאר נִיט,

וואָרום װעֶר װײסט פון אונז ניט וואו דאס געלד איז אַהין געקומען, פאר וואס בּרענגט איהר ניט וויפיעל אין די דרײַ יאָהר איז בײַ אונז אין זלידניװקע איבּערגעװעזען קלײנע און גרױסע גוטע יודען זאָלען לעבּען; וויפיעל איינקלעך, גבאים נאָך מעמדות געלד, וויפיעל חזנים יונגעלעך פּעפּערליך, וויפיעל יאָהרצייטען נאָך גוטע יודען, היינט וויפיעל מעהל, פליישׁ, פּישׁ, וויפיעל עמער, פּאָסער וויין, בּראנפען, האט מען אויפגעגעסען און אויסגעטרונקען אין די דרײַ יאָהר און נאָך און נאָך, איך קען אייך דען אויסרעכענען אַלעם? אַ סך האָב איך פארשריבּען און אַ סך געדענק איך גאָר נישט, דערנאָך װעט קומען פינף טינטלער און װעט מיך באַשרײַבּען; היינט די רבּנים וואס מען האט עטליכע מאל אַראָבּגעבּראַכט מאסטען די מקוה און דאס וואס מען האט עטליכע טאג שוין אָנגעהויבּען בּויען די בּאד, קאָסט עפּעס אויך ניט װײניג געלד, וואו זשע האט זיך געזאָלט אַלעס געמען, אַלץ פון די צוויי טויזענד רובּל? האט מען געזאָלט מעהר געבּען און צונויפנעמען וואָלט מעהר געווען; איך האָב אָבּער געזאָגט מען זאָל ניט נעמען ווינציגער פון פינף קאָפּ. פון יעדען בּעל בּית אַלע פרײַטאָג אין דער פושקע, האט מען מיך ניט געפאָלגט און מען האט נאָר גענומען צו קאָפּיקעס, היינט װער איז שולדיג?...

פון דעם פריהערדיגען גרױסען געפּילדער איז ווייטער שטיל געוואָרען, מען האט געקענט דערקענען אַז אַלע זענען מודה אַז ר׳ חייקיל איז גערעכט.

– וואס זשע קומט אויס? אַז מיר האָבּען ניט קיין געלד און ניט קיין בּאָד? האט זיך איינער שטיל אָנגערופען.

– וואס זשע קומט אויס? האָבּען אַלע נאָכגעזאָגט.

– אַז מען דאַרף איצטער טאַקי באלד צונויפנעמען צוויי הונדערט קערבּלעך און אויסלייזען די לייכטער מיט דער קרוין, גענוג געדאווינט אָהן זילבּערנע לייכטער... האט זיך חייקיל ווייטער אָנגערופען.

– נאָ און אַ באד? נאָ און אַמקוה?... האט מען געפרעגט פון אַלע זייטען,

– נאָ און אַ באד? נאָ און אַ מקוה? איך פרעג אייך? האט געענטװערט און טאַקי אַליין געפרעגט ר׳ חייקיל.

איינינע מינוטען זענען אַלע שטיל געוואָרען און זיך אָנגעקוקט איינס דאס אַנדערע.

– שוין.. מזל טוב! אַט האט איהר אַ באד! האט זיך אָנגערופען די יודענע מיט דעם טיבעל, און מען איז שוין ב״ה אַנטשווינגען געוואָרען, איך האָב אָבּער געוואוסט אַז עס װעט זיך מיט דעם ענדיגען, געשמועסט אַביסעל פון דער נײַער בּאד און גאָר נים. וועמען אַארט דאס וואס עס האט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָר נישט? און אויסלאָזען לאָזט זיך טאַקי אויס גאָר צו אונזערע קאָפּ...

– וואס זשע זענען מיר שולדיג? וואס קענען מיר טהון אַז מיר האָבּען קיין געלד ניט? אַז מיר זענען נאָך שולדיג אויף די לייכטער? האָבּען איינינע טאַנסבּילעו געענטװערט.

– וָאס הַייסְט וֶוער דֶען אִיז שוּלְדִיג אַז נִיט אִיהר ? אִיהְר זָאלְט נִיט גֶעוֶועזֶען אוֹיסְבְּרֶענְגֶען דָאס גֶעלְד, וָואלְטֶען מִיר שׁוֹין לַאנְג גֶעהַאט אַ בָּאר.

דָא הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעחַאפְּט דֶער בְּרֶענֶעְנְדִיגֶער יוּנְגֶער מַאנְטְשִׁיקֶעל וָואס זִיצְט שׁוֹין נִיט מִיט'ן וַוייבּ דְרַייא אוּנ צְוַואנְצִיג חֳדָשִׁים.

– וָואס הַייסְט אוֹיסְבְּרֶענְגֶען ? וָואס זָאגְט אִיהְר עֶפִּיס „אוֹיסְבְּרֶענְגֶען ?" וואוּ עֶפִּינְט זִיךְ אַ מוֹיל בַּיי יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער, בַּיי חֲסִידִישֶׁע וַוייבֶּער צוּ זָאגֶען „אוֹיסְבְּרֶענְגֶען" ? וָואס אִיז, מִיר זֶענִין עֶפִּיס מוּזְשִׁיקֶעס, דַייטְשֶׁען ? מִיר הָאבֶּען עֶפִּיס אוֹיסְגֶעבְּרַאכְט וְוִי זַיי, אוֹיף עוֹלָם הַזֶה ? עֶס אִיז אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען, הֵייסְט עֶס עֶס הָאט בַּאדַארְפְט אַוֶועקגֶעהְן ! וָואס וָואלְט אִיהְר גֶעוָואלְט אַז פוּן זְלִידְנִיוְוקֶע זָאל וֶוערִין דִי שְׁטָאדְט סְדוֹם, אַז אַ גוּטֶער יוּד זָאל בַּיי אוּנְז הָאבֶּען אַ בִּזָיוֹן אוּנ זָאל שׁוֹין מֶעהְר צוּ אוּנְז נִיט קוּמֶען ? אַ כַּפָּרָה אַכְצֶעהְן בָּאדֶען פַאר אַיין גוּטֶען יוּדֶען, שֶׁעמְט אַייךְ בִּיז אִין אַייֶער וַוייטֶען הַאלְז, דָאס פַּאסְט צוּ חֲצוּפוֹת אָבֶּער נִיט פַאר יוּדִישֶׁע וַוייבֶּער צוּ זָאגֶען אַזוֹינֶע זַאכֶען פַאר אַיין עֵדָה יוּדֶען וֶוען דֶער רָב אִיז דָא, וֶוען דֶער שׁוֹחֵט אִיז דָא . . .

– גָאט זָאל אוּנְז נִיט שְׁטְרָאפֶען פַאר דִי רֵייד, הָאבֶּען דִי וַוייבֶּער גֶעעֶנְטְוֶוערְט ; דֶער רָב זָאל לֶעבֶּען וֶועט אוּנְז מוּזֶען מוֹחֵל זַיין, נָאר דַאכְט זִיךְ וֶוען מִיר זָאלֶען פְרֶעגֶען אַ גוּטֶען יוּדֶען וֶועט עֶר אוֹיךְ זָאגֶען אַז מִיר זֶענִין גֶערֶעכְט אוּנ גָאט וֶועט אוּנְז מוּזֶען מוֹחֵל זַיין פַאר אוּנְזֶערֶע רֵייד, מִיר זֶענִין מֶעהר נִיט וְוִי זִינְדִיגֶע וַוייבֶּער אוּנ הָאבֶּען מֶעהר נִיט וְוִי דְרַייא מִצְוֹת. . . וָואס עֶס אִיז בַּיי אוּנְז מְהַייֶערֶער פוּן אַלֶעם אוּנ עֶס מֶעגֶען אֲפִילוּ קוּמֶען הוּנְדֶערְט גוּטֶע יוּדֶען וָואלְטֶען מִיר פוּן דֶעם בָּאדְגֶעלְד נִיט אַוֶועקגֶעגֶעבֶּען, נִיט נָאר אוֹיסבְּרֶענְגֶען אוֹיף פְּרֶעסֶען אוּנ זוֹיפֶען, וְוִי מֶען הָאט אִיצְטֶער אוֹיסגֶעבְּרַאכְט דָאס גַאנְצֶע בָּאדגֶעלְד. אָט אִיז דֶער רָב, זָאל לֶעבֶּען, זָאל עֶר זָאגֶען צוּ זֶענִין מִיר גֶערֶעכְט

דֶער יוּנְגֶער מַאן הָאט וַוייטֶער גֶעוָואלְט אַרוֹיסְשְׁפְּרִינְגֶען, נָאר דֶער רָב הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: אַוֶועק שֵׁייגֶעץ, עַזוּת מְחוּצָף פָּנִים, עֶס זִיצֶען עֶלְטֶערֶע יוּדֶען פוּן דִיר ! אוּנ עֶר אִיז שְׁטִיל גֶעבְּלִיבֶּען.

נָאךְ אַ סַךְ גְוַואלְדֶען אוּנ גֶעפִּילְדֶערִין פוּן דִי וַוייבֶּער, הָאט דֶער רָב מִיט דֶעם שׁוֹחֵט בַּאלְד טַאקִי דָא בַּיים בְּרִית גֶעמַאכְט אַ נַייֶע אֲסִיפָה אוּנ מֶען הָאט וַוייטֶער גֶעמַאכְט אַ נַייֶעם צֶעטְל פוּן שְׁאנֶע עֶטְלִיכֶע רוּבּ'ל. עֶס אִיז גֶעוָוארֶען שְׁטִיל, אַלֶע זֶענִין גֶעוֶועזֶען זֶעהר צוּפְרִידֶען, אוּנ דִי וַוייבֶּער אַוַודַאי, דִי מַאנְסְבִּילֶען הָאבֶּען צְוִוישֶׁען זִיךְ גֶעטְרוּנְקֶען לְחַיִּים אוּנ דִי וַוייבֶּער הָאבֶּען גֶעוואוּנְשֶׁען אַז מֶען וֶועט דֶערְלֶעבֶּען אִיבֶּער אַ יָאהר זָאל שׁוֹין מָשִׁיחַ קוּמֶען, אַז אַלֶע וַוייבֶּער זָאלִין שׁוֹין זַיין אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, מֶען זָאל שׁוֹין נִיט דַארְפֶען קֵיין בָּאד מִיט קֵיין מִקְוֶה, כְּדֵי מִיר יוּדֶען זָאלִין שׁוֹין נִיט הָאבֶּען אַזוֹי פִיעל צָרוֹת, אוּנ מִיט טְרַייטִיל בַּעַל עֲגָלָה זָאל מֶען אוֹיךְ נִיט דַארְפֶען זִיךְ שְׁלֶעפֶּען קֵיין בּוֹלְוַואנָאוְקֶע, מֶען זָאל בֶּעסֶער זוֹכֶה זַיין עוֹלֶה לְרֶגֶל זַיין קֵיין יְרוּשָׁלַיִם.

דֶער בַּעַל שִׂמְחָה פוּן דֶעם בְּרִית אִיז גֶעוֶועזֶען אַוַודַאי צוּפְרִידֶען אַז אוֹיף זַיין

שִׂמְחָה אִיז גֶעוועֶזֶען אַזַא ווִיכְטִיגֶע אֲסִיפָה, אוּנ עֶס אִיז גֶעוואָרֶען גֶעלְד אוֹיף דֶער נַייֶער בָּאר, (אוּנ וָוען עֶר הָאט אִיצְטֶער דֶערְזֶעהן אַז אִין דִי פְּלֶאשְׁלֶעךְ טָאגְט, הָאט עֶר בַּאלְד גֶעשִׁיקְט פַייוִויש פֶאנְפַאטְש (דֶעם שַׁמָש) צוּ יֶענְטֶע דִי מְלַמֵד׳קֶע מִיט צְוַויי גְרוֹיסֶע פְלֶאשֶׁער.

* *

*

אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם אִיז פַייוִויש וִוי אַ נִיט גוּטֶער גֶעקוּמֶען צוּפְלִיהֶען פַארְסָאפֶּעט אַז עֶר הָאט קוֹים גֶעקֶענְט רֶעדֶען.

— אוֹי, אוֹי, אוֹי! הָאט מֶען נָאר גֶעהֶערְט פוּן אִיהם.

— וָואס אִיז? הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע גֶעוואָרְפֶען אוֹיף אִיהם.

— אוֹי, אוֹי! אִיךְ הָאבּ שׁוֹין קַיין כֹּחַ נִיט צוּ לוֹיפֶען, אוֹי...

— וָואס־זְשֶׁע אִיז?

— אוֹי... אוֹי אִיךְ קֶען אַזְשׁ נִיט רֶעדֶען, אוֹי...

— נָא זָאג שׁוֹין וָואס אִיז? זֶענִין אַלֶע צוּ אִיהם צוּ גֶעטְרֶעטֶען.

— אוֹי... אִיךְ גֶעה אַזוֹי אוּנ קוּם צוּ יֶענְטֶען... אוֹי... אוּנ זָאג אִיהר אוֹי, אַז אִיהר הָאט מִיר גֶעהֵייסֶען גֶעבֶּען, אוֹי, דֶעם אֵייגֶענֶעם וַויין וָואס מֶען הָאט גֶענוּמֶען פַאר אַכְטְאָגֶען שַׁבָּת צוּם רֶבִּינְס טִישׁ זָאל לֶעבֶּען, אוֹי... אוּנ גֶעה אַזוֹי מִיט דִי פְלֶאשֶׁער, אוֹי, זֶעה אִיךְ אַזוֹי וִוי עֶס פָאהרְט אַ בַּיידֶעל, פוּן דֶער קֶעלְנֶע קְרִיכְט אַרָאבּ דֶער גַבַּאי, אוֹי, לָאם אִיךְ זִיךְ אָבְּרוּהֶען וֶועל אִיךְ אַייךְ דֶערְצֶאהלֶען.

— נָא, וֶוער־זְשֶׁע אִיז דֶער גַבַּאי?

— אוּנ זָאגְט מִיר, „פַייוִויש, שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם פַייוִויש", אוֹי, אוּנ טְהוּ אַזוֹי אַקוּק אִין בַּיידֶעל אוּנ זֶעה וִוי דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען זִיצְט דָארְט אוּנ בִּין אַזוֹי דֶערְשְׁרָאקֶען גֶעוואָרֶען אַז אִיךְ הָאבּ אַרָאבְּגֶעלָאזְט דִי פְלֶאשֶׁער וַויין, אִיךְ הָאבּ מְקַבֵּל שָׁלוֹם גֶעוועֶזֶען אוּנ גֶעפְרֶעגְט דֶעם גַבַּאי וֶוער אִיז דֶער אַנְדֶערֶער וָואס אִיךְ קֶען אִיהם נִיט, הָאט עֶר מִיר גֶעזָאגְט אַז עֶר אִיז דֶער נַייֶער חַזָן בַּיים רֶבִּין אִין קְלוֹיז.

אַלֶע זֶענִין ווִי פוּן אַ דוּנֶער אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן אוּנְטֶער דֶעם טִישׁ, דֶער הָאט גֶעזוּכְט זַיין יַארְמָאלְקֶע, דֶער דִי טַאבַּאקֶערְקֶע, דֶער דִי נָאז פַאטְשֵׁילֶקֶע, דֶער דֶעם שְׁטֶעקֶען אוּנ גֶעלָאזְט זִיךְ צוּ דֶער טְהִיר אוּנ דֶערְוַויל זוּכֶענְדִיג הָאט יֶעדֶער פַארְוָוארְפֶען מִיט אַ צֶעהנְדְלִיג שַׁאֲלוֹת פַייוִוישֶׁען, אַז עֶר הָאט זִיךְ גָאר נִיט גֶעוואוּסְט וואוּ צוּ דְרֶעהֶען.

— וואוּ זְשֶׁע אִיז דֶער רֶבִּי? פַייוִויש.

— וואוּ אִיז פַארְפָאהרֶען דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען, פַייוִויש?

— אוֹי דֶער רֶבִּי זָאל לֶעבֶּען... וָואס זְשֶׁע בִּיזְט דוּ נִיט גֶעלָאפֶען וָואס גִיכֶער אוּנְז זָאגֶען, פַייוִויש!...

— אוֹי אַ נַייֶער חַזָן... דֶעם רֶבִּינְס חַזָן זָאל לֶעבֶּען... אַ פֶּעפֶּערִיל... וָואס זְשֶׁע הָאסְט דוּ זִיךְ גֶעזאמְט אַזוֹי לַאנְג, פַייוִויש?

– פאַר וואָס זשע האָסטו דו ניט געזאָגט אַז מיר וועלין באַלד קומען מקבל שבת זיין, פּייוויש?

– אוי פּייוויש, דער רבי זאָל לעבען. דער חזן, פּייוויש! לויפט גיך אויף דער ייִדישער סטאַנציע...

– וואָס שטעהסטו דו פּייוויש?...

– טעלעגע באָם, פּייוויש! אַ ביידעל מיט צוויי פערד.. דער רבי זאָל לעבען פּייוויש! איז ווי איין אַדלער אַרויסגעפּלויגען דער יונגער מאַנן וואָס זיצט שוין ניט מיט דעם ווייב דריי און צוואַנציג חדשים און מיט אַ שפּרונג און אַ געזאַנג באַם איז ער אַנטלאָפען באַגעגענען דעם רבין.

נאָך איהם זענין אַרויס אַלע מאַנסבילען.

– קומט גיכער, האָט געזאָגט איין יודענע צו די איבריגע ווייבער, לאָמיר געהן מקבל פּנים זיין דעם רבין זאָל לעבין...

– וואָס???... האָט זיך איינע אַרויסגעחאַפּט און זיך באַלד צוריק געחאַפּט. אַלע דאַכט זיך האָבען פאַרשטאַנען איהר „וואָס”?...

– דער רבי איז טאַקי באמת אַ גרויסער צדיק, האָט זיך אַ צווייטע יודענע אָנגערופען, עס איז טאַקי פּשוט אין זיין ליכטיגער צורה ניט אַריינצוקוקען, עס איז פּשוט אַ פאַרגעניגען צו געהן צו איהם, ער לאָזט זיך רעדען, אויסהערען; ווען איך בין געוועזען פריהער ביי איהם מיט אַ קוויטעל (עס זאָל טאַקי נאָר זיין צום גוטען אָנגעשריבען, רבונו של עולם, אומגעוואשען געדעדט) בין איך אפשר אָבגעשטאַנען אַ גאַנצע שעה, אונ ער האָט מיר צוגעזאָגט אויף אַלעם וואָס איך האָב איהם געבעטען, איך זעה טאַקי בעשיינפּערלעך אַז ער איז אַ גרויסער צדיק, וואָרום עס איז טאַקי אין גאַנצען מקוים געוואָרען.

– נאַ אונ ביי מיר איז דען ניט אזוי געוועזען? האָבען זיך אָנגערופען נאָך צוויי ווייבער, ווען איך בין געוועזען ביי איהם...

– פריהער נאָטע אונ דער נאָך דער רבי בין איך געהיילט געוואָרען, האָט זיך אָנגערופען אַ יודענע, איך האָב טאַקי ליבע ריסלען געזאָגט אַז זי האָט גיט וואָס צו פאָהרען קיין בולוואַנאָווקע צום דאָקטאָר, זי זאָל בעסער וואַרטען ביז דער רבי זאָל לעבען וועט קומען.

אַזוי רעדענדיג אונ לויבענדיג דעם רבין, האָט יעדע אָנגעטהון אויף זיך דעם שאל אונ מיט פאַרצוויגענע, פרומע פּנימער, זענין זיי פאָוואָליע אַוועקגעגאַנגען מקבל פּנים זיין – אָנקוקען די ליכטיגע צורה...

אין דער שטוב וואו עס איז נאָר וואָס געוועזען אַ מאַסע מיט מאַנסבילען אונ ווייבער, איז אין עטליכע מינוט געוואָרען פּוסטע. אַלע פון קליין ביז גרויס, ווייבער, קינדער, מאַנסבילען, זענין זיך צולאָפען צום רבין, נאָר די קימפּעטאָרען, וואָס האָט ניט געקאָנט אויפשטעהען פון דעם בעט, איז געבליבען אונ אויך פּייוויש, וועלכען עס האָט זיך נאָך געדרעהט דער קאָפּ פון די אַלע פראַגען מיט וועלכע יעדער איז איהם

שׁכֶּלען ; עֶר אִיז אִיצְטֶער גֶעשְׁטַאנֶען אַלֵיין וִוי אַ פַּארטוּמֶעלְטֶער , אוּנ הָאט גֶעוָוארְיוֹם אוּנְטֶער דֶער נָאז .

! – אִיךְ בִּין אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעלָאפֶען אַז אִיךְ קֶען נָאךְ נִיט אָבְּסַאפֶּען , אוּנ זַיי זָאגֶען אִיךְ בִּין נִיט גֶעלָאפֶען . . .

אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם , וֶוען פַּייוִוישִׁים קָאפּ אִיז אַבִּיסֶעל גְרִינְגֶער גֶעוָוארֶען אוּנ אִין דִי אוֹיגֶען לִיכְטִיגֶער , הָאט עֶר דֶערזֶעהן וִוי אוֹיף דִי טִישֶׁען שְׁטֶעהֶען פְלֶאשְׁלֶעךְ רָאנְפֶען ; עֶר הָאט אִין דֶער גִיךְ פַארְטְרוּנֶקֶען אוּנ פַארְבִּיסֶען , אָנְגֶעפַּאקְט פוּלֶע קֶעשֶׁענֶעס מִיט פְלֵייש , פִישׁ , בּוּלְקִים , חַלֶב׳נֶע לִיכְט . אָבְּגֶעבְרֵייכֶערְטֶע שְׁטִיקְלֶעךְ צִיגַארֶען ; מִיט אֵיין וָוארְט—וָואס עֶס הָאט זִיךְ נָאר פְרִיהֶער פָאפַּאדִיט פַאר זַיינֶע אוֹיגֶען אוּנ אִין דִי הֶאנְד הָאט עֶר אַלֶץ גֶערוּקְט אוּנ גֶעפַּאקְט אִין דִי קֶעשֶׁענִים ; אוּנ אִיז גִיךְ אַוֶועקְגֶעפְלוֹיגֶען צוּם רֶבִּין צוּ שְׁטֶעהן דָארְט בַּיי דֶער טְהִיר אוּנ אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אַז דִי וַוייבֶּער זָאלֶען זִיךְ נִיט שְׁטוּפֶּען אֵיינֶע פַאר דֶער אַנְדֶערֶער צוּם רֶבִּין . . .

## II.

## צַייטֶען בַּייטֶען זִיךְ .

אִין אַ צַייט פוּן דְרַיי יָאהר וֶוערֶען אַ סַךְ פֶערֶענְדֶערוּנְגֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ בַּיי יֶעדֶען מֶענְשֶׁען בַּאזוּנְדֶער , נָאר נָאךְ מֶעהר פֶערֶענְדֶערוּנְגֶען וִוי בַּיי אַלֶע וֶוענִין פָארְגֶעקוּמֶען אִין דִי דְרַיי יָאהר בַּיי טְרַייטְלִין אוּנ דְרָואשֶׁען — עֶס אִיז גָאר נִיט דֶער פְרִיהֶערְדִיגֶער טְרַייטִיל אוּנ גָאר נִיט דִי פְרִיהֶערְדִיגֶע דְרָואשֶׁע ! . . .

דֶער פְרִיהֶערְדִיגֶער אָרֶעמֶער טְרַייטִיל וָואס הָאט מֶעהר נִיט פַארְמָאגְט וִוי אֵיין אַלְט שְׁטִיבֶּעל אוֹיף דְרַיי פִיסְלֶעךְ , צְוַויי , כִּמְעַט גֶעפֶּגֶרְטֶע , שְׁקַאפִּים אוּנ הָאט קֵיין מָאל נִיט גֶעהַאט מִיט וָואס זַיי צוּ הָאדֶעוֶוען אוּנ פַאר זִיךְ אַלֵיין זֶעלְטֶען גֶעהַאט אוֹיף בְּרוֹיט , זַיין וַוייבּ טְרַייְנֶע הָאט כִּמְעַט נִיט גֶעהַאט אַ גַאנְץ טִיכֶעל אוֹיפ׳ן קָאפּ , אִיז אִיצְטֶער , זִינְט דִי בָּאד אִיז אָבְּגֶעבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען אוּנ עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פִיהְרֶען דִי וַוייבֶּער קֵיין בּוּלְוַואנָאוְוקֶע , כִּמְעַט גָאר רַייךְ גֶעוָוארֶען , ד. ה. עֶר אִיז שׁוֹן שְׁטֶענְדִיג גֶעגַאנְגֶען אִין אַ גַאנְצֶען פֶּעלְץ , טְרַיינֶע אִין אַגַאנְץ טִיכֶעל אוּנ זַיינֶע צְוַויי שְׁקַאפִּים דֶער „קָארֶע“ מִיט דֶעם „לִיסֶע“ זֶענִין שְׁטֶענְדִיג גֶעוֶועזֶען אַזוֹי אָנְגֶעפַּאשֶׁעט — אָנְגֶעפְּרֶעסֶען , אַז זַיי הָאבֶּען זִיךְ קוֹים גֶערִיהְרְט אוּנ וֶוער וֵוייסְט מִיט וָואס פַאר גְרִיוֶוען אוּנ פֶעטֶע גֶענְז זַיין טְרַיינֶע הָאט אִיהם גֶעהָאדֶעוֶועט , וֶוער וֵוייסְט וָואס פַאר אַ לַאנְגֶען טְרוּנְק בְּרָאנְפֶען עֶר פְלֶעגְט הַיינְט נֶעמֶען אִין דִי קְרֶעטְשְׁמֶעס ? —

דְרָואשֶׁע , וָואס פְלֶעגְט אַמָאל , אִין גְרֶאסְטֶען רֶעגֶען , פְרֶעסְט מִיט קֶעלְטֶען , מוּזֶען אוֹיף דִי אַלְטֶע יָאהרֶען גֶעהן אִין בָּאד , פַאר עֶטְלִיכֶע פִיַאטַאקֶעס זִיךְ גוּט אָנְהָארֶעוֶוען , זִיךְ אָנְרֶעדֶען , אָנְשְׁרַייֶען , אוֹיסֶעסֶען זִיךְ דָאס הַארְץ מִיט דִי יוּנְגֶע וַוייבְּלֶעךְ פַאר זַייעֶר יוּנְגֶע זִינְד , אַוֶועקְגֶעהן אַהֵיים שְׁפֶּעט בַּיי נַאכְט , אַז זִי פְלֶעגְט וִוי אַ דֶער-

הַרְנִיטֶע, פַּארְמוּטְשְׁעטֶע אַנִידֶערְפַּאלֶען אוֹיפ׳ן בֶּעט מִיט אַ טְרוּקֶען שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט װֶעטְשְׁעֶרע, אִיז אִיצְטֶער, זֵינְט אִיהר שְׁטוּב אִיז גֶעוָוארֶען דִי „גְלַאוְונֶע סְטַאנְצְיֶע״, אַ גַאנְצֶע פְּרִיצֶע; חוּץ וָואס זִי הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען עֶסֶען דְרַיי מָאל אִין טָאג פֶּעטֶע יוֹיכְלֶעךְ, הָאט מֶען נָאךְ אִין אַ סַךְ זַאכֶען גֶעקֶענְט דֶערְקֶענֶען וִוי זִי אִיז רַייךְ גֶעוָוארֶען.

בַּיי אִיהר אִין שְׁטוּב הָאט מֶען שׁוֹין גֶעקָאנְט זֶעהֶן דְרַיי פָּאר גְרוֹיסֶע מֶעשִׁינֶע אוּן פִּיער פָּאר קְלֵיינֶע לַייכְטֶער, אַחוּץ דֶעם אִיז גֶעהָאנְגֶען אַ דְרַיי רָאהְרֶענְדִיגֶער מֶעשִׁינֶער הֶענְגְלַייכְטֶער אוּנ נָאךְ אַ סַךְ בַּעַל-בַּתִּישְׁקֵייט. הַיינְט אִיהר בְּרֵייט בֶּעטְט אָנְגֶעבֶּעט הוֹיךְ, כִּמְעַט בִּיז אִין דֶער סְטֶעלְיֶע, מִיט בֶּעטְגֶעוַואנְד פוּן פְרִישֶׁע פֶּעדֶערְן אוּנ נַייֶע צִיכֶען.

אַזַא גְרוֹיס בֶּעטְט מִיט בֶּעטְגֶעוַואנְד הָאט טַאקִי אֶפְשַׁר קֵיינֶער נִיט פַּארְמָאגְט אִין זְלִידְנִיוְוקֶע, אֲפִילוּ דִי גְרֶעסְטֶע גְבִירְ׳טֶע. דְוָואשֶׁע הָאט דָאס גוּט גֶעוְואוּסְט אוּנ פְּלֶעגְט זִיךְ דֶערְמִיט שְׁטַארְק אִיבֶּערְנֶעמֶען, זִיךְ שְׁפִּיגְלֶען קוּקֶענְדִיג דַארוֹיף. —

פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט דְוָואשֶׁע זִיךְ נִיט בֶּעגְנִיגְט מִיט אִיהר רַייכְקֵייט אוּנ הָאט בַּאקוּמֶען גְרוֹיסֶע אוֹיגֶען, עֶס הָאט אִיהר אָנְגֶעהוֹיבֶּען וֶוערֶען קַארְג דִי וֶועלְט, ד. ה. וֶוען זִי פְּלֶעגְט אוֹיפְשְׁטֶעהְן אִין דֶער פְרִיה זִיךְ אָבְוַואשֶׁען, אָבְזָאגֶען בְּרָכָה מִיט דִי אַלֶע הַתְחִנוֹת אוּנ דִי פְרִיהמָארְגֶענְדִיגֶע תְּפִלוֹת, אוֹיסְשְׁלָאגֶען דָאס בֶּעטְגֶעוַואנְד אוּנ זִיךְ אַזוֹי אָנְמִיהֶען אַז זִי פְּלֶעגְט זִיךְ אַנִידֶערְזֶעצֶען אָבְסַאפֶּען אוֹיף אַ שָׁעָה; דֶערְנָאךְ פַּארְבֶּעט אַ בֶּעט פוּן דְרַיי אִיבֶּערְבֶּעטֶען, צְוֵויי קָאלְדְרֶעס, פִּיער גְרוֹיסֶע גֶעפַּאשְׁעטֶע קִישֶׁען, זִיבֶּען קְלֵיינֶע קִישֶׁעלֶעךְ, אֵיינְס קְלֶענֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערְן אוּנ זֵיי אַזוֹי צוּשְׁלָאגֶען אַז זֵיי הָאבֶּען דֶערְלַאנְגְט דִי סְטֶעלְיֶע, דֶערְנָאךְ זִיךְ אָבְגֶערוּהט, אָבְגֶעסָאפֶּעט וַוייטֶער אַ שָׁעָה, פַּארְבִּיסֶען אוּנ פַּארְטְרוּנְקֶען מִיט אַ אוֹיפְגֶעזָאטֶען קְרִינְגֶעלֶע וַוארֶעמְס מִיט אַ שְׁטִיקֶעלֶע וַוייכֶע בּוּלְקֶע, זִיךְ אָנְגֶעטְהוּן דִי גְרוֹיעֶ גְרָאבֶּע וָואלֶענֶע זָאקֶען אוּנ דִי שִׁיךְ מִיט בֶּאנְדְלֶעךְ, אַרוֹיפְגֶעצוֹיגֶען אוֹיף זִיךְ דָאס וַואטָאוֶועֶ קְלֵייד, אַרוּמְגֶעבוּנְדֶען מִיט אִיהר גְרוֹיסֶען רִיפְּסֶענֶעם פַּארְטוּךְ, זִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁלֵייעֶרְט אִין דֶער קוּפֶּקֶע אוּנ פַארְגְרֶעט דֶעם שְׁטֶעדֶען מִיט שְׁפַּייעֶכְטְס אַז עֶר הָאט גֶעבְלִישְׁטְשֶׁעט, גֶענוּמֶען דִי גְרוֹיסֶע זִיפּ מִיט צְוֵויי גְרוֹיסֶע טֶאפּ פֶּעדֶערְן, זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט אִין אֵיין עֶק בֶּעטְט מִיט אַ קְלֵיין פּוּס-בֶּאנְקֶעלֶע, אָנְגֶעהוֹיבֶּען פְּלִיקֶען פֶּעדֶערְן פוּן טָאפּ אִין זִיפּ אוּנ פוּן דֶער זִיפּ אִין פַּארְטוּךְ, דֶעמָאלְט פְּלֶעגְט זִי בַּיי זִיךְ טְרַאכְטֶען:

— אָךְ, וֶוען דֶער וָואס לֶעבְּט אִין הִימֶעל, וָואס טְהוּט חֶסֶד מִיט דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, אֲפִילוּ מִיט דִי קְלֵיינֶע וֶוארִימְלֶעךְ אוּנְטֶער דִי גְרוֹיסֶע פֶעלְזֶענְשְׁטֵיינֶער אוּנ מִיךְ, זַיין זִינְדִיגֶע, וָואס אוּמְגֶעוַואשֶׁען גֶערֶעדְט, בִּין אִיךְ נִיט וֶוערְטְה זַיין לִיבֶּען נָאמֶען צוּ דֶערְמַאנֶען — וֶוען עֶר זָאל מִיר הֶעלְפֶען אִיךְ זָאל זוֹכֶה זַיין בַּיי אִיהם צוּ דֶערְלֶעבֶען אוֹיסְצוּפְלִיקֶען דִי פֶּעדֶערְן פוּן דִי הַיינְט ווינְטֶערְדִיגֶע גֶאנְז אוּנ צוּשִׁיטֶען צוּ דֶעם זַאק פֶּעדֶערְן וָואס שְׁטֶעהְט אִין קַאמֶער, נָאךְ פוּן דִי פָּאר אַיָאהרֶעדִיגֶע גֶאנְז, וָואלְט שׁוֹין דַאכְט זִיךְ גֶעוֶועזֶען אַ שֵׁיין אִיבֶּערְבֶּעט וָואס מֶען וָואלְט זִיךְ נִיט גֶעמֶעגְט שֶׁעמֶען עֶס גֶעבֶּען אַ גְבִירִישֶׁער טָאכְטֶער צוּ דֶער חֲתוּנָה. —

גרויסע אויגען האט דוואשע בעקומען! עס איז איהר געוועזען קארג דריי איבערבעטען מיט פיער גרויסע און זיבען קליינע קישעלעך חוץ צוויי קאלדרעס, האט זי נאך געוואלט א פירט גרויס איבערבעט! און פלעגט ניט זשאלעווען איהרע אלטע אויגען, זיצען טאג מיט נאכט פליקען פעדערן און ניט אויפהערען צו טראכטען וועגען דעם. —

נאר מיר זענין דען בעסער פון איהר? ווען גאט העלפט אונז א ביסעלע, באקומען מיר דען ניט קיין גרויסע אויגען? אלעס ווערד אונז קארג און מיר וויללען איינשלינגען די גאנצע וועלט?...

נאר אונזער דוואשע איז נאך ווייטער געגאנגען... ד. ה. איהרע אויגען זענין אלע מאל נאך גראסער און גראסער געווארען און זי האט אנגעהויבען מיינען אז זי פארשטעהט א סך און איז קליגער פון אלע.

מיט איין ווארט זי האט זיך שטארק אנגעהויבען פארנעמען מיט זיך. און אלע מאל האט זי צו איהר גרויסער פרייד, עפעס נייעס געפונען אויף זיך, דא האט זי פלוצים דערזעהן ווי די קופקע פאסט איהר עפעס אזוי שאן, עס ליגט אויף איהר אזוי גוט אז עס איז א פארגעניגען צו קוקען, דא האט זי דערזעהן ווי דער וואטאווע ארמידער מיט די פלאנעלענע ארבעל, און דאס פארטוך הענגען אזוי שאן אראב ווי אויסגעגאסען, און די צוויי שיך מיט די מעשינע קולקעס, די גרויע וואלענע זאקען מיט די בלויע וקרייקענע זאקען־באנדלעך, קוקען עפעס אזוי שאן ארוים אז עס איז פשוט א מחיה׳ניש...

נאר וואס זאל איך אייך אסך בריען, בעסער טאקי באלד אויסזאגען דעם אמת: אט די אלטע איינגעהויקערטע, געקנייטשטע דוואשע די טוקערן וואס פון איהר האט שוין לאנגע יאהרען געשמעקט „פעלד", האט דערזעהן אז זי איז שאן און אנגעהויבען וועלען געפעלען. פייוויש פאנפאטש, וואס פלעגט אפט, כמעט עטליכע מאל אין טאג, אריינגעהן צו איהר אין שטוב און ווער שמועסט אבענד צייט נאך מעריב, ווען פייוויש האט שוין אויסגעקעהרט די קלויז און איבערגעגעבען די שליסעל פון דעם ארון קודש דעם עלטסטען בטלן וואס געבעטינט תמיד דארט, עס האט געמעגט אין דרויסען דונערן און בליצען, האט פייוויש געמוזט קומען צו דוואשען אויסטרינקען א גלאזעל „אקרופ" (גאנץ הייסע טהעע), פון דעם קריגעל וואס דוואשע האט אליין אויפגעזאטען און אנגעגאסען און איהם דערלאנגט.

איהר גלויבט דאס אלעס גיט אויף דוואשען? נאר פאר וואס זאלט איהר ניט גלויבען? פאר וואס ווען איהר זעהט אז דער גראבער יונג א געוויסער באקאנטער שוטה, ר׳ „איץ" וואס האט קיין מאהל קיין צוויי גלייכע ווערטער ניט געקאנט רעדען, קיין דריי ניט געקאנט איבערצעהלען, אז מען האט געקאנט מיט איהם פארשטעקען דעם קוימען, און איצטער ווען ער האט בעקומען א סך געלד און עס איז איהם געווארען גוט, רופט מען איהם שוין „הערר איץ", און ער אליין מיינט שוין אז ער איז קליגער פון דער גאנצער וועלט און וואלט שוין א בעלן געשעזען

אַז יֶעדֶעס וָוארְט וָואס עֶר רֶעדְט זָאל עֶס דִי וֶועלְט אוֹיסְחַאפֶּען וִוי אַ חָכְמָה, וִוי אַ תּוֹרָה א. ז. וו.

הַיינְט פַאר וָואס זָאלְט אִיהר נִיט גְלוֹיבֶּען אוֹיף דְוָואשְׁען וָואס עֶס אִיז אִיהר אַזוֹי גֶעוָוארֶען גוּט אַז זִי זִיצְט זִיךְ אִין דֶער וַוארֶעמְס אִין שְׁטוּב וִוי אַ פְּרִיצֶע, פְלִיקְט זִיךְ פֶעדֶערן, פַארְמַאגְט אַ בֶּעט מִיט בֶּעטְגֶעוַואנְד וָואס דִי גְרֶעסְטֶע זְלִידְנִיוָוקֶער גְבִירְטֶע וָואלְט זִיךְ נִיט גֶעהַאט וָואס צוּ שֶׁעמֶען?

פַאר וָואס גְלוֹיבְּט אִיהר וֶוען אִיהר זֶעהט וִוי לְמָשָׁל צִירְל בַּדי אַלְטֶע אָרִימֶע דֶעמְבֶּענֶע מוֹיד וָואס עֶס אִיז מִיאוּס אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט פַאר אִיהר אוֹיפְצוּעֶסֶען, וָואס זִי הָאט קֵיין מָאל נִיט גֶעזֶעהן פַאר זִיךְ דִי לִיכְטִיגֶע שַׁיין אוּנ אַלֶע אִיהרֶע קִינְדֶערְיָאהרֶען פַארְבְּרַאכְט טָאג מִיט נַאכְט אוּנְטֶערן אוֹיוֶוען מִיט דֶער קָאטְשֶׁערֶע, אוּנ מֶעהר פוּן דֶער קָאטְשֶׁערֶע מִיט דֶער לָאפֶּעטֶע הָאט זִי נִיט גֶעוואוּסְט צוּ זָאגֶען, אוּנ וֶוען זִי הָאט דֶערְזֶעהן אַ מֶענְשׁ הָאט זִי זִיךְ בַּאהַאלְטֶען פַאר אִיהם אוּנְטֶער זִיבֶּען עֶרְדֶען, קֵיין מָאל הָאט זִי זִיךְ מִיט קֵיין שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט זַאט נִיט אָנְגֶעגֶעסֶען אוּנ דִי מוּטֶער אוּנ וֶוער עֶס הָאט נָאר גֶעהַאט גָאט אִין הַארְץ, הָאט זִי גֶערִיסֶען בַּיי דִי צָאפּ, פַאר וָואס זִי הָאט מִיט דֶער קָאטְשֶׁערֶע פַארְחַלִיפֶעט אַבִּיסֶעל וַואסֶער, צוּ אַבִּיסֶעל מִיסְט נִיט פַארְקֶעהרְט, צוּ דָאס קִינְד נִיט אַרוּמְגֶערֵיינִיגְט אוּנ אִיצְטֶער . . . אִיצְטֶער אַז אִיהר פָאטֶער הָאט פְלוּצִים גֶעבְּרַאכְט פוּן דֶעם וֶועג פוּפְצִיג טוֹיזֶענְד רוּבּל פַארְדִינְסְט אוּנ הָאט גֶעזָאגְט דִי שַׁדְכָנִים אַז עֶר וִויל זַיין טָאכְטֶערל צִירֶעלֶען גֶעבֶּען נְדַן צֶעהְן טוֹיזֶענְד רוּבּל, הָאט צִירְל, אָדֶער וִוי מֶען פַאר צִיהְט זִי שׁוֹין הַיינְט: „צִירֶעלֶע", אוּנ רוּפֶען רוּפְט מֶען זִי שׁוֹין קְלַארֶע, הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיפְשְׁלֶעפֶּען אוֹיף זִיךְ אַ וֶועלְט שְׁמַאטֶעס נָאךְ דֶער פַארִיזֶער מָאדֶע, גִיסֶען אוֹיף זִיךְ פְלֶעשֶׁער אָדֶעקָאלָאן אוּנ זִיךְ שְׁטֶענְדִיג אָנְגֶעהוֹיבֶּען דְרֶעהֶען אִין נַאס, אַז מֶען זֶעהט זִי אַ מִינוּט אִין שְׁטוּב נִיט אוּנ נָאךְ מֶעהר זִי הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען מֵיינֶען אַז זִי אִיז אַזוֹי שֶׁאן אַז קֵיין שֶׁאנֶערְס אִיז שׁוֹין פוּן אִיהר גָאר נִיט דָא, אוּנ דִי אַ סַך חֲתָנִים „חֲסִידִים מְיוּחָסִים" „גְבִירִישֶׁע קִינְדֶער", אָרִימֶע גֶעעֶנְדִיגְטֶע „דָאקְטוֹרִים" אוּנ „אִינְזְשֶׁענֶערֶען" אוּנ נָאךְ אַלֶערְלֵיי יוּנְגֶע לַייט, זֶענִין אִין אִיהר פַארְלִיעבְּט בִּיז אִיבֶּערן הַאלְז אוּנ קְלַארֶע וַוארְפְט זִיךְ מִיט זֵיי אוּנ קְלוֹיבְּט, בְּרַאקֶעוֶועט, פוּנְקְט וִוי זִי הָאט אַ גֶעשֶׁעפְט מִיט שְׁפֶּאנְדְלִיךְ, זִי קֶען שׁוֹין נָאר מַאכֶען חֲנְדְלֶעךְ אוּנ הָאט פְלוּצִים אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען פוּן אַזוֹינֶע גֶעלֶעהרְטֶע זַאכֶען אַז אַ פְּרָאסְט יוּדִישׁ מֵידֶעל וֶועט גָאר נִיט פַארְשְׁטֶעהן.

הַיינְט וֶוען אִיהר זֶעהט וִוי עֶס קֶען זִיךְ אוֹיסְלָאזֶען מִיט אַזאַ יוּדֶען וִוי ר׳ אָץ, מִיט אַזאַ דֶעמבֶּענֶער מוֹיד וִוי צִירְל וֶוען זַייעֶר לַאגֶע הָאט זִיךְ אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען, פַאר וָואסזְשֶׁע זָאלְט אִיהר נִיט גְלוֹיבֶּען אוֹיף דֶער זְלִידְנִיוָוקֶער יוּדֶענֶע דְוָואשֶׁע דִי טוּקֶערן, וָואס אִיהר לַאגֶע הָאט זִיךְ אוֹיךְ אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען צוּ גוּטֶען? אֵי וִוי אַזוֹי קֶען דְוָואשֶׁע נָאר מֵיינֶען אַז זִי אִיז שֶׁען אוּנ דָאךְ וֶועלֶען גֶעפֶעלֶען וֶוען זִי אִיז גָאר אַזוֹי אַלְט, אַיינְגֶעהוֹיקֶערְט, גֶעקְנַייטְשְׁט? נָאר אַלְמַאי ר׳ אָץ אַ ווִילְדֶער שׁוֹטֶה, אַ גְרָאבֶּער יוּנְגַאטְשׁ וָואס קֶען קֵיין צְוֵויי וַוארְטֶער נִיט אִיבֶּערְצֶעהלֶען, מֵיינְט אִיצְטֶער אַז עֶר אִיז אַיין חָכָם,

אַ בַּעל עֵצָה, דֶער שֶׁאנְסְטֶער בַּעל בַּיִת אִין שְׁטָאדְט אוּנ הֵייסְט שׁוֹין גָאר בַּיי יֶעדֶען אַיין אֵיידְלֶער יוּד; אַלְמַאי מֵיינְט דִי אַלְטֶע מִיאוּסֶע מוֹיד צִירְל אַז זִי הֵייסְט „קְלַארֶע״ אוּנ אִיז אַזוֹי שֶׁאן אַז אַלֶע יוּנְגֶע לַייט שְׁלָאגֶען זִיךְ אִיבֶּער אִיהר שֶׁאנְקֵייט?

אִיךְ שְׁוֶוער אַייךְ, וֶוען אִיהר זָאלְט וֶועלֶען זַיין אַ בַּעלָן אוּנ פְרֶעגֶען ה׳ אָצֶעזָן צוּ אִיז עֶר בֶּאֱמֶת טַאקִי אַזוֹי קְלוּג, פְּרֶעגֶען קְלַארֶען צוּ אִיז זִי בֶּאֱמֶת טַאקִי אַזוֹי שֶׁאן, וֶועלִין זַיי אַייךְ בַּאלְד עֶנְטְוֶוערֶען גַאנְץ פַארזִיכֶערְט אַז זַיי זֶענִין טַאקִי בֶּאֱמֶת קְלוּג אוּנ שֶׁאן. אַזוֹי אִיז שׁוֹין יֶעדֶער מֶענְשׁ, וֶוען עֶר רֶעדְט זִיךְ אַיין עֶפֶּעס; פְרִיהֶער פַאלְט עֶר נָאךְ אָפְּט אַרַיין אִין אַ סְבָרָא, עֶר קְלֶערְט טָאמֶער יוֹא אוּנ טָאמֶער נִיט, נָאר שְׁפֶּעטֶער קוּמְט עֶר דֶערצוּ בִּיז עֶר מֵיינְט טַאקִי בֶּאֱמֶת, גַאנְץ עֶרנְסְט אַז דִי זַאךְ אִיז אַזוֹי אוּנ עֶס קֶען גָאר אַנְדֶערְשׁ נִיט זַיין.

דָאס אֵייגֶענֶע אִיז פָארְגֶעקוּמֶען מִיט אוּנְזֶער דְוָואשֶׁען: פְרִיהֶער ד. ה. אֵיידֶער דִי בָּאד אִיז אָבְּגֶעבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען, וֶוען יֶעדֶער גְרָאשֶׁען אִיז אִיהר אָנְגֶעקוּמֶען בִּיטֶער, שְׁוֶוער פַארְהָארֶעוֶועט, אוּנ עֶס אִיז בַּיי אִיהר אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען דֶער טָאג מִיט אַ הַאלְבֶּע נַאכְט אַז זִי הָאט אַלֵיין נִיט גֶעוואוּסְט וואוּ דִי צַייט אִיז אַהִינְגֶעקוּמֶען אוּנ דִי אַנְדֶערֶע הַאלְבֶּע נַאכְט אִיז זִי אָבְּגֶעשְׁלָאפֶען וִוי אַ פַארמוּטְשֶׁעטֶע, דֶערהַרְגֶעטֶע, הָאט בַּיי אִיר גֶעקֶענְט אַוֶועקְגֶעהְן אַזוֹי צֶעהנְדְלִיגֶען יָאהרֶען זִי זָאל אֲפִילוּ נִיט זֶעהן וָואס פַאר אַ פְּנִים זִי הָאט, אָדֶער וָואס פַאר אַ קְלֵיידֶעל זִי טְרָאגְט, וּבִפְרַט נָאךְ צוּ עֶס פַּאסְט אִיהר, זִי הָאט גֶעדַאנְקְט גָאטְט וֶוען זִי הָאט אָבְּגֶעפַּטֶּרְט דִי וַוייבֶּער, אַבִּי זִי זָאל הָאבֶּען דִי עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען אִין דֶער וָואכֶען אוֹיף בְּרוֹיט אוּנ שַׁבָּת אוֹיף קוֹילִיטְשׁ, נָאר אָבֶּער זִינְט דִי בָּאד אִיז אָבְּגֶעבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען אוּנ אִיהר שְׁטוּב אִיז גֶעוָוארֶען דִי „גְלַאוְונֶע סְטַאנְצְיֶע״ וואוּ דִי וַוייבֶּער פְלֶעגֶען זִיךְ צוּנוֹיפקוּמֶען פָאהרֶען מִיט טְרֵייטְלִין קֵיין בּוֹלְוַואנָאווקֶע, פְלֶעגְט זִי זִיצֶענְדִיג אִין דֶער הֵיים אִין דֶער וַוארֶעם נִיט טְהוּן קֵיין שׁוּם זַאךְ, פַארדִינֶען צֶעהן מָאל מֶעהר וִוי פְרִיהֶער וֶוען זִי פְלֶעגְט הָארֶעוֶוען; וָואס זְשֶׁע הָאט זִי גֶעהַאט צוּ טְהוּן אַ גַאנְצֶען טָאג נָאכְדֶעם וֶוען זִי הָאט שׁוֹין אָבְּגֶעזָאגְט אַלֶע בְּרָכוֹת מִיט דִי תְּחִנוֹת, אָבְּגֶעגֶעסֶען, פַארבֶּעט דָאס בֶּעט אוּנ זִיךְ אָנְגֶעפְלִיקְט מִיט פֶעדֶער׳ן אוּנ עֶס אִיז אִיהר נָאךְ אַלְץ גֶעבְּלִיבֶּען צַייט? הָאט זִי זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוּם־קוּקֶען אַרוּם זִיךְ אוּנ הָאט דֶערזֶעהן אַז אִיהר קְלֵיידֶעל, דִי קוּפְּקֶע, דִי שִׁיךְ זֶענִין שׁוֹין אַלְט אוּנ נִיט שֶׁאן, גֶעלְד פַארדִינְט זִיךְ ב״ה, הָאט זִי זִיךְ גֶעמַאכְט שֶׁאנֶערֶע קְלֵיידֶער, דֶערנָאךְ וֶוען זִי הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶענוּג אָנְגֶעקוּקְט אוֹיף אִיהר נַייע קְלֵיידֶעל מִיט דֶער קוּפְּקֶע אוּנ גֶעזֶעהְן וִוי עֶס פַּאסְט אִיהר, וָואס זְשֶׁע הָאט זִי גֶעזָאלְט נָאךְ טְהוּן אִין דֶער לֵיידִיגֶער צַייט? הָאט זִי אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרַיינְקוּקֶען אִין דֶעם שְׁטִיקֶעל צוּבְרָאכֶענֶעם שְׁפִּיגֶעל וָואס אִיז פוּן תָּמִיד אָן אַרַיינְגֶעקְלֶעבְּט אִין דֶער וַואנְד אוּנ הָאט דֶערזֶעהן וִוי דָאס פְּנִים אִיז נִיט גוּט אָבְּגֶעוַואשֶׁען אוּנ וִוי עֶפֶּעס אוֹיסְגֶעשְׁמִיערְט, הָאט זִי זִיךְ גוּט אָבְּגֶעוַואשֶׁען אוּנ אָבְּגֶעווִישְׁט אוּנ שְׁפֶּעטֶער מִיט עֶטְלִיכֶע טָאג הָאט זִי דֶערזֶעהן וִוי דָאס פְּנִים אִיז טַאקִי שֶׁאנֶער וֶוען מֶען וַואשְׁט זִיךְ אָב; אַי דֶער שְׁטֶערֶען אִיז פוּל מִיט קְנֵיימְשֶׁען, דִי

בייזען, דאס מויל איינגעקארטשעט, וואס עס העלפט ניט קיין וואשען, נאר וואס ושע איז? עס איז אבער פארט שאנער!

אזוי לאנג אזוי ברייט, האט זי אלע טאג, פון גאר ניט האבען וואס צו טהון, זיך מעהר אונ מעהר איינגעקוקט אין די קליידער אונ אין דעם פנים ביז זי האט זיך איינגערעדט אז זי איז גאר ניט מיאוס אונ האט שוין אנגעהויבען ביי זיך טראכטען:

– נא מילא וואס? איך האב זיך שוין אנגעטהון, אבגעוואשען, וואס ושע קומט מיר ארויס? קיינער זעהט אפילו ניט, דארום האט זי אנגעהויבען זיין העכסט צופרידען ווען פייוויש פאנפאטש פלעגט קומען אין דער "גלאוונע סטאנציע" זעהן צו אלע ווייבער זענין דא אונ טאמער האט איינע פארשפעטיגט אונ די פוהר איז שוין געשטאנען פלעגט ער לויפען זי רופען.

חאטש פייוויש פלעגט איצטער גאר קיין צייט האבען אפילו א קוק טהון אויף דוואשען, נאר ווען טרייטיל מיט די ווייבער פלעגען שוין אוועקפאהרען, פלעגט איהם דוואשע זאגען:

– זיץ אביסל פייוויש, האסט זיך שוין גענוג אנגעהארעוועט מיט די ווייבער, געלויבט איז גאטט וואס זיי זענין שוין אוועקגעפאהרען, עס איז געווארען אביסל שטילער.

– איך האב קיין צייט ניט, דוואשע! פלעגט ער דארויף ענטווערען, מען דארף שוין מנחה דאווענען, דארף מען געהן אנצינדען די ליכט אין קלויז.

– נא ביזט טאקי גערעכט, א מאנסביל איז ניט קיין יודענע, וואס האט צייט ווען זי וויל, געה ושע טאקי גיכער אונ באלד נאך מעריב זאלסט דו קומען וועלין מיר טרינקען א גלאזיל אקרופ.

אונ פייוויש איז געקומען נאך מעריב צו דוואשען, אונ וואס שפעטער איז ער אפטער געגאנגען, אונ פאר וואס זאל פייוויש ניט געהן? ביי דוואשען אין שטוב ברענט שטענדיג די הרובע ווי א קאלך־אויווען אונ עס איז ווארעם ווי אין א גן עדן, דאס גלאזעל טהעע מיט א שטיקעל צוקער צוגעהט זיך פשוט אין אלע פייוויש'עס אברים אונ ווער שמועסט אז דוואשע פלעגט נאך דערלאנגען א שיסעל געקאכטע קארטאפלעס, אדער טייגלאך מיט פאסאליעס, איז זיך טאקי פשוט א דערקוויקונג.

לאמיר זיך ניט נארען, ווארום ווי פייוויש איז געוועזען איין פרומער יוד (ווי דוואשע פלעגט זאגען) אונ האט נאר געלעבט מיט עולם הבא, פון דעסטוועגען איז ער פארט מעהר ניט געוועזען ווי א זינדיגער בשר ודם אונ האט ליעב געהאט א ביסעלע עולם הזה אויך, חאטש ווי באלד מען האט הנאה פון עולם הבא מעג מען שוין אויך זינדיגען, נאר וואס פאר א בשר ודם איז ניט זינדיג? הײנט פאר וואס זאל פייוויש אויך ניט האבען קיין ביסעלע עולם הזה אז ער קען יא האבען?

אונ וואס נאך פאר א בעסערע עולם הזה האט געקאנט זיין ביי פייוויש'ן ווי ווינטער באנאכט ווען אין דרויסען איז געוועזען א גרויסער פראסט, א קאלט מיט א

גְרויסֶען ווִינְד, אִין קְלויז אִיז קֵיין הָאלְץ נִיט גֶעוֶועזֶען צוּ הֵייצֶען דִי הְרוּבֶּע, דֶער פֶּעלְץ מִיט דִי שְׁטִיוֶועל צוּרִיסֶען אוּנ אויף קֵיין וֶועטְשֶׁערֶע אִיז אויך נִיט גֶעוֶועזֶען, אוּנ עֶר פַּיוִויש אִיז זִיךְ אִיצְטֶער גֶעזֶעסֶען מִיט דְוָואשֶׁען גֶעבֶּען דֶער הְרוּבֶּע וואוּ עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען וַוארֶעם ווִי אִין אַ אויוֶען. הָאט גֶעטְרוּנְקֶען עֶטְלִיכֶע גְלֶעזֶלֶעךְ טְהֶעע פוּן דֶעם אָבְּגֶעזָאטֶענֶעם קְרִיגֶעל, פַּארְבִּיסֶען מִיט קַארְטָאפְלֶעס צוּ מִיט טֵייגְלֶעךְ אוּנ פַּאסָאלֶיעס. דְוָואשֶׁע הָאט אַזוֹי פַּאוָואלֶיע מִיט דִי פִינְגֶער גֶעפְּלִיקְט פֶּעדֶערן, אוּנ עֶר הָאט דֶערְצֶעהלְט מַעֲשׂוֹת פוּן דִי אַלְטֶע צַדִיקִים, ל״ו־נִיקֶעס, שֵׁדִים, רוּחוֹת, אַלְטֶע כִּישׁוּפְמַאכֶערִינְס, אַמַעֲשֶׂה וָואס עֶר הָאט נָאר וָואס גֶעהֶערְט נָאךְ דֶערְצֶעהלֶען אִין קְלויז אוּנְטֶער דֶער הְרוּבֶּע פוּן „סִפְרֵי צַדִיקִים“, אוּנ דְוָואשֶׁע פְלֶעגְט אויךְ דֶערְצֶעהלֶען אַ שֶׁאנֶע אַלְטֶע אֶמֶהְדִיגֶע מַעֲשֶׂה וָואס אִיהר בָּאבֶּע הָאט אִיהר אַלֵיין דֶערְצֶעהלְט, אַז אַמָאלֶעדִיגֶע וַוייבֶּער זֶענִין טַאקִי גֶעוֶועזֶען צִדְקָנִיוֹת אוּנ וֶוען אַ אִשָּׁה אִיז גֶעזֶעסֶען אִין אַ דָארְף וואוּ עֶס אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען קֵיין בָּאד אוּנ עֶס אִיז גֶעגַאנְגֶען אַזוֹינֶע שְׁנֶעעֶן אַז מֶען הָאט קֵיין פוּהְר נִיט גֶעקָאנְט קְרִיגֶען אוּנ דָא אִיז גֶעקוּמֶען דִי צַייט, פְלֶעגְט מֶען גֶעהן בַּאנַאכְט אִין אַ פַּאלָאנְקֶע, אַז קֵיין שׁוּם בֶּן אָדָם, אֲפִילוּ דֶער מַאנן, הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וואוּ זִי אִיז גֶעוֶועזֶען. אוּנ הַיינְטִיגֶע וַוייבֶּער זִינְדִיגֶען אוּנ שְׁרַייעֶן אַז עֶס אִיז זַיי שְׁוֶוער אֲפִילוּ דוּרְכְצוּפָאהרֶען מִיט טְרַייטְלֶען אִין גַאנְצֶען זִיבְּצֶעהְן וֶוערְסְט.

אוּנ נָאךְ אַזוֹינֶע מַעֲשׂוֹת פְלֶעגֶען זַיי זִיךְ אִין דִי ווִינְטֶערְדִיגֶע נֶאכְט דֶערְצֶעהלֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערן, אוּנ פְלֶעגֶען זִיךְ פִיהלֶען אַזוֹי גוּט, אַז זַיי הָאבֶּען גָאר נִיט בַּאמֶערְקְט זַייעֶרֶע אַלְטֶע יָאהרֶען, נָאר פוּנְקְט ווִי יוּנְגֶע לַייט עֶרְשְׁט אַיָאהר נָאךְ דֶער חֲתוּנָה, עֶס אִיז זַיי גָאר קֵיין מָאל אויפְן מוֹחַ נִיט אויפְגֶעקוּמֶען דִי פְרַאגֶע: צוּ זַיי זֶענִין יוּנְג צוּ אַלְט, זַייעֶרֶע אַלְטֶע הֶארְצֶער הָאבֶּען פֶערְגֶעניגֶען גֶעהַאט אִין דִי ווִינְטֶערְנֶאכְט פוּנְקְט ווִי יוּנְגֶע לַייט.

III.

# אִין דִי בֶּעסְטֶע יָאהרֶען.

אִין אֵיינֶעם פוּן אַזוֹינֶע ווִינְטֶערְדִיגֶע נֶאכְט וֶוען דִי לְבָנָה הָאט מִיט אִיהרֶע זִילְבֶּערְנֶע שְׁטְרַאהלֶען גֶעשַׁיינְט אִיבֶּער זִלִידְנִיוֶוקֶע, גֶעשְׁפַּאצִירְט אִיבֶּער זְלִידְנִיוֶוקֶער הִימֶעל, פַּאר־זִילְבֶּערְט אַלֶע זְלִידְנִיוֶוקֶער שְׁטְרוֹיעֶנֶע אוּנ טְשֶׁערֶעפֶּענֶע דֶאכֶער אוּנ דְוָואשֶׁעס שְׁטִיבֶּל אויךְ, אִין דְרוֹיסֶען הָאט זִיךְ אויסְגֶעבֶּעט דֶער שְׁנֶעע ווִי אַ פַּארְבֶּעט בֶּעט בַּיי אַ גְבִירִישׁ יוּדִישׁ פָּאר פָאלְג, דִי נַאכְט אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁטִיל, לִיכְטִיג אוּנ שֶׁאן חָאטְשׁ פֶּערִיל צוּ קְלויבֶּען, דָאס שְׁטִילְקַייט פוּן דֶער נַאכְט הָאבֶּען נָאר אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען דִי זְלִידְנִיוֶוקֶער בְּהֵמוֹת, צִיגֶען אוּנ צַאפֶּעס וָואס הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע מָאל אויפְגֶעחַאפְּט פוּן שְׁלָאף, אויפ־גֶעשְׁטַאנֶען, זִיךְ אָבְּגֶעשְׁטְרֶעסֶעלְט, אַרוּמְגֶעשְׁפַּאצִירְט מִיט אַ גְרוֹיס גֶעסְקְרִיפֶּערַיי פוּן דֶעם שְׁנֶעע אוּנ וַוייטֶער מִיט אַסְקְרִיפּ זִיךְ גֶעלֶעגְט אוּנ גֶעסַאפֶּעט.

אַלְע־אִין זְלִידְנִיזְוְקָע הָאבְּען שׁוין גֶעשְׁלָאפֶען, אוּמְעטוּם אִין אַלְע פֶּענְסְטֶער אִיז שׁוין גֶעוֶועזֶען פִינְסְטֶער, נָאר אִין אֵיין פֶּענְסְטֶער הָאט זִיךְ נָאךְ גֶעלַייכְט אוּנ אוֹיךְ דִי לְבָנָה מִיט אִיהרֶע לַאנְגֶע בְּרִילַיאַנְטֶענֶע שְׁטְרַאהלֶען אוּנ שְׁפִּיצֶען הָאט אַרַיינְגֶעקוּקְט אִין דֶעם פֶּענְסְטֶער וואוּ צְווייא מֶענְשֶׁען זֶענֶען גֶעזֶעסֶען נֶעבֶּען דֶער הָרוּבֶּע.

דִי צְווייא מֶענְשֶׁען זֶענֶען גֶעוֶועזֶען דְרָואשֶׁע דִי טוּקֶערְן, אוּנ פּ י י וִ ו י שׁ פּ א נְ פַּ א טְ שׁ!... זַיי הָאבֶּען שׁוין גֶעעֶנְדִיגְט זַייעֶרֶע מַעֲשׂוֹת, שׁוין אָבְּגֶעגֶעסֶען דִי קַארְטָאפְלִים, דָאס קְרִיגֶעל אָקְרוּפּ שְׁטֶעהְט נָאךְ אוֹיפְן טִישׁ, דְרָואשֶׁע הָאט פְּלוּצִים אַוֶועקְגֶעלֶעגְט דִי פֶּעדֶערְן אוּנ הָאט גֶעזֶעהֶן וִוי דִי הְרוּבֶּע אִיז אַזוֹי וַוארֶעם אַ מְחַיֶה׳נִישׁ, פַּייוִוישֶׁעס שְׁטֶערִין מִיט דֶער פָאנְפֶּאוואַטֶע נָאז הָאבֶּען זִיךְ אַזוֹי דֶערְהִיצְט אַז זַיי הָאבֶּען גֶעפְלַאמְט וִוי צְווייא בְּרֶענֶענְדִיגֶע הֶענְגְלַייכְטֶער פוּן דֶער שׁוּל, פַּייוִוישׁ הָאט אוֹיךְ אַ קוּק גֶעטְהוּן אוּנ גֶעזֶעהֶן וִוי זַיין פְּלֵייצֶע הָאט זִיךְ אַזוֹי אָנְגֶעוַוארִימְט בַּיי דֶער הְרוּבֶּע אַז עֶס אִיז אַ דֶערְקְוִויקֶענִישׁ, אִין זַיינֶע אַללֶע אֵבָרִים אִיז אַזוֹי אַנְגֶענֶעהם, וָוארוּם דְרָואשֶׁעס פָּנִים אַקֶעגֶען דֶער גִילְדֶענֶער שַׁיין פוּן דֶעם חֵלֶב׳נֶעם לִיכְט אוּנ אֶקֶעגֶען דֶער שַׁיין פוּן דֶער זִילְבֶּענֶער לְבָנָה צְווישֶׁען דֶער פַּארֶע וָואס זֶעצְט פוּן דֶער הְרוּבֶּע מִיט דֶעם קְרִיגֶעל „אָקְרוּפּ" וָואס שְׁטֶעהט אוֹיפְן טִישׁ. דָאס אַללֶעס הָאט אַזוֹי פַארְפְלַאמְט אוּנ שֶׁאן גֶעמַאכְט אִיהר פָּנִים אַז אֲפִילוּ דִי גְרוֹיסֶע בְּרָאדִיוְוקֶע וָואס זִי הָאט פַארְמָאגְט פוּן לַאנְגֶע יָאהרֶען נֶעבֶּען דֶער נָאז, הָאט זִיךְ אוֹיךְ צוּשְׁפִּיעלְט וִוי אַשֶׁאנֶע רוֹיטהֶע רוֹיז זוּמֶער צְווישֶׁען אַ טְהַייעָרְן וַויינְגַארְטֶען וואוּ עֶס וַואקְסֶען דֶארְנֶער אוּנ בְּארֶעקִים. —

פַּייוִוישׁ הָאט זִיךְ נִיט גֶעקֶענְט אַיינְהַאלְטֶען, עֶר זָאל נִיט אַ קוּק טְהוּן אוֹיף אִיהר.

— וָואס קוּקְסְט דוּ פַּייוִוישׁ? הָאט דְרָואשֶׁע אִיהם גֶעפְרֶעגְט וֶוען זִי הָאט דֶערזֶעהְן אַז עֶר הָאט פְּלוּצִים אַ קוּק גֶעטְהוּן אוֹיף אִיהר.

— גָאר נִיט, אִיךְ קוּק אוֹיף דֶעם טָאפּ מִיט פֶּעדֶערְן וָואס דוּ הָאסְט אָנְגֶעפְּלִיקְט.

— אִיךְ קוּק אוֹיךְ, אִיךְ הָאבּ שׁוין גֶענוּג אָנְגֶעפְּלִיקְט הַיינְטִיגֶען אָבֶּענְד, הָאבּ אִיךְ זִיךְ מְיַשֵׁב גֶעוֶועזֶען אוּנ הָאבּ אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ פְּלִיקֶען אוּנ קוּק וִוי דֶער אֵייבֶּערְשְׁטֶער אִיז אַ גְרוֹיסֶער גָאטְט וָואס אִיךְ בִּין זַיין נָאמֶען נִיט וֶוערְט צוּ דֶערמַאנֶען. זֶעה נָאר וִוי דָא אִיז אַזוֹי וַוארֶעם, אַזוֹי גוּט אַז עֶס אִיז אַ מְחַיֶה׳נִישׁ, דִי לְבָנָה שַׁיינְט אַזוֹי שֶׁאן! הָאסְט שׁוין מְקַדֵשׁ גֶעוֶועזֶען דִי לְבָנָה? אַלְץ הָאט דֶער אֵייבֶּערְשְׁטֶער אַוֶועקְגֶעגֶעבֶּען דִי מַאנְסְבִּילֶען אֲפִילוּ דִי לְבָנָה אוֹיךְ אוּנ דִי זִינְדִיגֶע אִשָּׁה טָאר זִיא נִיט מְקַדֵשׁ זַיין.

— יָא נָאךְ מַעֲרִיב הָאבּ אִיךְ מְחַדֵשׁ גֶעוֶועזֶען...

עֶס הָאבֶּען זִיךְ בַּיי זַיי בֵּיידֶע פְּלוּצִים אוֹיסגֶעלָאזְט דִי וֶוערְטֶער. זַיי זֶענִין גֶעזֶעסֶען הָאבֶּען זִיךְ שְׁטִילֶערְהַייט אָנְגֶעקוּקְט.

— וָואס קוּקְסְט דוּ, הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען פַּייוִוישׁ.

— אִיךְ קוּק גְלַאט אַזוֹ, וִוי גֶעלוֹיבְּט אִיז זַיין גְרוֹיסֶער נָאמֶען, אִיךְ הָאבּ אַוֶועקְגֶעלֶעגְט דִי פֶּעדֶערְן, וָואס דֶען זָאל אִיךְ טְהוּן? לָאמִיר אַבִּיסֶעל זִיצֶען אַזוֹ.

אוּנ זַיי זֶענִין גֶעזֶעסֶען שְׁוַויינֶענְדִיג בֵּיידֶע „אַזוֹי". דִי הְרוּבֶּע הָאט זִיךְ נָאךְ מֶעהְר

צוּהִיצְט אוּן זַייעֶרֶע פְּלֵייצֶעס הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ מֶעהְר דֶערוַוארְעמְט, פַּייוִוישֶׁעס נָאז אוּן דְוָואשֶׁעס בְּרָאדֶעוְוקֶע מִיט זַייעֶרֶע בֵּיידֶע פֶּנִימֶער הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ מֶעהְר פַארְפְלַאמְט, דִי לְבָנָה הָאט זֵיי וַוייטֶער בַּאדֶעקְט מִיט אִיהרֶע זִילבֶּערְנֶע שְׁפִּיצֶען אוּן זֵיי הָאבֶּען זִיךְ גֶעקוּקְט אֵיינֶער אוֹיף דֶעם אַנְדֶערְן ד. ה. גֶעזֶעסֶען אַבִּיסֶעל „אַ זוֹי".

פְּלוּצִים אִין דֶעם לַאנְגֶען שְׁוַוייגֶענִיש, הָאט זִיךְ אוֹיף פַּייוִוישֶׁעס נָאז גֶעוַיאוֶועט אַ שְׁמֵייבֶעל אוּן אוֹיף דְוָואשֶׁעס בְּרָאדֶעוְוקֶע אוֹיךְ אַ קְלֵיין שְׁמֵייבֶעלֶע.

– וָואס לַאכְסְט דוּ ? הָאט אִיהם גֶעפְרֶעגְט דְוָואשֶׁע אוֹיךְ מִיט אַ שְׁמֵייבֶעל.

– חֶעע... הָאט פַּייוִויש גֶעעֶנְטְוֶוערְט מִיט אַ שְׁטִיל גֶעלֶעכְטֶערל אוּן אָנְגֶערִירְט מִיט דֶעם פִינְגֶער דְוָואשֶׁעס בְּרָאדֶעוְוקֶע.

– חִיֶע, חִיֶע... הָאט דְוָואשֶׁע אוֹיךְ אַרוֹיסגֶעלָאזְט אוּן אָנְגֶעהַאפְּט פַּייוִוישֶׁען בַּיי זַיין שְׁטַארְק פַארְפְלַאמְטֶער נָאז...

– חֶע, חֶע... הָאט פַּייוִויש שׁוֹין צְוֵויי מָאל גֶעזָאגְט „חֶע" אוּן אוֹיךְ אָנְגֶעהַאפְּט דְוָואשֶׁען בַּיי דֶער נָאז.

– חִיֶע, חִיֶע... הָאט דְוָואשֶׁע ווִידֶער אָנְגֶעהַאפְּט דִי פָאנְפֶעוַואטֶע נָאז.

אָהְן וֶוארְטֶער נָאר צְוִוישֶׁען גְרוֹיס פְלַאמֶענֶעשׁ פוּן דֶער הְרוּבֶּע, צְוִוישֶׁען דֶעם רֵיחַ פוּן דֶעם „אָקְרוּפּ" אוּן דֶעם שָׁאלֶעכְטְס פוּן דִי קַארְטָאפְלִים וָואס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אוֹיפֶן טִישׁ, נָאר מִיט דִי שְׁטִילֶע לוּפְטְוֶוארְטֶער „חֶע" אוּן „חִיֶע" הָאבֶּען זִיךְ פַּייוִויש אוּן דְוָואשֶׁע אוּנְטֶערהַאלְטֶען בִּיז דִי הֶאהְנֶער הָאבֶּען פַארְטָאג דֶעם עֶרְשְׁטֶען קְרֶאה גֶעטְהוּן אוּן פַּייוִויש הָאט שׁוֹין בַּאדַארְפְט אַוֶועקְגֶעהְן וֶועקֶען דֶעם עוֹלָם צוּם תְּהִלִּים זָאגֶען.

גְרִינְג ווִי אַ פֵייגֶעלֶע אִין וַואלְד אוֹיף דֶעם גְרִינֶעם בּוֹימֶעלֶע, מִיט אַ זִיסֶען שְׁמֵייבֶעל אִיז דְוָואשֶׁע דִי נַאכְט זִיס אַנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען צְוִוישֶׁען אִיהרֶע דְרַיי אִיבֶּערְבֶּעטֶען, צְוֵויי קָאלְדְרֶעס, פִיער גְרוֹיסֶע אוּן זִיבֶּען קְלֵיינֶע קִישֶׁעלֶעךְ אוּן אִיהר נָאז מִיט דֶער בְּרָאדֶעוְוקֶע הָאט נָאךְ מֶעהר גֶעפְלַאקֶערְט, גֶעפְלַאמְט, רוֹיטְהֶער אוּן רוֹיטְהֶער גֶעוָוארֶען...

וֶוען פַּייוִויש אִיז אַרוֹיסגֶעגַאנְגֶען פוּן דְוָואשֶׁעס שְׁטוּב, הָאט זִיךְ שׁוֹין דִי לְבָנָה גֶעזֶעגֶענְט מִיט פַּייוִוישֶׁען אוּן זִיךְ אוֹיךְ גֶעלָאזְט אִיהר וַוייטֶען וֶועג אַרָאבּ... אַרָאבּ... אַלֶע בְּהֵמוֹת צִיגֶען אוּן צַאפֶּעס הָאבֶּען שׁוֹין לַאנְג אַרוּמְגֶעשְׁפַּאצִיעֶרְט מִיט אַ גְרוֹיס גֶעסְקְרִיפֶּערַיי אִין דֶעם שְׁנֶעע ; דֶער פַארְטָאגֶעדִיגֶער פְרָאסְט הָאט זִיךְ צוּם עֶרְשְׁטֶען אַ חַאפּ גֶעטְהוּן צוּ זַיין פַארְפְלַאמְטֶער רוֹיטְהֶער נָאז אוּן הָאט זִי פַארְקָאוֶועט ; פַּייוִויש הָאט זִיךְ מִיט בֵּיידֶע הֶענְד אַ חַאפּ גֶעטְהוּן בַּיי דֶער נָאז אוּן אַזוֹי שְׁפַּאנֶענְדִיג מִיט אַ סְקְרִיפּ אִיבֶּערן שְׁנֶעע הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁרַייֶען מִיט זַיין פָאנְפֶעוַואטֶע קוֹל : „שְׁטֶעהְט אוֹיף !... שְׁטֶעהְט אוֹיף אַתֶּם יוֹדְעֶן צוּ עֲבוֹדַת הַבּוֹרֵא ! שְׁטֶעהְט אוֹיף !" ... א. ז. וו.

פַּייוִויש הָאט זִיךְ אִיצְט גֶעפִיהלְט אַזוֹי גוּט אוֹיפֶן הַארְצֶען אַז עֶס הָאט זִיךְ אִיהם אוֹיסגֶעווִיזֶען, אַז זַיין אִיצְטִיג קוֹל שִׁיטְט זִיךְ אַרוֹיס פוּן אִיהם אַזוֹי שָׁאן ווִי פֶּערֶעל....

מיט גרויס גדלות און מיט א גרויסען סקריפ האט זיך אזוי פייוויש ווייטער געשפאנט איבער די זלידניוקער גאסען און געשריגען, אין הארצען האט זיך נאך עפעס געדרעהט, און אין די אויגען נאך געפינטעלט פון דער נאכט וואס ער האט פארבראכט ביי דוואשען. --

ווען ער איז אריינגעגאנגען אין קלויז האט זיך מיט איהם די לבנה צום לעצטען מאל געזעגענט: מארגען, מארגען וועלען מיר זיך ווייטער זעהן דורך דוואשעס פענסטער...

גאר אנדערש האט זיך פייווישען היינט פארטאג געזונגען דאס קול פון דעם עולם׳ס תהלים זאגען...

## IV.

## פאר דעם „פאיעזד"-קיין בולוואנאווקע.

דוואשע האט אויך געוואהנט אויף דער מלמדישער גאס, און ווי עס איז אייך שוין באקאנט איז די גאנצע גאס געוועזען גרויס ווי א געניץ, היינט קענט איהר שוין פארשטעהן ווי ווייט עס איז געוועזען פון טרייטלין ביז דוואשעס שטוב.

ארום איינס ביי טאג פלעגט טרייטיל אריינלויפען צו דוואשען פרעגען וויפיעל פארשוינען עס זענען היינט דא קיין בולוואנאווקע, נאר פריהער, אזוי ארום צעהן א זייגער ווען ער האט אבגעדאווינט און אבגעגעסען פלעגט ער זיך שוין נעמען צו דער עגלה, ד. ה. אויסקערעווען דעם דישעל צו דער זייט וואו בולוואנאווקע שטעהט, די גאנצע עגלה אנידערשטעלען פאר דער שטוב, ארויספיהרען דעם ליסע מיט דעם קארע, צו בינדען זיי צום וואגען, אריינווארפען פאר זיי אביסעל היי, אנשמירען דעם וואגען, קוקען עטליכע מינוט די פערד אין די אויגען, א. ז. וו.– די ארבייט האט ביי איהם געדויערט ביז ארום איינס, דערנאך פלעגט ער נעהן צו דוואשען געוואהר ווערען.

ווען די ווייבער וואס האבען בעדארפט פאהרען האבען דערזעהן דורך דעם פענסטער אז טרייטילס עגלה מיט דער ליסע און דעם קארע שטעהען שון פאר דער שטוב, פלעגען זיי אנהייבען זיך צו איילען.

— א דונער האט מיך דערשלאגען, טרייטילס עגלה שטעהט שוין און איך בין נאך גאר נישט פארטיג, מען דארף לויפען צו דוואשען זיך באדינגען ער זאל מיך ניט איבערלאזען,

די ווייבער וואס האבען געוואהנט א ביסעל ווייטלעך פון דער מלמדישער גאס און האבען נישט געקאנט דורך דעם פענסטער זעהן אויב די עגלה שטעהט, פלעגען ארום-שיקען זייערע קינדער.

גֶעה זוּהְנוּניוּ, גֶעה, טַאטֶעניוּ, זֶעהן צוּ דִי עֶגְלָה שְׁטֶעהט שׁוֹין, וֶועל אִיךְ בַּאלְד גֶעהן צוּ דְוָואשֶׁען טְרֵייטֶעל זָאל מִיךְ נִישְׁט אִיבֶּערְלָאזֶען.

ווִי אִיךְ הָאבּ אַייךְ שׁוֹין דֶערְצֶעהלְט, הָאט טְרֵייטִיל אַלֶע טָאג אַיינְם אַ זֵייגֶער גֶעמוּזְט אַבִּיסל אַרֵיינְגֶעהן צוּ דְוָואשֶׁען גֶעוָואהר וֶוערֶען, עֶר הָאט אוֹיךְ אִיצְטֶער ווִי תָּמִיד, גֶענוּמֶען דִי בֵּייטְשׁ אִין דֶער הַאנְד, מִיט דֶער אַנְדֶערֶער הַאנְד אוֹיסְגֶעגְלַייכְט דִי פֵּאוֹת מִיט דִי וָואנְטְשִׁים, אַשְׁאַקִיל גֶעטְהוּן מִיט דֶער בָּארְד אוּנ אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען.

טְרֵייטִיל פְלֶעגְט זִיךְ פְרִיהֶער קֵיין מָאל נִישְׁט אוּמְקוּקֶען ווִי אַזוֹי זַיין בָּארְד אוּנ פֵּאוֹת זֶענִין אִיהם גֶעלֶעגֶען, צוּ גְלַייךְ, צוּ קְרוּם, אָדֶער צוּבָּארְשְׁטֶען, אֲפִילוּ וֶוען דֶער שְׁטֶערִין אִיז גֶעוֶוען אוֹיסְגֶעשְׁמִיערְט מִיט סְמָאלֶע, הָאט אִיהם אוֹיךְ נִיט גֶעאַארְט; נָאר זַייט עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען פִיהְרֶען דִי זְלִידְנִיוְוקֶער וַוייבֶּער קֵיין בּוּלְוַואנָאוְוקֶע אוּנ זַיין לִיסֶע מִיט דֶעם קַארֶע הָאבֶּען בַּאקוּמֶען גְבִירִישֶׁע בֵּייכְלֶעךְ, הָאט עֶר זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַבִּיסל צוּפוּצֶען, נִישְׁט אַזוֹ צוּ לִיעבּ זַיךְ אָדֶער צוּ לִיעבּ דֶער וֶועלְט, נָאר מֶעהר צוּ לִיעבּ דְוָואשֶׁען, ווַייל עֶר פְלֶעגְט אִיהר וָואלְלֶען בֶּעווַייזֶען, אַז טְרֵייטִיל אִיז נִישְׁט קֵיין פְרָאסְטֶער בַּעל עֶגְלָה, נָאר נָאךְ עֶפִּים אַנְדֶערְשׁ אוֹיךְ, חָאטְשׁ זִי פְלֶעגְט אִיהם אָבְּדְרִינְגֶען, נָאר עֶר פְלֶעגְט נִיט אוֹיפְהֶערֶען זִיךְ צוּ בַּארִיהמֶען פַאר אִיהר אוּנ דְרִינְגֶען פַארְקֶעהרְט.

— אַ גוּט הֶעלְף דִיר, דְוָואשֶׁע. הָאסְט עֶפִּים הַיינְט אַ סַךְ פֶעטֶע וַוייבֶּער? הָאט עֶר גֶעזָאגְט אַרֵיינְקוּמֶענְדִיג.

— אַ גוּט יָאהר דִיר, טְרֵייטִיל, נָאר ווִי אַזוֹי, דַאנְקֶען גָאטט, וָואס אִיךְ בִּין זַיין לִיעבֶּען נָאמֶען נִישְׁט וֶוערְטְה צוּ דֶערְמַאנֶען, הָאט זִי אִיהם גֶעעֶנְטְוֶוערְט, אוּנ אַרֵיינְגֶעלֶעגְט דִי אָבְּגֶעפְּלִיקְטֶע פֶעדֶער אִין דֶער זִיפּ אוּנ דִי זְשְׁמֶענֶיע פֶעדֶערן צוּרִיק אִין טָאפּ אַרַיין.

— אָבֶּער טַאקִי פֶעטֶע וָואס פֶעטֶע הַייסְט, מֵיין אִיךְ?

— צְווֵיי גֶעבֶּען צוּ קֶערְבְּלֶעךְ, אֵיינֶע...

— נָא צוּ קֶערְבְּלִיךְ, הַייסְט בַּיי מִיר נִישְׁט קֵיין פֶעטֶע, הָאט עֶר אִיהר אִיבֶּער־גֶעשְׁלָאגֶען דִי רֵייד.

— וָואס זִינְדִינְגְסְט דוּ, טְרֵייטִיל, דַאנְקֶען גָאט, מִיר דֶערְלֶעגֶען צוּ זֵיי נִישְׁט, אָט אִיז דָא אֵיינֶע וָואס גִיט צְווֵיי קֶערְבְּלֶעךְ.

— גוּט, אַזוֹי אִיז גוּט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ דִיךְ לִיעבּ, דְוָואשֶׁע הֶערְסְט דוּ דְוָואשֶׁע, טַאקִי נָאר אֵיין גָאט הָאט פַאר דְרַיי יָאהרֶען גֶעלָאזְט פַארְבְּרֶענֶען דִי בָּאד, אַזוֹי וָואס וָואלְט אִיךְ גֶעטְהוּן? אִיךְ וָואלְט גֶעשְׁטָארְבֶּען פַאר הוּנְגֶער ווִי פְרִיהֶער אוּנ מַיינֶע פֶערְד וָואלְטֶען קֵיין מָאל קֵיין הָאבֶּער פַאר זִיךְ נִישְׁט גֶעזֶעהן. אָבֶּער הַיינְט, דְוָואשֶׁע, זָאלְסְט דוּ אָנְקוּקֶען וָואס פַאר אֵיין אָנְבַּייסֶען אִיךְ עֶם, דוּ זָאלְסְט זֶעהן ווִי מַיין קַארֶע מִיט דֶעם לִיסֶע זֶענִין גֶעוָוארֶען פְרִיצִים, זֵיי שְׁטֶעהֶען בַּיים הָאבֶּער אוּנ קוּקֶען אִיהם אָן, וָוארוּם, וָוארוּם עֶס אִיז שׁוֹין בַּיי זֵיי קֵיין נָאוִוינֶע נִישְׁט צוּ עֶסֶען הָאבֶּער, זֵיי וָואלְטֶען שׁוֹין בַּעֲלָנִים גֶעוֶוען אִיךְ זָאל זֵיי קוֹיפֶען בֶּערְשְׁטְלֶעךְ אוּנ זֵיי פוּצֶען.

דְרָואשֶׁע הָאט אָנְגֶעהויבֶּען צוּ שָׁאקְלֶען מִיט דֶעם קָאפּ, ווִי אֵיינֶער זָאגְט: אוֹי טְרַייטִיל, זָאגְסְט דוּ אַ לִיגֶענְר. טְרַייטִיל הָאט פַארְשְׁטַאנֶען אִיהר שָׁאקְלֶען.

– נֵיין, דְרָואשֶׁע, דוּ זָאלְסְט זִיךְ הַיינְט מִיט מַיינֶע פֶערְדְלֶעךְ נִישְׁט שְׁפִּיעלֶען, זֵיי הָאבֶּען שָׁאנֶערֶע בַּייכְלֶעךְ פוּן אוּנְזֶערֶע גְבִירִים.

– דָאס אַלְץ, טְרַייטֶעל הָאסְט דוּ צוּ פֶערְדַאנְקֶען מִיר, וֶוער הָאט דִיךְ גֶעמַאכְט פַאר אַזַא פָּרִיץ וֶוען נִישְׁט אִיךְ? דוּ וָואלְסְט אוֹיסְגֶעלֶעבְּט דַיינֶע יָאהרֶען אוּנ וָואלְסְט נִישְׁט גֶעווּאוּסְט וֶועלְכֶע יוּדֶענֶע דַארְף פָאהרֶען אוּנ וֶועלְכֶע נִישְׁט, אוּנ אַז אִיךְ זָאל וֶועלֶען וָואלְט אִיךְ גֶעקָאנְט קְרִיגֶען אֵיין אַנְדֶערְן גוֹי אוֹיף דַיין אָרְט.

– אוֹי נֵיין, דְרָואשֶׁע, דוּ הָאסְט אַ גְרוֹיסֶען טָעוּת, נָאר נָאךְ וָואס זָאלֶען מִיר זִיךְ קְרִיעגֶען? לָאז זַיין דַיין גָאטְט מַיין גָאטְט, אָדֶער דֶעם בוּלְוַואנָאוְקֶער בֶּאדֶערְס גָאטְט, אַלְץ אֵיינְס, אַבִּי דִי בָּאד אִיז אָבְּגֶעבְּרֶענְט גֶעוָוארֶען; לָאמִיר בֶּעסֶער בֶּעטֶען אַז גָאטְט זָאל צוּ אוּנְז קֵיין זְלִידְנִיווְקֶע בַּאשֶׁערֶען אַלֶע מָאל נַייֶע גוּטֶע יוּדֶעלֶעךְ, שֶׁאנֶע חֲזָנִים אוּנ אַ סַךְ אֵיינִיקְלֶעךְ, דֶעמָאלְט וֶועלֶען אוּנְזֶערֶע וַוייבְּלֶעךְ מִיט מִיר פָאהרֶען קֵיין בוּלְוַואנָאוְקֶע בִּיז מְשִׁיחַ׳ס צַייטֶען אוּנ מִיר וֶועט זַיין גוּט אוּנ דוּ, דְרָואשֶׁע, וֶועסְט אָבְּלֶעקֶען אַ בֵּיינְדִיל.

– בְּרֹאשׁ מֵיינְסְט דוּ אִין אֶמֶת אַז דוּ בִּיזְט דֶער עִיקָר, הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען דְרָואשֶׁע ווִי בַּאלַייִדִיגְט דֶערְפוּן וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט אַז זִי וֶועט אָבְּלֶעקֶען אַ בֵּיינְדִיל.

– נָא, נָא, בֵּייזֶער דִיךְ נִישְׁט, דְרָואשִׁינְיוּ, לָאז זַיין אִיךְ אָדֶער דוּ לֶעקְן בֵּיינְדְלֶעךְ, עֶס אִיז אַלְץ אֵיינְס, אַבִּי בֵּיינְדְלֶעךְ, אָט גֶעהט בֶּעסֶער אַ יוּדֶענֶע...

עֶס עֶפֶענְט זִיךְ פְּלוּצִים דִי טְהִיר אוּנ עֶס גֶעהט אַרַיין אַ וַוייבִּיל, פַארְשֶׁעמְט, מִיט אַ וַוייס קְלוּמֶעקִיל אוּנְטֶער דֶעם אָרֶעם:

– דָא זִיצְט דְרָואשֶׁע דִי טוּקֶערן?

– אִיהר מֵיינְט דְרָואשֶׁע דִי מֶעקְלֶערן? הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען דְרָואשֶׁע.

– חַא, חַא, חַא, הָאט זִיךְ צוּלַאכְט טְרַייטִיל אוּנ הָאט אַזְשׁ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען דִי בַּייטְשׁ, דָא, דָא וָואהְנְט דְרָואשֶׁע דִי טוּקֶערן, וֶוער וֵוייסְט נִישְׁט ווּאוּ דְרָואשֶׁע דִי טוּקֶערן זִיצְט?

– אִיךְ בִּין אַ פְרֶעמְדֶע, אִיךְ וָואהְן דָא נִישְׁט לַאנְג, מַיין מַאנְן אִיז שׁוֹין אַ יָאהר נִישְׁט גֶעוֶוען צוּ הוֹיז, עֶר אִיז עֶרְשְׁט הַיינְט גֶעקוּמֶען.

– אַ פֶּעט בֵּיינְדִיל, הָאט טְרַייטִיל גֶעזָאגְט צוּ זִיךְ אִין דֶער שְׁטִיל.

– דְרַיי קֶערְבְּלֶעךְ, הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט דְרָואשִׁי אִין אֵיינֶעם מִיט טְרֵייטְלִין.

– צוּ טְהַייֶער, מַיין שְׁכֵנָה צָאהלְט פִינְף אוּנ זִיבְּצִיג קָאפּ׳ אָדֶער אַ קֶערְבֶּעל.

– אֵייעֶר שְׁכֵנָה פָאהרְט אַלֶע מָאנְטַאג אוּנ דָאנֶערְשְׁטַאג, אוּנ אַז גָאטְט הָאט אַייךְ יָא גֶעהָאלְפֶען, מֶעג טְרַייטִיל בַּעל עֲגָלָה בַּיי אַייךְ עֶפִּיס פַארְדִיענֶען.

– נָא גֶעמְט אַנְדֶערְטְהַאלְבֶּען קֶערְבְּלֶעךְ.

– צוּ לִיעבּ אַייךְ צְוַויי קֶערְבְּלֶעךְ, נִישְׁט וֶועניגֶער.

– װען זשע פֿאָהרט איהר ?

– אָט באַלד , איהר האָט דען נישט געזעהן אַז די פֿוהר שטעהט שוין , זעצט אייך אַנידער , זייט מוחל און װאַרט צו אַ ביסעלע .

די פֿרעמדע יודענע שפּאַרט זיך צו אָן אַ זייט אַביסל צו װאַרטען . עס עפֿענט זיך די טהיר , מען שטעקט אַריין אַ קאָפּ און שרייט :

– ר׳ טרייטיל , דװאָשע , איהר זאָלט מיך למען השם היינט נישט אַװעקװאַרפֿען , איך דאַרף פֿאָהרען , איך לויף נאָר אָנזייגען דאָס קינד , געדענקט זשע למען השם , איך לאָז אייך דאָ איבער מיין קלומעקיל . זי טהוט אַ װאָרף אַ װײַס בינטעל , גיט אַ קלאַפּ מיט דער טהיר און אַנטלויפֿט .

דאָס איז געװען חיים געצעס טאָכטער – יוסיל דעם אײדעמס װײַב .

– נאַ , נאָ , גערה , גערה , אַזאַ גאָלד װעל איך אַװעקװאַרפֿען ? מיר דאַכט זיך זי זאָל מיר גאָר קיין פֿוהרגעלד נישט צאָהלען , װאָלט איך זי אויך מיטגענומען .

– חלעבין , טרייטיל , עס איז אַ בזיון , אַזאַ אַלטער הונד װי דו ביזט , זאָלסט דו נאָך אין זינגען האָבען אַזוינע נאַרישקייטען , שעם זיך חאָטש פֿאַר אַ פֿרעמד װײַבעל .

– װאָס זאָל איך מיך שעמען ? עס איז אַ יודישע זאַך , דאָס װייסען אַלע זלידניװקער אַז טרייטיל האָט ליעב זיינע פֿאַרשוינען . װי זאָגט איהר , װײַבעל ? אָט זענין זיי אַ פֿרעמדע , לאָזען זיי זאָגען צו האָב איך זיך מיט װאָס צו שעמען ?

– װאָס קומט דיר אַרוים ? דו שמעקסט אָבער פֿאָרט אין פֿעלד אַריין נאָך גרינע אוגערקים .

– װער איך ? איך שמעק נאָך פֿעלד , זאָגסט דו ? האָט זיך טרייטיל אַנידער־געשטעלט אויף די פֿים , געגעבען אַ פּאָך מיט דער בייטש און אַ פּייף מיט׳ן מויל , איין אַלטער בין איך ? איך קען באַשטעהן אַקעגען צעהן יונגע לייט . װאָס זענען היינטיגע יונגע לייט ? פֿון קוגעל פּנימער און פֿון פּיטשע ביינער – אין גאַנצען אַ בלאָז , ער טהוט אַ בלאָז מיט דעם מויל און עטליכע פֿעדערן פֿון דװאָשים זיפּ פֿליהען אַװעק) – אָט דאָס זענין זיי , (ער האָט אָנגעװיזען אויף דער זייט װאו די פֿעדערן זענין אַװעקגעפֿלויגען) , און טאַקי דאַריבער האָבען מיך מיינע פֿאַר־שוינען ליעב .

– מען זאָל דיך , רבונו של עולם , אַזוי ליעב האָבען אין קבר , װי זיי האָבען דיך ליעב .

– גלויבסט נישט ? נאָ גלויב נישט , מיך אַרט דאָס נישט , װאָס װאָלסט דו אָבער געזאָגט װען דו זאָלסט זעהן װי איך פֿאָהר אַזוי מיט זיי אין װעג , דרויסען איז קאַלט , פֿון דעם הימעל בלאָזט , און חאָטש װער צװעצט קוקענדיג זעהט מען נישט קיין קרעטשמע װאו מען זאָל קענען נעמען אַביסל בראָנפֿין , – זאָלסט דו אַ שטייגער זעהן װי איך װאַרף מיך אַריין אין װאָגען , דאָ װערד צװישען זיי אַ געלעכטער , די שרייט : „אַ פּוס”, די – „אַ האַנד”, די לאַכט און שרייט : – צוקװעטשט נישט מיין קינד , און אַלע לאַכען מיט טרייטלען אַז עס איז אַ מחיה . –

— גֶעה שוין אִין דֶער עֶרְד אַרַיין, אָט גֶעהט בֶּעסֶער אַיימִיצֶער.

עֶם עֶפֶּענְט זִיךְ פַּאוָואלֶיע דִי טְהִיר אוּנ עֶס רוּקְט זִיךְ אַרַיין אַ יוּדֶענֶע פוּן אַ יָאהר פֶּערְצִיג, אַ בִּיסֶעלֶע סוּטִילֶעוַואטֶע, מִיט אַ סַךְ וַוייסֶע קְלוּמֶעקְלֶעךְ אִין דִי הֶאנְד, דָאס אִיז גֶעוֶוען חַ י י מְ שֶׁ ע דִ י גְ רִ י נֶ ע, דִי גֶעוִויסֶע אֵשֶׁת חַיִל, וֶועלְכֶע אִיהר גֶעדֶענְקְט גֶעוִויס פוּן אָנְהוֹיב פוּן אוּנְזֶער עֶרְצֶעהלוּנְג.

— חַא, חַא, חַא, הָאט זִיךְ טְרַייטִיל צוּלַאכְט, חַ י י מְ שֶׁ ע פָּאהרְט אוֹיךְ, וִוי לַאנְג אִיז אַז דוּ בִּיסְט גֶעוֶועזֶען? אַלֶע מָאנְטָאג אוּנ דָאנֶערְשְׁטָאג פְלִיהט זִי אִין מִקְוָה.

— זָאלְסְט אַזוֹי אִין זִינְגֶען הָאבֶּען צוּ לֶעבֶּען וִוי אִיךְ הָאבּ אִין זִינְגֶען דִי מִקְוָה, וִוי אִיךְ קֶען גָאר פָּאהרֶען, וִוי אִיךְ קֶען אַוֶועקְוַוארְפֶען דִי קְרָאם, נָאר אַ קְרֶענְק אוֹיף אִיהם, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אִיךְ זָאל אִיהם פַּטֶר׳ן פוּן דֶער וֶועלְט, ווָאלְט אִיךְ גֶעוואוּסְט אַז אִיךְ לֶעבּ. אַזוֹי דֶערְגֶעהְט עֶר מִיר גָאר דָאס בִּיסֶל יָאהרֶען. אַלְצְדִינְג הָאט עֶר אַרוֹיפְגֶעלֶעגְט אוֹיף מַיין קָאפּ, דִי קְלֵייט אִיךְ, דִי שְׁטוּבּ אִיךְ, דִי קִינְדֶער אִיךְ, אוּנ אַז מֶען דַארְף פָּאהרֶען — אִיז אוֹיךְ אִיךְ... אִיךְ זָאל אַזוֹי מִיט דִיר, טְרַייטִיל, אוּנ מִיט דִיר, דְוָואשֶׁע, — בִּיזְט דָאךְ אַוַודַאי אַיין עֶהְרְלִיכֶע יוּדֶענֶע — בַּאהִיט זַיין פַּאר אַלְדֶעם בֶּעז, אָט זִיצְט אַ פְרֶעמְד וַוייבֶּעל, זִי אִיז מַיין עֵדוּת — אַז אִיךְ דַארְף הָאבֶּען דִי מִקְוָה וִוי מִיר דַארְפֶען הָאבֶּען שְׁלֶעכְטֶס אוּנ יוּדֶען דֶעם גָלוּת, נָאר וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן? אַ קְרֶענְק אִין זַיינֶע בֵּיינֶער, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! אַז אִיךְ וֶועל אי״ה מִיט אַייךְ אַלֶע צוּרִיקקוּמֶען פוּן דֶעם וֶועג. זָאל אִיךְ אִיהם נָאר טְרֶעפֶען מִיט דִי פִּיס צוּ דֶער טְהִיר, וָואלְט אִיךְ שׁוֹין אוֹיךְ גֶעוואוּסְט אַז עֶס אִיז דָא אַ וֶועלְט. אִיבֶּער אִיהם, אִיבֶּער אִיהם הָאבּ אִיךְ אַלֶע צָרוֹת.

— וֶוער זֶשֶׁע גֵייטְה אַייךְ? זִיצְט מֶען אִין דֶער הַיים, פָּאלְגְט מֶען אִיהם נִישְׁט, אִיהר זֶענְט דָאךְ חַ י י מְ שֶׁ ע, עֶפִּיס נִישְׁט אַזַא יוּדֶענֶע וָואס אִיהר דַארְפְט אַלְץ יֶענֶעם פָּאלְגֶען, הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען דְוָואשֶׁע מִיט אַ רַחֲמָנוּת פָּנִים.

— פָּאלְגֶען? חָאלֶערֶע זָאל אַרַיין אִין זַיין בּוֹיךְ, אִין אַלֶע זַיינֶע אֵבְרִים, עֶר זָאל זִיךְ רַאטֶשְׁקֶעוֶוען אוֹיף אַלֶע פִיער, אַז קֵיין שׁוּם דָאקְטָאר זָאל אִיהם נִישְׁט קֶענֶען הֶעלְפֶען! אָט הָאט אִיהר אַייךְ פָּאלְגֶען!

— אָבֶער פָארְט וִוי אַזוֹי לָאזְט זִיךְ אַ יוּדֶענֶע אַזוֹי טְרֶעטֶען פוּן אַ מַאנְן אוֹיף דֶעם קָאפּ? אִיהר זֶענְט דָאךְ אַ מוּטֶער פוּן קִינְדֶער, אִיהר דַארְפְט דָאךְ אוֹיף אַייךְ אַלֵיין רַחֲמָנוּת הָאבֶּען, עֶר קֶען דָאךְ אַייךְ אַזוֹי חַס וְשָׁלוֹם טַאקִי אַזוֹי דֶערְגֶעהן אַיין עֶק, וֶוען אִיהר לָאזְט זִיךְ אַזוֹי טְרֶעטֶען.

— טְרֶעטֶען זָאלֶען אִיהם, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אַלֶע בֵּייזֶע יָאהר, אַלֶע שֵׁדִים אוּנ רוּחוֹת! דִי גְבֶערִים אוּנ דִי קִישְׁקֶעס זָאלֶען אִיהם אַרוֹיסְקְרִיכֶען, הִינְד זָאלֶען זַיי שְׁלֶעפֶּען אוּנ נִישְׁט וֶואלֶען עֶסֶען, אָט הָאט אִיהר אַייךְ טְרֶעטֶען!

— מֶען שְׁטֶעלְט זִיךְ אָבֶער אַנִידֶער אֵיינְמָאל אִיבֶּער אַלֶע מָאל „נֵיין״, וֶועט מוּזֶען בְּלַייבֶּען נֵיין, וָואס אִיז? אִיהר זֶענְט עֶפִּיס אַ פִּיצֶעלֶע מֵיידֶעלֶע, וָואס מֶען דַארְף אַייךְ

פִּיקְען אוּנְטֶער דֶער צוּנְג ? מֶען שֶׁעמְט זִיךְ גָאר נִישְׁט אוּנ מֶען שְׁטֶעלְט זִיךְ אַנִידֶער .

– שְׁטֶעלֶען זָאל מֶען אִיהם, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, נָאר פִּיַאוְוקִים אוֹיף אַלֶע אָדֶערן אֲפִילוּ אוֹיף דִי אוֹיגֶען ! אָט הָאט אִיהר אַייךְ שְׁטֶעלֶען ! וָואס זָאל אִיךְ טְהוּן צוּ מַיינֶע פִינְסְטֶערֶע יָאהְרֶען ? לִיעבֶּע דְוָואשֶׁע ! אַז עֶר – מַיין דָאלֶיע, טְרַייבְּט מִיךְ מִיט שְׁטֶעקֶענְס, טְרַייבֶּען זָאל עֶס אִיהם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם פוּן קַדָחַת, פוּן חָאלֶערֶע, פוּן אַלֶע בֵּייזֶע קְרֶאנְק ! עֶר זָאגְט אַז עֶר דַארְף אַוֶועק פָאהְרֶען אוֹיף הַיינְטִיגֶען שַׁבָּת צוּם רֶבִּין, זָאגֶען זָאל עֶר זַיין צוּם לֶעצְטֶען מָאל וִוידוּי, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם !

– נָא פָאלְגְט מֶען אִיהם נִישְׁט .

– אִיךְ הָאבּ דָאךְ אַייךְ שׁוֹין גֶעזָאגְט – פָאלְגְט נִישְׁט, פָאהְרְט נִישְׁט, וֶועל אִיךְ זִיךְ פַארְזִינְדִיגֶען דִי וֶועלְט אוּנ יֶענֶע וֶועלְט אוּנ אַלֶע זִיבֶּען וֶועלְטֶען אוּנ וֶועל מִיר שׁוֹין קַיין אָרְט נִישְׁט קֶענֶען גֶעפִינֶען, מֶען אִיז דָאךְ אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער ! קֶען אִיךְ דֶען נִישְׁט וֶואלֶען אַז עֶס קוּמְט דִי צַייט . אָבֶּער וִוי לַאנְג קְרֶענְקְט עֶר וִוי אִיךְ וֶועל מִיךְ אִיבֶּער אִיהם, אִיבֶּער אַזַא וִויסְטֶער דָאלֶיע מִיךְ פַארְזִינְדִיגֶען אוֹיף אֵייבִּיגֶע יָאהְרֶען אוּנ . . .

---

## V.

## וַוייבֶּערְשֶׁע רֵייד .

אַ קְלֵיינֶער לַיארם גֶעבֶּען דֶער טְהִיר הָאט אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען חַייטְשִׁים רֵייד .

דִי טְהִיר הָאט זִיךְ עֶפִּים אַלֶע מָאל גֶעעֶפֶענְט אוּנ פַארְמַאכְט, אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעוָוארְפֶען צוּ דֶער טְהִיר .

– גֶעה שׁוֹין אַרַיין, נָא וָואס שֶׁעמְסְט דוּ זִיךְ דָא ? הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט אַ קוֹל פוּן הִינְטֶער דֶער טְהִיר צוּזַאמֶען מִיט דֶעם סְקְרִיפּ פוּן דֶער טְהִיר, וֶועלְכֶע הָאט זִיךְ בַּאלְד וִוידֶער פַארְמַאכְט .

וֶוער וֵוייסְט בִּיז וַואנֶען אוּנ וִויפִיעל מָאל דִי טְהִיר וָואלְט זִיךְ גֶעוֶועזֶען גֶעעֶפֶענְט אוּנ פַארְמַאכְט, וֶוען טְרַייטִיל זָאל נִישְׁט גֶעוֶועןן צוּגֶעהְן אוּנ שְׁטַארְק אוֹיפְגֶעעֶפִינֶען דִי טְהִיר ; דֶערְמֶעלְט הָאט זִיךְ פַאוָואלֶיע אַרַיינְגֶעקוּקְט שְׁפְּרִינְצֶע-זַלְמָן-מָאטֶעל-גֶעלֶעם דִי יְרִידְנִיטְשֶׁקֶע, אוּנ הָאט פַאר זִיךְ מִיט בֵּיידֶע הֶאנְד גֶעשְׁטוּפְּט אִיהר טָאכְטֶער, חַנָה, וֶועלְכֶע הָאט נִישְׁט לַאנְג חַתוּנָה גֶעהַאט . נָאךְ זַיי הָאט זִיךְ אוֹיךְ פַאוָואלֶיע אַרַיינְגֶערוּקְט אִיהר מַאנן, בֶּערִיל פְלַאסְטֶער, עֶר הָאט נָאכְגֶעטְרָאגֶען עֶטְלִיכֶע קְלוּמֶעקְלֶעךְ .

דָאס אִיז דִי אֵיינֶענֶע חַנָה, וֶועלְכֶע וִוי דִי לֶעזֶער גֶעדֶענְקֶען, הָאט מֵיידִיל-וַוייז, וֶוען זִי הָאט גֶעהַאפְּט „אַ גֶעזָאגֶעכְטְס" מִיט דָוִד'ן, בְּשַׁעַת דֶער שְׂרֵפָה פוּן דֶער בָּאד, הָאט זִי גֶעזָאגְט אַז זִי וֶועט קַיין מָאל נִישְׁט חַתוּנָה הָאבֶּען . נָאר וִוי אִיהר זָעהט, אִין דִי דְרַיי יָאהר הָאט זִי זִיךְ אִיבֶּערְצַייגְט אַז מֶען מוּז חַתוּנָה הָאבֶּען .

פַאר וֶועמֶען הָאט זִי חַתוּנָה גֶעהַאט ? עֶס פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ אַז נִישְׁט פַאר דֶעם וָואס זִי הָאט לִיעב גֶעהַאט – פַאר אִיהר דָוִד׳ן. חַנָה הָאט אֲפִילוּ דֶערפוּן אַבִּיסל יְסוּרִים גֶעהַאט, נָאר דָאס אִיז אוֹיךְ קֵיין גְרוֹיס אוּמְגְלִיק נִישְׁט, וִוי זָאגְט מֶען עֶפִּים: פוּן אַלֶע לִיעבֶּעס לָאזְט זִיךְ אוֹיס אַ טַייךְ, אֲפִילוּ אִין דִי גְרֶעסְטֶע שְׁטֶעדְט, הַיינְט קֶענְט אִיהר שׁוֹין פַארְשְׁטֶעהן וָואס פַאר אַ טַייךְ עֶס וֶוערְט פוּן אַ לִיעבֶּע אִין אַזַא מִין שְׁטָאדְט וִוי זְלִידְנִיוְקֶע.

אוּמְגְלִיקְלִיכֶע חַנָה! אַז דִי מוּטֶער הָאט אִיהר גֶעזָאגְט: וִוי דֶערְלֶעבּ אִיךְ שׁוֹין צוּ שְׁטֶעהֶן אוּנְטֶער דַיין חוּפָּה! הָאט זִי גָאר נִישְׁט גֶעעֶנְטְוֶוערְט – זִי הָאט זִיךְ נָאר גֶעטְרַאכְט: אִיךְ וֶועל זָאגֶען דֶער מַאמֶען, אַז אֲפִילוּ פַאר דָוִד׳ן וֶועל אִיךְ אוֹיךְ נִישְׁט חַתוּנָה הָאבֶּען . . .

אוּנ זִי הָאט דָאס טַאקִי גֶעזָאגְט דֶער מוּטֶער . . . זִי הָאט בַּאלְד בַּאקוּמֶען אַ תְּשׁוּבָה:

– קוּק זִי נָאר אָן, וָואס אִיז אֲפִילוּ פַאר דָוִד׳ן? קֵיין קַאטָאוֶועס נִישְׁט! וֶוער אִיז זַיין מַאמֶע אוּנ וֶוער אִיז אִיהר טַאטֶע? פוּן וֶועמֶען קוּמְט אַרוֹיס אִיהר מַאמֶע? זִי דַארְף זִיךְ, דַאכְט מִיר, נָאךְ וַואשֶׁען אִין צֶעהן וַואסֶערן אֵיידֶער עֶס זָאל מִיר אָנְשְׁטֶעהֶן מִיךְ מְשַׁדֵךְ צוּ זַיין מִיט אִיהר. וֶוען עֶס זָאל קוּמֶען אַ שַׁדְכָן מִיר אָנְשְׁלָאגֶען אַזַא שִׁידוּךְ, וָואלְט עֶר גֶעעֶפֶענְט בַּיי מִיר מִיט דֶעם קָאפּ דִי טְהִיר, אוּנ דוּ – מַיין אֵייגֶען קִינְד, מַיין בְּלוּט אוּנ פְלֵייש, הָאסְט נָאךְ אַזַא פִּיסְקַאטְשׁ מִיר פָארְצוּלֶעגֶען אַזַא שִׁידוּךְ. אוּנ וָואס אִיז גָאר דַיין גֶעשֶׁעפְט צוּ זָאגֶען דֵעוֹת אוֹיף אַ שִׁידוּךְ? הָאסְט ב״ה אַ מַאמֶע בִּיז הוּנְדֶערְט אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר, וָואס מֶען דַארְף אִיהר, ב״ה נִישְׁט פִּיקֶען דִי צוּנְג, אוּנ וַוייסְט וָואס עֶס שְׁטֶעהט אָן אוּנ וָואס נִישְׁט.

– מַאמֶע, אִיךְ זָאג דֶען אַז אִיךְ ווילל חַתוּנָה הָאבֶּען פַאר אִיהם?

– וָואס הָאסְט דוּ גָאר צוּ זָאגֶען אוּנ וֶוער הֶערְט דִיךְ? הָאט אִיהר דִי מוּטֶער גֶעעֶנְטְוֶוערְט.

פוּן דֶעמֶעלְט אָן הָאט זִי שׁוֹין מִיט אִיהר וֶועגֶען דֶעם נִישְׁט גֶערֶעדְט אוּנ נִישְׁט גֶעפְרֶעגְט.

שְׁטִיל אָהן וֶוארְטֶער פְלֶעגְט חַנָה אוֹיסְהֶערֶען דֶעם שַׁדְכָן וִוי עֶר פְלֶעגְט רֶעדֶען שִׁידוּכִים, שְׁטִיל אָהן וֶוארְטֶער אִיז זִי אַ כַּלָה גֶעוָוארֶען, אוּנ אָהן וֶוארְטֶער הָאט זִי חַתוּנָה גֶעהַאט.

יָא, אָהן וֶוארְטֶער! . . . חַנָה הָאט אַזוֹי חַתוּנָה גֶעהַאט וִוי דֶער גְרֶעסְטֶער טְהֵייל יוּדִישֶׁע טֶאכְטֶער הָאבֶּען חַתוּנָה: מֶען פְרֶעגְט גָאר נִישְׁט בַּיי זֵיי, זֵיי וַוייסֶען כִּמְעַט נִישְׁט וִוי מֶען שְׁפִּיעלְט מִיט זֵייעֶר לֶעבֶּען אַזוֹי גְרִינְג, אַזוֹי וָואלְוֶועל, פוּנְקְט וִוי מֶען פַארְקוֹיפְט עֶטְלִיכֶע אַרְשִׁין צִיץ אוֹיף אַ קְלֵייד, מֶען פִיהרְט זֵיי אוּנ זֵיי גֶעהֶען נָאךְ וִוי שָׁאף, וֶועלְכֶע גֶעהֶען אֲפִילוּ אִין פַייעֶר אַרַיין וֶוען מֶען פִיהרְט זֵיי אַהִין.

צוּ דֶער חַתוּנָה הָאט שְׁפְּרִינְצֶע דִי מְחוּתֶּנֶת׳טֶע נִישְׁט גֶעזְשַׁאלֶעוֶועט אוּנ גֶעדוּנְגֶען אַ בֶּאזוּנְדֶערֶע פוּהְר אוּנ אִיז מִיט דֶער כַּלָה מִיטְגֶעפָאהרֶען קֵיין בּוֹלְוַאנָאוְקֶע, נָאר אַזַא

לוּקסוּס ווי אַ באַזונדערע פוּהר, קען מען נאָר אויספיהרען איין מאָל, ווען מען איז אַ כַּלָה, אָבער נישט שטענדיג. ווי איז דאָס געוועזען פאַר שפּרינצעס בייטעל?

שפּרינצע האָט זי געלערנט טהון וואָס זי טהוט, ד. ה. וואָס אַלע זליִדניוועקער ווייבער און ווייבלעך טהון: געהען צו דוואָשען, פאָהרען מיט טרייטלען. נאָר חאָטש האַקט און בראָקט זי, האָט זי נאָר געוויינט און געוויינט, און נישט געוואָללט פאָהרען. די מוטער האָט זי געזידעלט, געשאָלטען וויפיעל זי האָט נאָר געקענט און אַליין אויך געוויינט:

– סטייטש, ביי לייטען זענין די קינדער גאָר אַנדערש, אַ מיידעל האָט חתונה און ווייסט דערנאָך אַליין ווי זיך צו פיהרען, מען דאַרף זי גאָר נישט לערנען, נאָר ביי מיר, אומשטיינס געזאָגט, דאַרף זיין נים ווי ביי יודען. וואָס איז זי עפּים אַזאַ פּיצעלע קינד איך זאָל האָבען מיט איהר צו טהון מיט אַזוינע געשעפטען?

נאָר אַז זי האָט געזעהן אַז עס העלפט נישט קיין שרייען און קיין זידלען, האָט זי זיך אויך מיישב געוועזען – וואָרום ווי זאָגט מען: וואָס טהוט דען נישט אַ מאַמע פאַר אַ קינד? – און האָט זיך אַזוי אויסגערעכנט, אַז עס זאָל איהר אויסקומען צו פאָהרען אין איינעם מיט איהר טאָכטער. בעריל, וועלכער איז אין דעם טאָג געביך געבליבען אַליין אָהן זיין שפּרינצען און אָהן זיין טאָכטער, איז זיי געגאַנגען בעגלייטען, און ווידער ווער זאָל טאַקי שפּרינצען נאָכטראָגען די אַלע קלומיקעס ווען נים בעריל? וואָס איז, זי האָט דען דאָס נישט פאַרדיענט ביי איהר מאַנן?

– אַ גוּט העלף אייך! האָט זי געזאָגט חייטשען, ווען עס האָט זיך געעפענט דוואָשעס טהיר און זי האָט זי דערזעהן, – אַגוּט העלף אייך, דוואָשע! – טרייטיל פאָהרט שוין באַלד? אָט אַזוי, ליעבע חייטשע, האָט מען, אַז מען ווערט אַ יודישע טאָכטער און מען האָט אַ מאַנן מיט קינדער! בעריל, האָט זי זיך אומגעקעהרט צו איהר מאַנן, וואָס שטעהסט דו? לעג אַנידער די קלומיקליך און געה אַהיים, ווער ווייסט וואָס עס טהוט זיך שוין אין דער היים אָהן מיר?...

בעריל האָט אָהן וואָרטער אַוועקגעלעגט די קלומיקלעך און איז זיך אַוועקגעגאַנגען.

– אַזוי איז אַז מען ווערט, האָט שפּרינצע ווייטער אָנגעהויבען – אימשטיינס געזאָגט, גאָט זאָל מיך נישט שטראָפען פאַר די רייד, אַז מען ווערט אַ בעל ביתטע, איידער מען רייסט זיך אַרוים פון דער שטוב! דאָס דאַרף מען אָנזאָגען, יענץ דאַרף מען טהון. אוי, אַ דוגער האָט מיך, אויף מיינע שונאים געזאָגט, דערשלאָגען, איך האָב שוין גאָר פאַרגעסען! איך מיט אייך, ליעבע חייטשע, מיט אַלע אונזערע גוטע פריינד און כּלל ישׂראל זאָלין אַזוי פאַרגעסען אָן באַז ווי איך האָב פאַרגעסען... בעריל! בעריל! האָט זי אָנגעהויבען שרייען און איז אַרויסגעלאָפען איהם צוריקרופען, נאָר בערלין האָט מען שוין נישט געזעהן, און זי האָט זיך צוריק אומגעקעהרט.

– אָט, אימשטיינס געזאָגט, דער קאָפּ איז מיר אַזוי פאַרשלאָגען אַז איך האָב גאָר פאַרגעסען און איהם האָט עס שוין אַוועקגעטראָגען, טאָמער ווייסט איהר וואָס ער

האט קיין צייט נישט ? זיינע געשעפטען זענען קיין קאטאוועס נישט, איהר ווייסט דאך, ליעבע חייטשע – איהר זאלט מיר געזונד זיין – וואס האב איך פון איהם ? חלעבען, עולם הבא וועל איך אזוי אויך האבען, ווייל וואס האב איך אזוינס געזינדיגט פאר דעם וואס לעבט אייביג ? . . אוי, א דונער האט מיך דערשלאגען ! איך וואלט נאך פארט געלאפען אהיים, אדער געשיקט מיין חנה-לע, איך זאל וויסען אז ר׳ טרייטיל וועט נאך אזוי גיך נישט פאהרען.

– וואס האט איהר דען אזוינס פארגעסען אין דער היים ? האט זי געפרעגט חייטשע.

– וואס איך האב פארגעסען ? איהר געדענקט דאך דעם האן וואס איך האב אויך דעם פאר פירוואכענדיגען יריד געקויפט ביי דער ערלית, איהר האט איהם דאכט זיך אויך געדונגען, חלעבען עס וואונדערט מיך וואס איהר האט נישט פריבאווזט צוויי גראשען, וואלט איהר איהם געוועזן געקויפט, איהר זאלט איהם הייגט אנקוקען וואלט איהר איהם גאר נישט דערקאנט; ער וועט אין דער מהיר נישט אריין, און איך האב גאר פארגעסען אז איך דארף איהם היינט שחטען, ער האדעוועט זיך שוין ביי מיר זעקס און צוואנציג טאג, און דא האב איך נאך פארגעסען צו פארבינדען דעם זאק פראסע, ווער ווייסט צו איך וועל איהם גאר נאך טרעפען, אז מיר וועלען בשלום קומען צוריק, חלעבען א שאד, דאס הארץ וויינט מיר אז איך דערמאן מיך . . . ער קאסט מיך שוין בודאי – איך וויים גאר ניט וויפיעל. און ווידער די שבת-דיגע שיסעל, וועלכע איך האב בירושה פון מיין מאמען, זי זאל האבען דעם ליכטיגען גן עדן, וואס זי האט מיר דערצעהלט אז ווען דער טאטע איז געפאהרען קיין בראד, האט ער פאר איהר באצאהלט א זילבערן קערביל, הייגט איז זי געווים ווערטה . . .

דאס פרעמדע ווייבעל, וועלכע איז די גאנצע צייט געזעסען אן א זייט און האט אויסגעהערט אלץ וואס זיי האבען גערעדט, האט זיך פאוואלי צוגערוקט נעהנטער און זיך פליצים אנגערופען:

– איך בין א פרעמדע, איך הער אלץ וואס איהר רעדט. איך בין נישט פון קיין גאנץ גרויסער שטאדט, נאר פארט נישט אזא קליינשטאדטעלדיגע ווי א זליד-ניוועקער, איהר זאלט מיר מוחל זיין וואס איך האב אייך איבערגעשלאגען, איך בין אויך א יודישע טאכטער, איך הער אלץ ווי איהר רעדט פון דעם האן אז איהר האט איהם נעהאנדעלט א מציאה . . .

– מען זאל איהם נאר הייגט ביי מיר נישט פארגעסען צו שחטען. וואלט ער טאקי געוועזען א מציאה וואס קען זיין וועלוועלער פון צוויי און פערציג גראשען א האן ?

– איך מוז אייך זאגען דעם אמת אז דאס איז אויך פון די יודישע כשרה מציאות וואס קאסטען שטענדיג א כך טהייערער און מען האט קיין מאל פון זיי קיין הנאה נישט. איך בין אויך ב״ה, איך זאל נישט פארזינדיגען, א בעל בית-טע ביז הונדערט און צוואנציג יאהר, איך פלעג אויך אזוי מיינען, נאר איך האב מיט מיין מאנן זאל לעבען א צייט געלעבט אין א גרויסער שטאדט, האב איך מיר איבערצייגט, אז די אלע יודישע מציאות קאסטען אונז א סך טהייערער. אט וועל איך אייך ווייזען וואס אונז,

יוּדִישֶׁע וַוייבֶּער, קָאסְט אַ הָאן, וַוייל אִין דֶער אֱמֶת צְווייא אוּנ פֶערְצִיג גְרָאשֶׁען אַ הָאן, וָואס קֶען נָאךְ זַיין וָועלְוָועלֶער? נָאר לָאמִיר זֶעהֶען וָואס קָאסְט אוּנְז אַזַא הָאן: וָוען קוֹיפְט אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער אַ הָאן? נָאר אַז עֶס אִיז אַ יָרִיד, אָדֶער אַ מַארְקְטָאג. וַוייל אִין אַ פְּשׁוּטֶען טָאג, וִוי וֶועט זִי קֶענֶען קוֹיפֶען אַ מְצִיאָה? אִין אַזַא טָאג גֶעהט אַ יוּדִישֶׁע בַּעַל־בַּיִת־טֶע אַרוּים, דִינְגְט בַּיי דֶעם בַּיי יֶענֶעם גוֹי, אַיינֶע זוּכְט אוֹיסצוּדִינְגֶען בַּיי דֶער אַנְדֶערֶער, עֶס קוּמְט צוּ מַחֲלוֹקֶת, מֶען זִידֶעלְט זִיךְ, בִּיז מֶען הַאנְדֶעלְט אוֹים דִי מְצִיאָה אוּנ מִיט גְרוֹים בֶּהָלוֹת בְּרֶענְגְט מֶען זִי אַהֵיים. — אִיצְט הֵייבְּט זִיךְ אָן דִי דַאֲגָה מִיט הָארֶאוֶוען, עֶס טְהוּט זִיךְ חוֹשֶׁךְ אַז דִי דִיענְסְט פַארְגֶעסְט צוּ דֶער צַייט דֶעם הָאן צוּ גֶעבֶּען פְּרֶאסֶע. אוּנ וֶוענִינְסְטֶען מוּז מֶען דֶעם הָאן הָארֶאוֶוען חָאטְשׁ דְרֵיי וָואכֶען, אָט אִין דֶער צַייט וָואס טְהוּט עֶר נִישְׁט אִיבֶּער! וִוי צוּבְּרֶעכְט עֶר נִישְׁט עֶטְלִיכֶע גְלֶאזֶער, טֶעלֶער, אַ פָּאר שִׁיסְלֶען, אַ צְווייא שׁוּיבֶּען אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע שְׁטוּב זַאכֶען; הַיינְט וִוי צוּ סְקַאלִיטְשִׁיט עֶר נִישְׁט עֶטְלִיכֶע קִינְדֶער! אוֹיסֶער דֶעם פַארְגֶעסְט נִישְׁט אַז אִיבֶּער אִיהם קֶען קֵיין מָאל נִישְׁט זַיין אִין שְׁטוּב אוֹיפְגֶערוּימְט, חוּץ וָואס עֶר טְהוּט אָן אַנְדֶערֶע צָרוֹת דֶער בַּעַל־בַּיִת׳טֶע, וִוי לְמָשָׁל, אַז עֶר פַארְשְׁמִירְט אַ בְּלַאט לָאקְשֶׁען, אָדֶער עֶר לָאזְט בַּיי נַאכְט נִישְׁט שְׁלָאפֶען. בַּארֶעכֶענְט נָאךְ דֶעם וָואס דִי מְצִיאָה קָאסְט אַייךְ. פַאר וֶועלְכֶער אִיהר הָאט טַאקִי נִישְׁט מֶעהר גֶעצָאהלְט וִוי צְווייא אוּנ פֶערְצִיג גְרָאשֶׁען!

שְׁפְּרִינְצֶע אוּנ דִי אִיבְּרִינֶע וַוייבֶּער וֶועלְכֶע הָאבֶּען אִין דֶער צַייט וָואס דָאס פְרֶעמְדֶע וַוייבֶּעל הָאט גֶערֶעדְט, זִיךְ גֶאהנְטֶער צוּזַאמֶען גֶערוּקְט, הָאבֶּען אִיצְט פַארְצוֹיגֶען דִי מַיילֶער, אוּנְמֶערְגֶעשְׁפַּארְט זִיךְ מִיט דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד, גֶעמַאכְט רַחֲמָנוֹת פֶּנִימֶער. שְׁפְּרִינְצֶע הָאט מִיט אַ פַארְוַויינְט פְּרוּם פָּנִים זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען:

— אִיז עֶס דֶען נִישְׁט אַזוֹי? יוּדֶען גֶעפִינֶען זִיךְ אִין גָלוּת אוּנ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער וֶוערֶען פַארְשְׁוַוארְצְט, אַז אֲפִילוּ פוּן אַ הָאן וָואס זַיי קוֹיפֶען אִין שְׁטוּב אַרַיין, הָאבֶּען זַיי אוֹיךְ צָרוֹת. בַּיי קְרִיסְטֶען וָואס הָאבֶּען אֶפְשַׁר פֶערְצִיג הָאהנֶער, הוּנְדֶערְט הִיהנֶער אוּנ פִיעל אַנְדֶערֶע עוֹפוֹת, אִיז גָאר נִישְׁט, בַּיי זַיי דְרֶעהֶען זִיךְ דִי עוֹפוֹת שְׁטֶענְדִיג אַרוּם אוֹיף דֶער גַאס, אַרוּם דֶער שְׁטוּב, אוּנ וֶוערֶען נִישְׁט פֶערְפַאלֶען, זַייעֶר עֶסֶען קָאסְט זַיי קֵיין גֶעלְד נִישְׁט, זַיי גֶעפִינֶען זִיךְ דָאס עֶסֶען אוֹיף דֶער גַאס, נָאר בַּיי יוּדֶען — מֶען זָאל נִישְׁט זִינְדִיגֶען מִיט דִי רֵייד — אַז מֶען דַארְף הָאבֶּען אַ הָאן אוֹיף שַׁבָּת, טְהוּט זִיךְ אוֹיף טִישׁ אוּנ אוֹיף בֶּאנְק עֶס קָאסְט גֶעלְד, מֶען לוֹיפְט זִיךְ אָן אַ גַאנְצֶען טָאג, מֶען עֶסְט נִישְׁט, מֶען טְרִינְקְט נִישְׁט, מֶען קוֹיפְט אִיהם אוֹיף צוּ הָארֶאוֶוען, קָאסְט וַוייטֶער גֶעלְד, מֶען מוּטְשֶׁעט זִיךְ נָאר אָן אוּנ מֶען הָאט קֵיין מָאל קֵיין הֲנָאָה נִישְׁט, נָאר וָואס הָאבֶּען מִיר זִיךְ צוּ קְלָאגֶען פַאר דֶעם וָואס לֶעבְּט אֵייבִּיג? יוּדֶען זֶענִין שׁוֹין אִין גָלוּת פוּן אַזוֹי פִיעל יָאהרֶען. נָאךְ וָוען דֶער בַּעַל שֵׁם — עֶר זָאל פַאר יוּדֶען זַיין אַ גוּטֶער מֵלִיץ, זַיין זְכוּת זָאל אוֹיף אוּנְז מֵגִין זַיין — הָאט גֶעלֶעבְּט, זֶענִין שׁוֹין יוּדֶען גֶעוֶוען אִין גָלוּת אוּנ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער זֶענִין שׁוֹין פַארְשְׁוַוארְצְט גֶעוָוארֶען. הַיינְט וָואס הָאבֶּען מִיר, זִינְדִיגֶע וַוייבֶּער, אִיצְטֶער צוּ רֶעדֶען, מִסְתָּמָא הֵייסְט גָאט אַזוֹי, מוּזֶען מִיר אָנְנֶעמֶען פַאר לִיעבּ פוּן זַיין לִיעבֶּען נָאמֶען, וָוארוּם מִסְתָּמָא זֶענִין מִיר אַזוֹי וֶוערְט...

שְׁפְּרִינְצֶע הָאט נָאךְ דִי וֶוארְטֶער גֶענוּמֶען דָאס טִיכֶעל צוּ דִי אוֹיגֶען אוּנ גֶעגְהוּן אַ גְרוֹיסֶען זִיפְץ, אַלֶע וַוייבֶּער הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ גֶעווִישְׁט דִי אוֹיגֶען, דִי הָאט אַ קְרֶעכְץ גֶעטְהוּן, דִי אַ זִיפְץ אוּנ אַ חְלִיפּ. נָאר דָאס פְרֶעמְדֶע וַוייבֶּעל הָאט זִיךְ קֵיין אָרְט נִישְׁט גֶעפוּנֶען אוּנ אַלֵיין נִישְׁט גֶעוואוּסְט וָואס צוּ טְהוּן, עֶטְלִיכֶע מָאל הָאט זִי זִיךְ גֶעפְּרִיוְוט עֶפִּיס זָאגֶען אוּנ פָאְרט נָאר נִישְׁט גֶעזָאגְט, עֶפִּיס הָאט עֶס אִיהר נִישְׁט גֶעפַּאסְט, זִי הָאט זִיךְ וִוי גֶעשֶׁעמְט, נָאר עֶנְדְלִיךְ הָאט זִי אוֹיךְ אַ קְרֶעכְץ גֶעטְהוּן.

וָואס זִי הָאט גֶעמֵיינְט מִיט דֶעם קְרֶעכְץ אִיז שְׁוֶוער צוּ פַארְשְׁטֶעהן, נָאר גֶעווִיס אִיז אִיהר קְרֶעכְץ נִישְׁט גֶעוֶוען דֶער אֵייגֶענֶער וָואס בַּיי שְׁפְּרִינְצֶען אוּנ בַּיי אַלֶע אַנְדֶערֶע וַוייבֶּער.

VI.

## טְרַייטִיל גֶעוֶועלְטִיגְט.

– אַלֶע וַוייבֶּער זֶענִין שׁוֹין דַאכְט זִיךְ דָא אוּנ מֶען פָאהְרְט נִישְׁט, אִיז אַרַיין ווי אַ שְׁטוּרֶם חַיִים גֶעצִים טָאכְטֶער, יוֹסִיל דֶעם אֵיידֶעמְס וַוייבּ, דִי אֵייגֶענֶע וָואס אִיז שׁוֹין פְרִיהֶער גֶעוֶוען, הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט דָאס קְלוּמֶעקִיל, גֶעפְרֶעגְט צוּ מֶען פָאהְרְט בַּאלְד, אוּנ דֶערְוַוייל עֶרְגִיץ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען, דָאסזֶעלְבֶּע וַוייבֶּעל אוֹיף וֶועלְכֶער טְרַייטִיל הָאט גֶעזָאגְט דְוָואשֶׁען, אַז אַזַא גָאלְד וֶועט עֶר גֶענֶעמֶען אוּמְזִיסְט גָאר אָהן פוּהרְגֶעלְד.

– וואוּ אִיז טְרַייטִיל אוֹיסגֶעטְרִיקֶענְט גֶעוָוארֶען? הָאט זִי וַוייטֶער גֶעפְרֶעגְט.

– עֶר אִיז מִסְתָּמָא אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען צוּם וָואגֶען, עֶר וֶועט מִסְתָּמָא בַּאלְד קוּמֶען, אָט נֶעהְט עֶר טַאקִי שׁוֹין...

– אַ, הַא! אִיז אַרַיין טְרַייטִיל מִיט דֶער בַּייטְשׁ, זֶענִין שׁוֹין דָא אַלֶע וַוייבֶּער?

– שׁוֹין דָא, שׁוֹין דָא, אוּנ אִיהר קְלוֹיבְּט זִיךְ נָאךְ, הָאט גֶעעֶנְטְוֶוערְט יוֹסִיל דֶעם אֵיידֶעמְס וַוייבּ.

– אוֹי נֵיין, אִיךְ זֶעה נָאךְ נִישְׁט אַלֶע.

– עֶס אִיז אַייךְ קַארְג דִי וֶועלְט, אָט וַוארְף אִיךְ אַייךְ גָאר אַוֶועק,

– חֶע, חֶע, חֶע, הָאט טְרַייטִיל זִיךְ צוּלַאכְט, אַזַא גָאלְד וִוי דוּ וֶועט מִיךְ אַוֶועקְוַוארְפֶען? מִיט וֶועמֶען וֶועסְט דוּ פָאהְרֶען? סַיידֶען דוּ בִּיזְט שׁוֹין גֶעוָוארֶען אַזַא פְרוּם וַוייבֶּעל אַז צוּ לִיעב אַ מִצְוָה וִוילְסְט דוּ גֶעהְן צוּ פוּס – וִוי מַיין בָּאבֶּע צִירְל דִי צַדֶקֶת פְלֶעגְט טְהוּן. –

– זָארְגְט זִיךְ נִישְׁט פַאר מִיר. צוּ אִיךְ וֶועל גֶעהְן אָדֶער פָאהְרֶען, דָאס אִיז שׁוֹין מַיין זַאךְ. לָאמִיר בֶּעסֶער גִיכֶער פָאהְרֶען, אַלֶע וַוייבֶּער זֶענִין שׁוֹין דָא אוּנ עֶס אִיז שׁוֹין נִישְׁט פְרִיה.

– חֶע, הֶע, חֶע! וֶוער דֶען זָאל פַאר דִיר זָארְגֶען, נְשָׁמָה מַיינֶע, וֶוען נִישְׁט אִיךְ? נָאר אִיךְ וִויל זִיךְ מִיט דִיר נִישְׁט קְרִיגֶען, בַּאלְד וֶועלֶען מִיר אִיבֶּערְצֵאהלֶען, נָא אִיהְ

װעל אָנהײבּען פון דיר — קײן נישט פון דיר, דיך רעכען איך נישט פאַר קײן פאַרשױן, דו בּיזט דאָך גאָר אַ גאָלד, אַ נשמה.

טרײטיל הײבּט אָן צו צעהלען פון אײן אַנדערער:

— ניט אײנס, ניט צװײ... ניט פינף... ניט זיבּען... ניט נײן, נאָ און דיך, דװאָשקעלע, אױך רעכענען, װאָרום עס איז קאַרג פאַרשױנען; װאו איז פײװיש, ער איז נאָך ניט דאָ, אַ פּנים, עס איז נאָך פריה און דו, גאָלד, בּײזערסט זיך נאָך!

— גײ שױן, גײ, אַלטער לץ, האָט זיך אָנגערופען דװאָשע, פײװיש װעט שױן מסתּמא בּאַלד קומען.

— אַ! צעהלען זאָל מען שױן אײך די יאָהרען, אַלטער הונד, האָט זיך אָנגערופען יוסיל דעם אײדעמס װײב, נאָ, און איך די צעהנטע — איז אײך קאַרג?

— חע, חע, חע! מיט צעהן װײבּער װעל איך אפילו נישט האָבּען װאו זיך אָנצושפּאַרען אַז איך װעל װאָללען דרומלען אין װעג.

— אױ, רבונו של עולם! עס זאָל זיך נאָר פון אײך אַזױ אַלע טאָג צאַפּען לעבּעדיגערהײט דאָס בּלוט, װי איהר צאַפּט עס פון אונז, האָט װײטער געזאָגט יוסיל דעם אײדעמס װײב.

— נאָ, נאָ, בּײזער זיך נישט, מײן טהײער גינגאָלד, אָט האָסט דו שױן געװאָללט אַװעקפאָהרען און צו אונז געהט מען נאָך, אָט זעה דורכ'ן פענסטער װי מען געהט צו אונז.

טרײטיל קוקט עטליכע מינוט דורך דעם פענסטער און צולאַכט זיך פּלוצים שטאַרק:

— יאָ, יאָ, חלעבּען צו אונז... טרעפט װער? חע, חע, חע! קום זיך דערלעבּט...

אַלע װײבּער װאַרפען זיך צום פענסטער און דװאָשע אױך.

— אַ מאַנסבּיל... האָבּען זײ געזאָגט.

— יאָ, חלעבּען, ער... חע, חע, חע, האָט זיך טרײטיל און דערנאָך דװאָשע צולאַכט.

— ער, װי איך בּין אַ יוד, גאָדעל גאַנטע, גאָדעל מוזשיק, װי אַזױ רופט מען איהם דאָרט נאָך?...

אײניגע װײבּער האָבּען אָנגעהױבּען שמײכלען און געפרעגט:

— װער ער? דער קמצן, דער סקריאַגע.

— װער ער? דער מוזשיק, װאָס פאַר אַ גראָשען װאָלט ער זיך מיט װײב און קינדער אױפגעהאָנגען?

— װאָס ער? װאָס פאַר פינף יאָהרען אַז דאָס װײב איז בּײ איהם געשטאָרבּען, האָט ער נישט געװאָללט נאָך אַמאָל חתונה האָבּען, ער זאָל נישט מעהר זײן קײן בּעל הוצאה?

— אָט דער סקנאַר װאָס עסט פאַרשימעלט בּרױט און די קערבּלעך שימלען בּײ איהם!

– אִיךְ ווייס נָאךְ וָואס עֶר גֶעהט, הָאט זִיךְ טְרַייטִיל אָנְגֶערוּפֶען, עֶר הָאט זִיךְ אַרָאבְּגֶעבְּרַאכְט דָאס נַייֶע וַוייבּ! דְוָואשֶׁע! דוּ זָאלְסְט זִיךְ אִיצְט נִישְׁט מִישֶׁען, דָא וֶועט זַיין אַ פֶּעט בֵּיינְדֶעל. אִיךְ הָאבּ גֶעוואוּסְט אַז הַיינְט מָארְגֶען וֶועט עֶר מוּזֶען אָנְקוּמֶען צוּ מִיר...

בַּיי דִי רֵייד הָאט זִיךְ שְׁטִילֶערְהֵייט גֶעעֶפֶענְט דִי טְהִיר אוּנ גַאנְץ פַּאוָואלְיֶע מִיט גֶעצֶעהלְטֶע טְרִיט הָאט זִיךְ אַרַיינְגֶערוּקְט אַ קְלֵיין יוּדֶעל, נָאר בֶּאֱמֶת אַ פֶּעטס, מִיט אַ גְרוֹיס פַארְשְׁמַאלְצֶעווִיט הִיטֶעל מִיט אֵיין אַלְטֶען דַאשִׁיק, אַ קַאפָּאטֶע, אָבְּגֶעבְּלַיאקִיוִויט פוּן דֶעם רֶעגֶען אוּנ אָבְּגֶעריבֶּען פוּן דִי טַאפְּשַׁאנִים אִין דִי קְרֶעטְשְׁמֶעס, פַארְשְׁפִּילִיט אוֹיף גְרוֹיסֶע זֶעקְס בֵּיינֶערְנֶע קְנֶאפּ פוּן אַלֶערְלֵיי קָאלִירֶען, דֶעם הַאלְז פַארְבּוּנְדֶען מִיט אַ גְרוֹיסֶער פַאטְשֵׁיילֶע מִיט צְווֵיי קְנִיפֶּען, אִין דֶער הַאנְד הָאט עֶר גֶעהַאלְטֶען אַ גְרָאבֶּען סָאסְנָאוֶוע אָבְּגֶעפַּארְבְּטֶע שְׁטֶעקֶען מִיט אַ אָבְּגֶעהִיבְּלִיוִויטֶע וַוייסֶען הִילְצֶערְנֶעם קְנָאפּ; פוּן דִי הִינְטֶערְשְׁטֶע צְווֵיי קֶעשֶׁענִים הָאבֶּען אַרוֹיס גֶעשְׁטֶעקְט צְווֵיי גְרוֹיסֶע צִיצֶענֶע נָאז-טִיכְלֶעךְ, אַלְטֶע אוּנ שְׁטַארְק פַארשְׁמָאלְצִיוִויטֶע. זַיין פְּנִים הָאט אוֹיסְגֶעזֶעהן פַארְזָארְגְט אוּנ אַיינְגֶעקְנֵייטְשְׁט, אַזוֹי אַז טְרַייטִיל אוּנ דִי וָואס הָאבֶּען אִיהם גֶעקָאנְט, הָאבֶּען זִיךְ זֶעהר פַארְוואוּנְדֶערְט אוֹיף זַיין פַארְזָארְגְט רַחֲמָנוּת פְּנִים, דֶען זֵיי הָאבֶּען אִיהם נָאר נִישְׁט גֶעקֶענְט פַאר אַזַא טְרוֹיערִיגֶען אוּנ פַארְשְׁווִיגֶענֶעם.

– אַ גָאטֶעט הֶעלְף דִיר, טְרַייטִיל, וָואס מַאכְסְט דוּ עֶפִּיס דְוָואשֶׁע? הָאט עֶר גֶע-זָאגְט אַוֶועק שְׁטֶעלֶענְדִיג דֶעם שְׁטֶעקֶען אִין דֶער זַייט אוּנ הָאט זִיךְ פַּאוָואלִי אַרָאבּ גֶעלָאזְט אוֹיף דֶעם בַּאנְקְבֶּעטֶעל, וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען גֶעבֶּען דֶעם אַיינְצִיגֶען טִישֶׁעל. אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַז עֶס גֶעהט אַייךְ נִישְׁט קָשֶׁה, נָא, אַ דַאנְק גָאט, עֶס פְרֵייט מִיךְ חָלֶעבֶּען זֶעהר, פַאר וָואס נִישְׁט? אַ מֶענְשֶׁען דַארְף טַאקִי אַייבִּיג נִישְׁט זַיין שְׁלֶעכְט. וָואס זֶעהט מֶען דִיךְ עֶפִּיס נִישְׁט, טְרַייטִיל? אַז דוּ פָאהְרְסְט אַמָאל פַאר מַיין גָארֶעלְנִיע, פַאר וָואס זָאלְסְט דוּ נִישְׁט אַרַיינְגֶעהען? חָלֶעבֶּען דוּ וָואלְסְט דִיךְ נִישְׁט גֶעעַנַארְט, צְווֵיי פְלֶאשְׁלֶעךְ סְפִּירְט וָואלְסְט דוּ שׁוֹין גֶעהַאט.

אַלֶע צִיהֶען מִיט דִי פְּלֵייצִים אוּנ וואוּנְדֶערְן זִיךְ וָואס גָארֶעל גַאנְטְט אִיז אַזַא מִילְדָער גֶעוָוארֶען. טְרַייטִיל קֶען אִיהם אָבֶּער גוּט אוּנ מַאכְט זִיךְ וִוי נִישְׁט פַארְשְׁטֶעהֶענְדִיג.

– עֶט, וִוי קוּם אִיךְ צוּ אַייךְ? הָאט עֶר זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען, אִיהר זֶענְט אַ גְבִיר, פוּן אַיינֶענֶע פָּאדְוַאלֶען פוּן בְּרָאנְפֶען אוּנ הַייזֶער, אַ סַךְ גֶעלְד, אוּנ אִיךְ בִּין נִיט מֶעהר וִוי אַ בַּעל עֲגָלָה.

– חָלֶעבֶּען, הָאט גָארֶעל גֶעעֶנְטְווֶערְט מִיט אַ רַחֲמָנוּת פְּנִים, דוּ הָאסְט אַ טָעוּת, טְרַייטִיל, דִי צַייט אִיז זֶעהר שְׁלֶעכְט, אַוֶועקְגֶעהן גֶעהט אַ סַךְ, אוּנ אִיךְ בִּין גָאר נִישְׁט אַזַא גְבִיר וִוי דוּ מֵיינְסְט, מֶען קֶען זֶעהן דֶערְפוּן וָואס פַאר אַ מַלְבּוּשִׁים אִיךְ טְרָאג. גְלֵייבּ מִיר אִיךְ זָאל זַיין אוּם שְׁטַאנְד, וָואלְט אִיךְ שֶׁענֶער גֶעגַאנְגֶען, וֶוער ווִילל דֶען נִישְׁט גֶעהן שֶׁאן אוּנ לֶעבֶּען שֶׁאן? נָאר וָואס זָאל אִיךְ פָּארְט טְהוּן אַז דִי צַייט אִיז, אוֹיף מַיינֶע שׂוֹנְאִים גֶעזָאגְט, אַזוֹי שְׁלֶעכְט, אַז אַיין גָאטֶעט ווייסְט נָאר אוּנ עֶר זָאל זִיךְ טַאקִי מְרַחֵם זַיין?

גָארֶעל הָאט בַּיי דִי וָוארְטֶער גֶעמַאכְט אַ זוֹיֶער פָּנִים. אַז אַלֶע הָאט זִיךְ אוֹיס-

גְעוִוײזֶען אַז עֶר וַויינְט פַאר נויט. אײנִיגֶע וַוייבֶּער הָאבֶּען אֲפִילוּ אַ קְרֶעכְץ גֶעטְהוּן, נָאר אַנְדֶערֶע הָאבֶּען זִיךְ זֶעהר גֶעוואוּנְדֶערְט וָואס גָאדְלֶען אִיז פְּלוּצִים גֶעוָוארֶען אַזוֹי שְׁלֶעכְט, דֶען וֶוער וַוייסְט נִישְׁט – דַאכְט זִיךְ אַז אֲפִילוּ אַ קִינְד וַוייסְט – אַז גָאדֶעל גָאנְטָא אִיז פוּל אָנְגֶעשְׁטָאפְּט מִיט קֶערְבְּלֶעךְ, נָאךְ מֶעהר הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט וָואס עֶר אִיז פְּלוּצִים גֶעקוּמֶען זִיךְ אוֹיסרֶעדֶען זַיין בִּיטֶער הַארְץ פַאר טְרַייטְלִין.

נָאר טְרַייטִיל הָאט גָאדֶעל גָאנְטָא גוּט גֶעקֶענְט, אוּנ פַארְשְׁטַאנֶען נָאךְ וָואס עֶר אִיז אִיצְט גֶעקוּמֶען אוּנ מַאכְט אַ קְרוּם פָּנִים – אַז עֶר מֵיינְט נָאר עֶס זָאל אִיהם קָאסְטֶען וָועלְוָועלֶער.

אַ צַייט הָאבֶּען אַלֶע גֶעשְׁוִויגֶען, עֶנְדְלִיךְ הָאט טְרַייטִיל גֶעזֶעהן אַז עֶס אִיז שׁוֹין נִישְׁט פְּרִיה, הָאט עֶר זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען:

– וִוי קוּמְט צוּ אוּנְז אַזַא גַאסְט, ר׳ גָאדֶעל?

– עֶט, אִיךְ בִּין דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען, הָאבּ אִיךְ זִיךְ דֶערְמַאנְט אַז מַיין וַוייבּ, מְחִילָה, דַארְף פָאהרֶען קֵיין בּוּלְוַואנָאוְוקֶע.

– נָא, מְהֵיכִי תֵּיתִי, ר׳ גָאדֶעל, פַאר וָואס נִישְׁט? אוֹיף מַיין פוּהְר אִיז ב״ה שְׁטֶענְדִיג דָא פְּלַאץ.

– דוּ זָאגְסְט אַז עֶס אִיז בַּיי דִיר דָא אִיבֶּעריג פְּלַאץ, וֶועל אִיךְ זִי בַּאלְד שִׁיקֶען, אוּנ דוּ וֶועסְט שׁוֹין הָאבֶּען אַ גוּטֶע פְּלַאשׁ סְפִּירְט שַׁבָּת אוֹיף קִידוּשׁ.

– וָואס טוֹיג מִיר אַייֶער קִידוּשׁ! אִיהר גִיט מִיר נָאר אֵיין פִּינְפֶערִיל, אוּנ אַז אִיךְ וֶועל דַארְפֶען קִידוּשׁ וֶועל אִיךְ בַּיי אַייךְ קוֹיפֶען.

– אִי טְרַייטִיל, הָאט גָאנְטָא מִיט אַ גֶעלֶעכְטֶערִיל אִיהם אַ קְלַאפּ גֶעטְהוּן אִיבֶּער דִי פְּלֵייצֶעס, דוּ בִּיזְט שׁוֹין גָאר אַ סוֹחֵר גֶעוָוארֶען! נָאר פָאלְג מִיךְ טַעֲנָה נִישְׁט אַ סַךְ מִיט מִיר, מִיר וֶועלֶען זִיךְ מִסְתָּמָא נִישְׁט קְרִיעגֶען אוּנ זִיךְ אוֹיסגְלַייכֶען, מִיר זֶענֶען תָּמִיד גֶעוֶועזֶען גוּטֶע בְּרִידֶער.

– אֱמֶת, נָאר הַאנְדֶעלְשַׁאפְט מִיט בְּרִידֶערְשַׁאפְט קֶעהר זִיךְ גָאר נִישְׁט אָן...

– עֶ, טְרַייטִיל, דוּ בִּיזְט דָאךְ טַאקִי אֵיין עִקְשָׁן?

– גָאר נִישְׁט קֵיין עַקְשָׁן, אַז אִיהר וֶועט גֶעבֶּען פִינְף קֶערְבְּלֶעךְ אִיז גוּט, אַז נִיט מֶעג זִי זִיצֶען אִין דֶער הַיים, אָדֶער דִינְגְט אִיהר אַ „נַארָאטְשְׁנִי״ פוּהְר.

– אַ „נַארָאטְשְׁנִי״ פוּהְר קָאסְט אַ סַךְ גֶעלְד אוּנ וִוידֶער אַ יוּדֶענֶע אַלֵיין – וָואס, וֶוער אוּנ וֶוען? אוּנ וַוייטֶער דִי שְׁטָאדְט טְרַאכְט אוֹיס אוֹיף מִיר אִיךְ ווֵייס אַלֵיין נִישְׁט וָואס. וָואס וֶועט מֶען נָאךְ זָאגֶען אַז זִי וֶועט נִישְׁט פָאהרֶען מִיט דִיר, גְלַייךְ מִיט אַלֶע וַוייבֶּער? אִיךְ בִּין פוּן דֶעסְטְווֶעגֶען אַריינְגֶעגַאנְגֶען, אַז דוּ וֶועסְט גֶעמֶען אַ קֶערְבֶּעל מְהֵיכִי תֵּיתִי, אַז נִיט – דַארְף מֶען נִיט.

– מִיר אַארְט בְּוַודַאי נִישְׁט, אַז וִויבַּאלְד אִיהר דַארְפְט נִישְׁט, נָאר אִיךְ – וִוינְצִיגֶער פוּן פִּינְף קֶערְבְּלֶעךְ וֶועל נִיט גֶעמֶען, אֱמֶת עֶס אִיז טַאקִי אַבִּיסֶעל טְהַייֶער, נָאר וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעהַאט פוּן אַייךְ אִין דִי פִינְף יָאהר זַייט אַייֶער וַוייבּ אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען?

– אַ גוּטֶען טָאג, טְרַייטִיל, אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט אַז מִיר וֶועלֶען זִיךְ אוֹיסגְלַייכֶען, נָאר

אַז דו וויללסט נישט דאַרף מען נישט. איבּריגענס צוויי קערבּלעך גיב איך דיר, כּדי מיר זאָלען זיך נישט מעהר דינגען. אַגוטען טאָג, טרייטיל!

אונ גאָדעל גאַנטאַ איז זיך אַוועקגעגאַנגען.

— ער וועט ווערען בּעסער — האָט טרייטיל געזאָגט, האָט איהר געזעהן אַזאַ־קמצן, אַזאַ סקנאַר!

עס איז טאַקי אַזוי געווען, גאָדעל האָט זיך עטליכע מאָל אומגעקעהרט, זיך ווייטער געדונגען, געוויינט אַז ער איז איין אָרימאַן, ער קען מעהר נישט געבּען, צום סוף האָט ער געמוזט געבּען פיער קערבּלעך, נאָר שוין מיט טרייטילס אַלע הוצאות.

— עס איז ניט מיין עסק, האָט גאָדעל געזאָגט בּיים ענדיגען, איך גיב איך שוין פיער קערבּלעך, נאָר מעהר זאָל מיך נישט קאָסטען אַ קאָפּיקע.

*

דער ווייל איז אָנגעקומען פייוויש

— נאָ, עס איז נאָך עפּיס דאָ פאַרשווינען? האָט איהם טרייטיל געפרעגט.

— איך ווייס? מען דאַרף געהן געוואָר ווערען.

— גאָ, געה זשע גיבּער אונ זוך, ווייל עס איז שוין נישט פריה אונ נישט אַלע פאַרשווינען זענין דאָ.

פייוויש איז בּאַלד אַוועקגעגאַנגען.

יוסיל דעם איידעמס ווייב איז אונטערגעשפּרונגען פאַר כּעס, טרייטיל האָט דאָס בּעמערקט אונ האָט זיך אָנגערופען:

— אַט געה איך נאָר אַהיים עפּיס נעמען אין מויל אַריין, מען איז דאָך מעהר נישט זוי אַ מענש. ווי זאָגסט דו, מיין טהייערס? ווי זאָגסט דו, דוואָשע? מעג איך עפּיס נעמען אין מויל אַריין? נאָ אונ מיין „קארע" מיט דעם „ליסע" דאַרף מען אויך עפּעס געבּען, זיי זענען דאָך פאָרט גאַטטס בּאַשעפעניששען. איידער איך וועל קומען צוריק, איידער זיי וועלען האָבּען אָפּגעגעסען, וועט שוין פייוויש געוויס קומען מיט אַלע איבּעריגע פאַרשווינען אונ דו, דוואָשע, זיי זיך מטריח אַליין צו זיי, וואָס קלויבּען זיי זיך דאָרט אַזוי לאַנג? אונ אַז איך וועל צופאָהרען צו זעליג דעם קרעמער נעמען עטליכע קאָסטלעך מיט שטריק אונ ראַגאָזשעס, וועל איך דיך נעמען אַ היים. איך וועל נאָך צופאָהרען צום מוטשניק נעמען אַ צוויי זאַקלעך מעהל, וועלכע אַ בּולוואַנאָווקער יוד האָט בּיי איהם געקויפט, וועלען מיר פאָהרען אַהיים, אונ דו וועסט פאַרשפּאָרען געהן צו פוס. דו בּיזט דאָך איין אַלט מענש, אונ ווער דען זאָל אויף דיר רחמנות האָבּען ווען נישט איך?

טרייטיל מיט דוואָשען זענין אַוועקגעגאַנגען, אונ די ווייבּער זענען געבּליבּען אַליין.

— עס איז מעהר נישט מעגליך אויסצוהאַלטען פון איהם, איז פּלוצים אויפגעשטאַנען יוסיל דעם איידעמס ווייב, שוין דריי יאָהר אַז ער מוטשעט אונז, בּיז וואַנען וועלען מיר נאָך אַזוי פאַרשוואַרצט ווערען? בּיז וואַנען וועט ער זיין אונזער

נאטשאלניק ? גלייך ווי ער האט אבגענומען דארויף א טאקס ! ואר מיר ווייבער האבען זיך שוין אזוי איינגעוואוהנט צופאהרען נאר מיט טרייטלין, אז עס ווייזט זיך אונז אויס, אהן איהם קען מען שוין גאר נישט טרעפען קיין בולוואנאווקע. מיר שלעפען גאר אליין אויף אונז צרות מיט שלעק אומזיסט אונ אגב נישט, יעדע פון אונז ווייסט גאנץ גוט וואס מען ליידעט זיך אן פון זיין פאהרען, נאר ווי אזוי איז א יודענע ? יעדע טראכט זיך וואס וועל איך ארויסשפרינגען אונ שרייען אז מיט טרייטלין איז איין אומגליק צו פאהרען, וואס וועט מיר ארויסקומען דערפון ? א „נאראטשני" פוהר איז קיינער פון אונז נישט אים שטאנד צו דינגען, געהן זיך צונויף נעמען עטליכע – וואו זשע זאל מען זיך צונויפקומען אז ניט ביי דוואשען ? ווער קען עס וויסען ווען יעדע יודענע דארף פאהרען, אז ניט דוואשע ? נא אונ דאס ווייסט איהר דאך אז דוואשע אונ טרייטיל איז אלץ איינס אזוי טראכט זיך יעדע אונ מען פאהרט טאקי ווייטער מיט טרייטלין, אז מען ווערט פארשווארצט אונ פארפינסטערט – דארויף איז מען דאך א יודישע טאכטער. אונ ווידער אייביג וועט מען דאך נישט פאהרען מיט טרייטלין, עס וועט דאך אמאל ביי אונז אויך זיין א באר, די מאנגער טהוען דאך עפים, מען מאכט אסיפות, מען נעמט צונויף געלד, מען געהט ארום מיט פושקעס . . . נאר ווען דאס וועט אמאל זיין, דערווייל ווערען מיר פארשווארצט, אונ איבער וועמען ? איבער א בעל עגלה ? געוואלד פאר וואס דארפען מיר זיין ביי איהם אין ארענדע ? אט זענין איהם קארג צעהן ווייבער אויף דער פוהר, ער דארף נאך אחוץ, קאסטליך מיט קלומעקלעך, וואס ער נעמט אן ביי די קרעמערס. קענען מיר דען ניט דינגען פאר דעם אייגענעם געלד צוויי גוישע פוהרען אונ פאהרען די זיבצעהן ווערסט ווי מענשען ? פריה אוועקגעפאהרען אונ צו דער צייט אהיים קומען ? אט שטעהען אויפן מארק גוישע פוהרען, צעהן פאר איינער, זלעבען, לאמיר איהם אנלערנען, לאז ער דערווייל ווערען אוים מיוחס, טאמער וועט ער ווערען בעסער, וועלען מיר דערנאך ווייטער מיט איהם פאהרען.

– אזא יאהר זאלען מיר האבען ווי איהר זענט גערעכט, ווי יוסיל דעם איידעמס ווייב איז גערעכט, האבען זיך אלע ווייבער אין איין קול אנגערופען, מיר ווערען טאקי גאר פערשווארצט אונ מיר קוקען זיך אפילו נישט ארום, מיר פארלאזען זיך אויף די מאנסבילען, מיר זעהען שוין וואס עס ווערט פון אלע זייערע אסיפות אונ פון אלע געלדער וואס מען נעמט צונויף. חלעבען איהר זענט טאקי גערעכט, לאמיר געהן דינגען א פוהר לאז טרייטיל וויסען אז מיר זענען ביי איהם נישט פארקויפט.

– פאלגט מיך, וואס טויג אייך מאכען נייעס ? האבען זיך פון דעסטוועגען אנגערופען עטליכע ווייבער, לאז זיין ווי פריהר, איז אונז יודישע טאכטער דער קאפ דערביי מיר זאלען מאכען נייעס ? עס געהט אונז שוין מעהר טאקי נישט אב, צו מיר האבען טאקי אזויגע וואהלטאגען אז מיר זאלען נאר פאהרען מיט פאיעטאנים ? מיר האבען טרייטיל בעל עגלה – לאז זיין טרייטיל ! א דאנק גאטט דערפאר אויך, נאך וואס זאלען מיר זיך אומזיסט פארזינדיגען די יאהרען פאר דעם וואס לעבט אייביג אונ מיט קיין שום זאך נישט וועללען זיין צופרידען ?

– אָ נֵיין, הָאט נִישְׁט אויפְגֶעהֶערְט יוסִיל דֶעם אֵיידֶעמְס וַוייבּ, לָאז זַיין וָואס עֶס ווִילל זִיךְ, נָאר אַבִּי אוים טְרַייטִיל, גֶעשְׁטָארְבֶּען טְרַייטִיל, לָאמִיר בֶּעסֶער ווִי צוּם גִיכְסְטֶען דִינְגֶען אַ צְוֵוייא גוֹיִשֶׁע פוּהרֶען, עֶס אִיז שׁוין אִיצְט נִישְׁט פְּרִיה אוּנ וֶועט אוּנְז דֶערְפַאר קָאסְטֶען וֶואלְוֶועלֶער אוּנ מִיר וֶועלֶען גִיכֶער אוּנ בֶּעסֶער פָאהרֶען ווִי מִיט טְרַייטְלִין.

דֶער גְרֶעסְטֶער טְהֵייל וַוייבֶּער הָאט גֶעהַאלְטֶען מִיט יוסִיל דֶעם אֵיידֶעמְס וַוייבּ, דֶערְנָאךְ זֶענִין אַלֶע אַנְדֶערֶע אויךְ צוּגֶעשְׁטַאנֶען צוּ אִיהר. אַלֶע הָאבֶּען בַּאלְד פַאר-נוּמֶען דִי קְלוּמֶעקְלֶעךְ אוּנ זֶענֶען אַרויסגֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער שְׁטוּבּ. אִין מַארְק אִיז שׁוין אָבֶּער מֶעהר נִישְׁט גֶעוֶוען ווִי אֵיין גוֹיִשֶׁע פוּהְר, נָאר דֶערְפַאר אַ גְרויסֶע; אוּמְקֶעהְרֶען זִיךְ צוּרִיק הָאט שׁוין יֶעדֶע גֶעזָאגְט אַז מֶען דַארְף דָאס נִישְׁט צוּ לִיעבּ טְהוּן טְרַייטְלִין, עֶר וֶועט זִיךְ עֶרְשְׁט אִיצְטֶער אִיבֶּערְנֶעמֶען אוּנ וֶועט זַיי אָבְּדְרֶעהֶען דִי קֶאפּ, אוּנ ווִידֶער אִיז טַאקִי דִי פוּהְר פָארְט גֶעוֶוען גְרֶעסֶער פוּן טְרַייטִילְס אוּנ פִיעל וֶואלְוֶועלֶער.

דֶערוַוייל אִיז אָנְגֶעלָאפֶען טְרַייטִיל מִיט דְוָואשֶׁען, נָאר וֶוער הָאט זַיי אִיצְטֶער גֶע-הֶערְט? טְרַייטִיל אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהן ווִי אָבְּגֶעבָּאדֶען, עֶר הָאט גֶעמוּזְט אויס-הֶערֶען ווִי אַלֶע הָאבֶּען אִיהם גֶעזִידֶעלְט אוּנ אִיהם אויסגֶערֶעכֵינְט ווִי עֶר הָאט זַיי דָאס בְּלוּט גֶעצַאפְּט; עֶר הָאט גֶעמֵיינְט אַז אָהְן אִיהם קֶענֶען זִיךְ דִי וְלִידְנִיוֶוקֶער וַוייבֶּער גָאר נִישְׁט בַּאגֶעהן.

גָאדֶעל גָאנְטֶע מִיט זַיין וַוייבּ זֶענִין גְרָאד אויךְ אָנְגֶעקוּמֶען, זִי הָאט גֶעזָאגְט אַז וֶוען דִי וַוייבֶּער ווִילֶען נִישְׁט פָאהרֶען מִיט טְרַייטְלִין, ווַייל זִי אויךְ נִישְׁט. וֶוען גָאדֶעל הָאט דֶערְהֶערְט אַז עֶס וֶועט אִיהם קָאסְטֶען וֶואלְוֶועלֶער, הָאט עֶר זִיךְ בַּאלְד אָן דֶעם אָנְגֶעחַאפְּט.

דֶער מוּזְשִׁיק הָאט שׁוין אַרַיינְגֶעלֶעגְט דֶעם לַיידִיגֶען זַאק אִין וָואגֶען, שׁוין צוּנויפ-גֶענוּמֶען פוּן דֶער עֶרְד מִיט דֶער בַּייטְשׁ דִי בִּיסְלֶעךְ שְׁטְרוֹי וָואס זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען, אָנְגֶערוּקְט דִי קוּטְשְׁמֶע, דִי וַוייבֶּער הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע אויסגֶעזֶעצְט, דֶער גוֹי אִיז אַרויף אויף דֶער קֶעלְנֶע אוּנ הָאט אָנְגֶעהויבֶּען פָאהרֶען...

פְּלוּצִים הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט אַ וַויינֶענְדִיג קוֹל פוּן אַקִינְד פוּן אַ יָאהר צְוֶועלְף -- דְרַייצֶעהן וָואס אִיז גֶעלָאפֶען פוּן מַארְק נָאךְ דֶער פוּהְר מִיט דִי וַוייבֶּער אוּנ הָאט גֶע-שְׁרִיגֶען: מַאמֶע! מַאמֶע!... וָואס דָאס קִינְד הָאט וַוייטֶער גֶעשְׁרִיגֶען, הָאט מֶען נִישְׁט גֶעהֶערְט.

שְׁפְּרִינְצֶע הָאט דֶערְקָאנְט אָן דֶעם קוֹל אַז דָאס לויפְט אִיהר טֶאכְטֶערִיל, מִיט אַ גְרויס הַארְצְקְלַאפֶּענִישׁ הָאט זִי אַיינְגֶעהַאלְטֶען דֶעם גוֹי: „אוֹי, אוֹי, טְשִׁיקַאיטֶע"! דֶער גוֹי הָאט אַיינְגֶעהַאלְטֶען דִי פֶערְד, עֶרְשְׁט דֶעמֶעלְט הָאט מֶען גֶעהֶערְט: ווִי דָאס קִינְד הָאט גֶעשְׁרִיגֶען:

– מַאמֶע! מַאמֶע! דֶער הָאן הָאט אויסְגֶעשִׁיט דִי גַאנְצֶע פְּרָאסֶע, צוּבְּרָאכֶען דִי גְלֶעזֶער מִיט דִי טַאפְּלִים פוּן דֶער שַׁאפֶע. דֶער טַאטֶע שִׁילְט אוּנ שְׁלָאגְט דֶעם הָאן, עֶר זָאגְט אַז אִיצְטֶער מוּז עֶר אִיהם הַרְגֶענֶען, עֶר דַארְף נִישְׁט קֵיין הָאן...

ווי איין אָבְגֶעבְּרִיהְטֶע איז שְׁפְּרִינְצֶע אַרָאבּ פון דֶעם וָואגֶען מִיט אַ גֶעוַואלְד, אַז מֶען הָאט שׁוֹין נִישְׁט גֶעקֶאנְט הֶערֶען וָואס דָאס קִינְד הָאט וַוייטֶער גֶעשְׁרִיגֶען. דֶער גוֹי הָאט אַ טְרַייבּ גֶעטְהוּן דִי פֶערְד אוּנ איז אַוֶועקְגֶעפָאהרֶען מִיט דִי וַוייבֶּער, שְׁפְּרִינְצֶע הָאט נָאר פַארְגֶעסֶען אִין דֶער מִקְוָה אוּנ איז מִיט אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעלָאפֶען אִיבֶּער דֶער גַאס אַהֵיים:

— אוֹי, אַ קְרֶענְק אוֹיף אִיהם! אוֹי, אַ צָרָה אִין זַיין פָּנִים אַרַיין!... אַ שְׁלַאג הָאט מִיךְ גֶעטְרָאפֶען, אוֹיף אַ מִינוּט אַוֶועקְגֶעפָאהרֶען פון דֶער הֵיים אוּנ דֶעם מַח־שְׁמוּנִיק (יְמַח־שְׁמוֹ־נִיק) אִיבֶּערְגֶעלָאזְט, עֶר וֶועט בְּוַודַאי דֶערְהַרְגֶענֶען דֶעם הָאן! אוֹי, אַ דוּנֶער הָאט מִיךְ דֶערְשְׁלָאגֶען! ווי דָאס הַארְץ הָאט מִיר אָבֶּער גֶעזָאגְט, אִיךְ זָאל אִיהם נִישְׁט אִיבֶּערְלָאזֶען דֶעם הָאן! אוֹי, אַ צָרָה אִין זַיין פָּנִים! דָאס אֵייגֶענֶע וַוייבּ וָואלְט עֶר דֶען נִישְׁט דֶערְהַרְגֶ׳ט עֶר זָאל נָאר קֶענֶען? עֶס אִיז דֶען אַ יוּר? עֶר אִיז דָאךְ אַ רָאזְבּוֹינִיק! אִיהם קוּמְט אַלֶץ גְרִינְג אָן... אַ הָאן! צְוַויי פוּנְט שְׁמַאלְץ וֶועט דָאךְ זַיין פון אִיהם... אַ וֶועטְהַיג אִין מַיין הַארְצֶען...

מִיט דֶעם גֶעפִילְדֶער אִיז זִי גֶעלָאפֶען אַלֶע מָאל גִיכֶער אוּנ גִיכֶער אַהֵיים. אוֹיף דֶער גַאס אִין דִי קְלֵייטֶען, קְלֵייטְלֶעךְ, אוּנ צְווִישֶׁען דִי מַארְק זִיצֶערִינְס איז גֶעוָוארֶען דֶערוַוייל אַ גֶערוּדֶער, יֶעדֶער הָאט זִיךְ גֶעפְּרִיוְט שְׁפְּרִינְצֶען אַנִידֶערְשְׁטֶעללֶען אוּנ זִי אוֹיס־פְרֶעגֶען וָואס אִיז גֶעשֶׁעהֶן, נָאר עֶס אִיז נִישְׁט מֶעגְלִיךְ גֶעוֶוען, זִי הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶערִיסֶען פון יֶעדֶענְס הַאנְד אוּנ אִיז וַוייטֶער גֶעלָאפֶען מִיט דִי וֶוערְטֶער: פְרֶעגְט מִיךְ נָאר נִישְׁט, מַיינֶע לִיעבֶּע, אִיךְ בִּין גֶענוּג אוּמְגְלִיקְלִיךְ...

וֶוער עֶס הָאט נָאר גֶעזֶעהֶן שְׁפְּרִינְצֶען לוֹיפֶען מִיט אַזַא אִימְפֶּעט, אִיז אִיהר נָאכ־גֶעלָאפֶען, דֶער הָאט גֶעשְׁרִיגֶען אַז עֶס אִיז בַּיי אִיהר אַ שְׂרֵפָה, דֶער — אַז דִי סְטֶעלְיֶע פון שְׁטוּב אִיז אַיינְגֶעפַאלֶען אוּנ הָאט דֶערְהַרְגֶ׳ט צְוַויי קִינְדֶער, אֵיינְס שְׁפְּרִינְצָעס אוּנ דָאס אַנְדֶערֶע אַ שְׁכֵנְס; אַנְדֶערֶע ווידֶער הָאבֶּען גֶעמַאכְט אַ קְלַאנְג אַז אִיהר מַאנְן, בֶּערִיל פְלַאסְטֶער, אִיז פְּלוּצִים חַלָשׁוּת גֶעבְּלִיבֶּען, אַז עֶס אִיז אִיהם נִישְׁט מֶעגְלִיךְ צוּ דֶער־מִינְטֶערְן. דֶער עוֹלָם אִיז אַלֶע מָאל גְרֶעסֶער אוּנ גְרֶעסֶער גֶעוָוארֶען אוּנ נָאכְגֶעלָאפֶען שְׁפְּרִינְצֶען צוּ אִיהר הֵיים.

דִי בַּאקָאנְטֶע זְלִידְנִיוֶוקֶער הֶעלְדֶען, וֶועלְכֶע הֶערֶען קֵיין מָאל נִיט אוֹיף צוּ שְׁפִּילֶען לִיעבֶּעס, זֶענֶען גֶעוִוים נָאכְגֶעלָאפֶען אוֹיף דֶעם נֵס, טָאמֶער וֶועט עֶס זֵיי גֶעלִינְגֶען דֶערְוַוייל צוּ חַאפֶּען אַ „גֶעזָאגֶעכְטְס".

*

וֶוען טְרַייטִיל הָאט גֶעזֶעהֶן אַז דִי וַוייבֶּער זֶענֶען טַאקִי בִּמְחִילָה אַוֶועקְגֶעפָאהרֶען מִיט דֶעם גוֹי, הָאט עֶר זִיךְ מִיט אֵיין אַרָאבְּגֶעלָאזְטֶער נָאז אוּנ מִיט אֵיין אַרָאבְּגֶעלָאזְטֶע בַּייטְשׁ גֶעלָאזְט גֶעהֶן אַהֵיים, נָאךְ אִיהם אִיז אוֹיךְ גֶענַאנְגֶען דְרָואשֶׁע.

פְּלוּצִים אִיז מִיט אַ גְרוֹיס אֵיילֶענִישׁ אוּנ שְׁטַארְק פַארְסַאפְּט צוּגֶעלָאפֶען צוּ זֵיי פַּייוִוישׁ:

– אִיךְ לוֹיף .. בַּאלְד וֶועלֶען קוּמֶען נָאךְ צְוֵויי וַוייבֶּער... אִיהר מֶעגְט שׁוֹין שְׁפַּאנֶען... אוּנ אִיךְ אַנְטְלוֹיף... אִין מַארְק בְּ נֶ ע נְ ט...

– וואוּ ? וָואס ? פַּיוֹוִישׁ ? זֶענִין אִיהם בַּאפַאלֶען טְרַייטִיל מִיט דְוָואשֶׁען .

– לָאזְט מִיךְ אָב... לָאזְט מִיךְ לוֹיפֶען... אִיךְ הָאבּ אַלֵיין גֶעהֶערְט אִין מַארְק אַז עֶס בְּ נֶ ע נְ ט, טְרַייטִיל עֶס בְּנֶענְט ! ...

אוּנ פַּיוֹוִישׁ הָאט זִיךְ אוֹיסגֶערִיסֶען פוּן זַייעֶרֶע הֶענְד אוּנ אִיז וַוייטֶער גֶעלָאפֶען .

– דְוָואשֶׁע , הָאט טְרַייטִיל גֶעזָאגְט מִיט אַ גְרוֹים צִיטֶערְנִישׁ – וֶוען דִי וַוייסֶע חֶבְרָה יוּנְגְלֶעךְ וֶועלֶען קוּמֶען נָאךְ מַיינֶע שְׁקַאפֶּעס אוֹיף צוּ שְׁלֶעפֶּען וַואסֶער צוּ דֶער שְׂרֵפָה זָאלְסְט דוּ זָאגֶען אַז אִיךְ בִּין מִיט דִי וַוייבֶּער אַוֶועק גֶעפָאהרֶען ... אוּנ אִיךְ וֶועל מִיךְ גֶעהן בַּאהַאלְטֶען ...

---

# VII.

## אַ מַעֲשֶׂה אִיבֶּער אַ הָאן .

שְׁפְּרִינְצֶעס שְׁטוּבּ אִיז אִיצְט בַּאלֶאגֶערְט פוּן אַלֶע זַייטֶען מִיט מֶענְשֶׁען , אַז מֶען קֶען זִיךְ גָאר נִישְׁט דֶערְשְׁטוּפֶּען מֶען זָאל קֶענֶען אַרַיין . שְׁפְּרִינְצֶע אַלֵיין שְׁטֶעהט אַיינְגֶעגְרָאבֶּען צְווִישֶׁען אַ גְרוֹיסֶען עוֹלָם וִוי פַאר אַיין אַייזֶענֶער וַואנְד אוּנ זִי הֶערְט נִישְׁט אוֹיף זִיךְ צוּ שְׁטוּפֶּען אוּנ צוּ שְׁרַייעֶן : לָאזְט מִיךְ , לָאזְט מִיךְ ! נָאר גוּטֶע מֶענְשֶׁען , גוּטֶע פְרַיינְד , אוּנ אוּנ גְלַאט אַזוֹי יוּדֶען מִיט וַוייבֶּער הָאבֶּען רַחֲמָנוּת אוֹיף דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער שְׁפְּרִינְצֶען , וֶועלְכֶע עֶס הָאט גֶעטְרָאפֶען אַזַא אוּמְגְלִיק , אוּנ לָאזֶען זִי בְּאֵין אוֹפֶן נִישְׁט .

אֵיינֶער אַ בַּעַל תּוֹרָה מִיט אַ וַוייךְ הַארְץ , וֶועלְכֶער וַוייסְט פוּן יוּדִישֶׁע סְפָרִים אַז אַיין אִשָּׁה אִיז מֶעהר נִיט וִוי אַ שְׁלַאפֶּע גַאנְז , נֶעמְט אָן שְׁפְּרִינְצֶען בַּיי דֶער הַאנְד אוּנ פִיהְרְט זִי מִיט שְׁוֶוערֶער מִיה דוּרְךְ דֶעם עוֹלָם אִין אַ פְרֶעמְד הוֹיז אַרַיין :

– אִין דֶער דְרִיטֶער שְׁטוּבּ , אִין דֶער דְרִיטֶער שְׁטוּבּ , שְׁרַייט עֶר , לָאז זִי זִיךְ דָארְט אָבְּרוּהֶען , זִי קֶען חו״ש אַזוֹי חַלָשׁוֹת בְּלַייבֶּען פַאר עֶנְגְשַׁאפְט אוּנ שְׁרֶעק .

דְרַיי וַוייבֶּער הָאבֶּען זִי אָנְגֶענוּמֶען בַּיי דִי הֶענְד אוּנ וִוי אַ קְרַאנְקֶע וַוייטֶער גֶעפִיהְרְט:

– שְׁרֶעק זִיךְ נִישְׁט שְׁפְּרִינְצֶע , מֶען וֶועט בַּאלְד אָבְּלֶעשֶׁען , עֶס וֶועט בַּאלְד אִיבֶּער־גֶעהן , מֶען וֶועט דִיךְ נִישְׁט לָאזֶען פַאלֶען , דוּ בִּיזְט דָאךְ צְווִישֶׁען יוּדֶען ...

– גָאטט אִיז מִיט אַיךְ , שְׁפְּרִינְצֶע , אִיז צוּגֶעלָאפֶען אַיין אַנְדֶערֶע יוּדֶענֶע . דִי קִינְדֶער הָאט מֶען אַרוֹיסגֶעשְׁלֶעפְּט , גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאטט , זַיי לֶעבֶּען . אוֹי , אַ דוּנֶער הָאט מִיךְ דֶערְשְׁלָאגֶען ! קוּקְט נָאר אָן וָואס פַאר אַ פָּנִים זִי הָאט , אַז עֶס אִיז זִי גָאר נִישְׁט צוּ דֶערְקֶענֶען ...

– אַ וַוייטְהִיג אִיז מִיר ! אִיז צוּגֶעלָאפֶען אַ דְרִיטֶע יוּדֶענֶע מִיט אַזַא רַחֲמָנוּת פָּנִים , אַז עֶס הָאט אַנְדֶערֶע אָנְגֶעהַאפְּט אַ וַויינֶען – דַיין מַאנְן הָאט מֶען שׁוֹין דֶערְמִינְטֶערְט , אִיךְ הָאבּ אִיהם אַלֵיין גֶעהֶערְט רֶעדֶען ... שְׁרֶעקְט זִיךְ נִישְׁט , שְׁפְּרִינְצֶע לֶעבֶּען ,

שְׁטאַרְקט זיך! מִיט אַ מֶענְשֶׁען טְרֶעפְט זִיךְ, עֶס זָאל זִיךְ נִישְׁט טְרֶעפֶען בַּיי־קֵיין שום יוּדֶען, רבונו שֶׁל עוֹלָם!

בִּיז מֶען הָאט שְׁפְּרִינְצֶען גֶעבְּרַאכְט אִין דֶער דְרִיטֶער שְׁטוּב זֶענֶען גֶעוִוים צוּ אִיהר צוּגֶענַאנְגֶען אַ דְרַייסִיג וַוייבֶּער אוּנ הָאבֶּען זִי גֶעטְרֵייסְט, אוּנ יֶעדֶע הָאט גֶעזָאגְט אַז דָאס אוּמְגְלִיק אִיז שׁוֹין אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען.

הָאטְשׁ דִי וַוייבֶּער הָאבֶּען אַיין אֱמֶת וָוארְט נִישְׁט גֶעזָאגְט, וַוייל זֵיי הָאבֶּען פָּשׁוּט אַלֵיין נִישְׁט גֶעוואוּסְט וָואס דָא אִיז גֶעשֶׁעהֶן, זֵיי הָאבֶּען נָאר גֶעהֶערְט אַז דָא הָאט זִיךְ אַיין אוּמְגְלִיק גֶעטְרָאפֶען, יֶעדֶע הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דָא הָאט גֶעמוּזְט אַיין אוּמְגְלִיק גֶעשֶׁעהֶן, וַוייל וָואס דְען אִיז זִיךְ דָא דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶאדְטְיל צוּזַאמֶענְגֶעלָאפֶען? וָואס דֶען אִיז שְׁפְּרִינְצֶע פְּלוּצִים גֶעלָאפֶען אִיבֶּער דֶער גַאס מִיט אַ גֶעשְׁרֵיי? נָאר אַ מֶענְשֶׁען צוּ טְרֵייסְטֶען אִין זַיין אוּמְגְלִיק, אִיז בַּיי יוּדֶען אַ מִצְוָה אֲפִילוּ אַ לִיגֶען צוּ זָאגֶען, דֶערְפַאר הָאט יֶעדֶער גֶעטְרֵייסְט שְׁפְּרִינְצֶען וִוי עֶר הָאט נָאר גֶעקָאנְט.

שְׁפְּרִינְצֶע, וֶועלְכֶע אִיז גֶעלֶעגֶען אִין אַ פְרֶעמְדֶער שְׁטוּב אוֹיף אַ פְּרֶעמְד בֶּעט, מִיט אַ חָאפְּטֶע וַוייבֶּער אַרוּמְגֶעשְׁטֶעלְט, דִי מִיט אַ גְלָאז קָאלְט וַואסֶער, דִי הָאט אִיהר גֶעשְׁפְּרִיצְט אִין פָּנִים אַרַיין, דִי הָאט גֶערִיבֶּען הֶעם שְׁטֶערֶען, אַיין אַנְדֶערֶע דֶעם דוֹפֶק — אִיז זִי אִיצְט בֶּאֱמֶת שְׁטַארְק דֶערשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען, זִי אִיז גֶעלֶעגֶען דָאס פָּנִים טוֹיט וִוי דִי וַואנְד, דֶער קָאפּ וִוי פַּארְטְשַׁאדִיט, פַּאר דִי אוֹיגֶען הָאט אִיהר גֶעשְׁווִינְדֶעלְט, אַז זִי הָאט טַאקִי נִישְׁט גֶעוואוּסְט אוֹיף וָואס פַאר אַ וֶועלְט זִי גֶעפִינְט זִיךְ, אוּנ וָואס עֶס גֶעהְט מִיט אִיהר פָאר.

אִין דְרוֹיסֶען הָאט זִיךְ אַלֶץ נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ רוּדֶערן: אוֹיפֶן דַאךְ פוּן שְׁפְּרִינְצֶעס שְׁטוּב זֶענֶען שׁוֹין גֶעשְׁטַאנֶען עֶטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען, אוּנ עֶס פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ בֶּעריל פְּלַאסְטֶער, דֶער בַּעַל הַבַּיִת אַוודַאי; נִישְׁט דֶערְפַאר וָואס עֶר אִיז בַּעַל בַּיִת, נָאר גְלַאט אַזוֹי, וַוייל וואוּ הָאט אִיהר גֶעזֶעהֶן אִין זְלִידְנִיוְוקֶע אַ פָּאזְשַׁאר אַז בֶּעריל פְּלַאסְטֶער זָאל נִישְׁט זַיין דֶער גְלַאוְונִי „קָאמַאנְדְרוּויוּשְׁטְשִׁי״.

דֶער גַאנְצֶער גֶעפִּילְדֶער הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דֶערפוּן: בֶּעריל אִיז גֶעזֶעסֶען אִין שְׁטוּב גַאנְץ רוּהִיג בַּיי אַ סֵפֶר אוּנ הָאט גֶעדַאנְקְט אוּנ גֶעלוֹיבְּט גָאטט וָואס עֶס אִיז אַבִּיסל שְׁטִיל גֶעוָוארֶען, ד. ה. וָואס דָאס וַוייבּ אִיז אַוֶועקְגֶעפָּאהרֶען. פְּלוּצִים אִיז גֶעוָוארֶען צְווִישֶׁען דִי קִינְדֶער אַ גֶעשְׁרֵיי אַז דֶער הָאן הָאט אִיבֶּערְגֶעקֶעהרְט דֶעם זַאק פְּרַאסֶע, פוּן דֶעם גֶעשְׁרֵיי הָאט זִיךְ דֶער הָאן דֶערשְׁרָאקֶען אוּנ אִיז אַרַיין אִין דֶער שַׁאפֶע וואוּ דִי גְלֶאזֶער שְׁטֶעהֶען, אוּנ חוּץ וָואס עֶר הָאט דָארְט אַלֶץ צוּבְּרָאכֶען, הָאט עֶר נָאךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען גְרִילְצֶען אִין דִי אוֹיהרֶען מִיט זַיין שְׁרַייעֶן אוּנ קְרֵייעֶן, בֶּעריל אִיז דֶערפוּן אִין צְוֵויעֶן אִין כַּעַס גֶעוָוארֶען. עֶרְשְׁטֶענְס פַארְוָואס אִיז עֶר אַזוֹי אוּמְגְלִיקְלִיךְ, אַז אֲפִילוּ אִין דִי גְלִיקְלִיכֶע מִינוּט וָואס דָאס וַוייבּ אִיז אַוֶועקְגֶעפָּאהרֶען, וֶוען עֶר וָואלְט שׁוֹין יָא גֶעקָאנְט זַיין עֶטְלִיכֶע מִינוּט רוּהִיג בַּיי זִיךְ אִין שְׁטוּב, זָאל דֶער הָאן פְּלוּצִים אִיהם דִי מְנוּחָה פֶערשְׁטֶערֶען; אוּנ צְוֵוייטֶענְס — טַאקִי וִוידֶער אִיבֶּער דֶעם הָאן, עֶר הָאט זִיךְ דֶערְמַאנְט אַז אִיבֶּער אִיהם הָאט עֶר אַ הַאלְבֶּע פֶערְשְׁטֶערְטֶע וֶועלְט בַּיי זַיין שְׁפְּרִינְצֶען. דֶערְפַאר הָאט

ער זיך גענומען שלאָגען דעם האַן און עס פאַרשטעהט זיך אַז דער האַן האָט מסתּמא אויך ניט געשוויגען, זיין שרייען, קריַיען און גרילצען האָט נאָך מעהר פאַרלישעט דעם קאָפּ, בעריל איז נאָך מעהר אין כּעס געוואָרען, דער האַן איז נאָך ווילדער געוואָרען, ער איז געפלויגען אין אַלע זייטען. האָט געבראָכען טאַפּלים ; דאָס שרעקליכע געפילדער האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסען שרעק צווישען די קינדער, ביז איין קינד איז אַנ־מלאָפען צו דער מאַמען. בעריל האָט אַלץ ניט אויפגעהערט זיך צו באַרען מיט דעם האַן, נאָר אַז ער האָט פלוצים דערזעהן דורך דעם פענסטער ווי די גאַנצע שטאָדט לויפט צו זיין שטוב און מען שרייט „עס ברענט", האָט ער אַוועקגעוואָרפען דעם האַן, און איז דער ערשטער אַרויף אויף דעם דאַך און נאָך איהם נאָך עטליכע יונגע לייט.

זיי האָבען זיך געדרעהט אויפען דאַך ווי פאַרטומעלט, דער האָט געשריגען וואו ברענט? דער וועלכעס שטיקל דאַך מען זאָל אויפרייסען, דער עולם פון אונטען האָט געשריגען אַז אין דעם ווינקעל־דאַך סמאַליט זיך, דאָ האָבען זיך געהערט קולות: „וואו איז חייקיל מיט דער קישקע"? „וואו זענען טרייטילס שקאפים", די האָבען דערלאַנגט אויפען דאַך קאַטשערעס מיט לאַפּאַטיס, טאָפּלעך מיט קרינלעך וואַסער, מיט איין וואָרט — עס האָט געקאָכט פון אַלע זייטען. —

אויף אַלע עקען זענען געשטאַנען ראַדלעך מיט ווייבער און ווייבלעך, חוץ ראַדלעך מיט יונגע לייט וואָס האָבען דערווייל „געחאַפּט אַ שמועסיל". לאָמיר אויף אַ פּאָר מינוט זיך צו הערען צו די ראַדלעך:

— איז עפּיס אַ וואונדער וואָס איהר מאַנן איז געבליבען פלוצים חלשות, אַז עס איז איהם נישט מעגליך צו דערמינטערן? מסתּמא האָט ער ביי איהר אַזאַ דאַליע, זי קעהר איהם, איך בעט איבער אייער כּבוד — זשאַלעווען דאָס שטיקל ברויט! אַזאַ תּלמיד חכם אַ יוד און האָט אַזאַ מרשעת אַווייב, דו ווייסט וואָס פאַר אַ ברייטען פּיסק זי האָט? מען דאַרף נישט זינדיגען מיט די רייד, נאָר אַזאַ צרה זאָל האָבען אַזאַ מאַנן!

פון איין אַנדער ראָדל האָט מען געהערט:

— נישט אַלע מאַמעס זענען גלייך, האָטש אַלע מאַמעס טראָגען און פאַרגיעסען בלוט איבער די קינדער, אָט הייסט דאָס אַ שטיינער אַ מאַמע? איבערגעלאָזט קינדער אין שטוב אַליין, און איז זיך אַוועקגעפאָהרען, איצט האָט זיך געבּיך אַזאַ אומגליק געטראָפען.

— אַ רחמנות, חלעבען, האָט מען געהערט אַ קול פון אַ דריטען ראָדל. פאַרט אַ מאַנן מיט קינדער, ווער ווייסט וואָס עס וועט בלייבען פון דעם שטיבל, אומשטיינס געזאָגט וואָס עס בלייבט שוין איבער פאַר אַ יודען פון אַ שריפה!

— משה. האָט מען געהערט פון די ראָ מאַ ן־ראָדלעך, — האָסט דו דאָרט מיך געזעהן ווען איך בין געוועזען ביי גאלדע געלע לאָהס אייניקיל אויפן חתן מאָל?

— יאַ, איך האָב דיך געזעהן, איך האָב מיך אַרויף געדראַפּיט אויפן שאַלאש (פּאַלאַטקע), נאָ — און מיך האָסט דו געזעהן, זעלדע?

— יָא, וָואס דֶען? אִיךְ הָאבּ דִיךְ טַאקִי גֶעזֶעהן אַרָאבּ קוּקֶען אוּנ הָאבּ גֶעזָאגְט דֶער מַאמֶען: וֶועה נָאר מַאמֶע וִוי ר׳ שְׁלֹמֹה דֶעם זֵיידֶענְס גְמָרָא בָּחוּר שְׁטֶעהט אוּנ קוּקְט אוֹיף מֵיידְלֶעךְ, זִי הָאט נִיט גֶעוָואלְט גְלוֹיבֶּען אוּנ גֶעזָאגְט, אַז עֶס וַוייזְט זִיךְ נָאר אוֹיס אוּנ זִיךְ גֶעבֵּייזֶערְט אוֹף מִיר פַאר וָואס אִיךְ קוּק גָאר אַהִין, טָאמֶער שְׁטֶעהט דָארְט אַ בָּחוּר.

מֹשֶׁה הָאט גֶעוָואלְט עֶפּיס גֶעטְהִינְס זָאגֶען, נָאר זִי הָאט אִיהם אָנְגֶעכַאפְּט בַּיי דֶער הַאנְד אוּנ מִיט גְרוֹיס פְרֵייד אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען דִי רֵייד:

— אוֹי מֹשֶׁה! הָאסְט דוּ גֶעזֶעהן וִוי יוֹסִיל כְּלֵי־זֶמֶר, וָואס הָאט גֶעשְׁפִּיעלְט אוֹיף דֶער חֲתוּנָה, הָאט גֶעטְרָאגֶען אַ שֶׁאן גֶעפְּרֶעסְט הֶעמְד, אַ שֶׁאן הַאלְזְטִיכֶעל מִיט אַ פָּאוֶוער, דוּ זָאלְסְט גֶעוֶוען אָנְקוּקֶען וִוי עֶר הָאט גֶעלַאכְט אַז אִיךְ הָאבּ אִיהם בַּאצָאהלְט פַאר דֶעם טַאנְץ?

— וָואס הָאסְט דוּ גָאר בֶּעדַארְפְט דֶערצֶאהלֶען דַיין מַאמֶען אַז אִיךְ הָאבּ גֶעקוּקְט? זִי וֶועט דָאךְ דֶערצֶאהלֶען מַיין מַאמֶען דֶערפוּן.

— נַארר וָואס הָאסְט דוּ מוֹרָא? מֶען הָאט דָאךְ דִיךְ נִישְׁט גֶעכַאפְּט, וֶועסְטוּ דוּ זָאגֶען אַז דוּ בִּיזְט נִישְׁט גֶעוֶוען.

— אוּנ דוּ זָאלְסְט אוֹיךְ זָאגֶען אַז דוּ הָאסְט מִיךְ נִישְׁט גֶעזֶעהן, עֶס הָאט זִיךְ דִיר נָאר אוֹיסְגֶעוִויזֶען.

צְווִישֶׁען אֵיין אַנְדֶער פָּארִיל:

— הַיינְטִיגֶען יוֹם כִּפּוּר וֶוען דִי מַאמֶע מִיט דֶעם טַאטֶען זֶענֶען אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען אִין שׁוּל אַרַיין אוּנ אִיךְ בִּין גֶעבְּלִיבֶּען אַלֵיין, הָאבּ אִיךְ אַזוֹי מוֹרָא גֶעהַאט, אוֹי חַיִּים, אַזאַ שְׁרֶעק!

— דוּ הָאסְט דֶען מוֹרָא אַלֵיין צוּ זִיצֶען אִין אַ שְׁטוּבּ?

— נֵיין, קֵיין מָאל נִישְׁט, אִיךְ הָאבּ אֲפִילוּ קֵיין מוֹרָא נִישְׁט צוּ גֶעהן אַלֵיין בַּיי נַאכְט אִיבֶּער דֶער גַאס, נָאר יוֹם כִּפּוּר בַּיי נַאכְט שְׁרֶעק אִיךְ מִיךְ, פַאר וָואס אִיז דָאס אַזוֹי, חַיִּים? זָאג מִיר אִיךְ בֶּעט דִיךְ.

— אִיךְ וֵויים? אִיךְ וֵויים אַלֵיין נִישְׁט פַאר וָואס, אִיךְ הָאבּ יוֹם כִּפּוּר אוֹיךְ מוֹרָא מֶעהר פוּן אַלֶע טָאג.

— זֶעהסְט־דוּ, חַיִּים, דוּ וַוייסְט נִישְׁט פַאר וָואס, אִיךְ וֵויים יָא, נָאר אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעשֶׁעמְט דִיר צוּ זָאגֶען. נָאר וַוייסְט דוּ פַאר וָואס מִיר הָאבֶּען מוֹרָא יוֹם כִּפּוּר? דָאס אִיז וַוייל מִיר הָאבֶּען אַ סַךְ עֲבֵירוֹת...

— וֶוער הָאט דֶען נִישְׁט קֵיין עֲבֵירוֹת?

— בַּיילֶע, אוּנְזֶער שְׁכֵנָה'ס מֵיידִיל.

— מִיט וָואס אִיז זִי פְרִימֶער פוּן דִיר?

— זִי אִיז טַאקִי אָהן עֲבֵירוֹת, זִי שְׁפִּיעלְט נִישְׁט קֵיין לִיעבֶּע, זִי זָאגְט אַז זִי הָאט אֲפִילוּ מוֹרָא צוּ קוּקֶען אוֹיף אַ יוּנְגֶעל, אוּנ אַז אִיךְ הָאבּ אִיהר אַמָאל דֶערצֶאהלְט בְּסוֹד סוֹדוֹת, זִי אִיז מַיין בֶּעסְטֶע חַבֶר'טֶע, אַז אִיךְ שְׁפִּיעל אַ לִיעבֶּע אוּנ הָאבּ שׁוֹין אַמָאל

אֲפִילוּ גֶעקוּשְׁט אַ יוּנְגֶעל , אִיז זִי אַזוֹי פֶערְשֶׁעמְט גֶעוָוארֶען אוּנ אַזוֹי דֶערשְׁרָאקֶען , אַז זִי הָאט שׁוֹין נִישְׁט גֶעוָואלְט קוּמֶען דִי נַאכְט צוּ מִיר נָאכְטִיגֶען .

– הָאסְט דוּ אִיהר גֶעזָאגְט וֶועמֶען דוּ הָאסְט גֶעקוּשְׁט ? הָאט עֶר זִיךְ אַ חַאפּ גֶעטְהוּן פּוּן זַיין אָבְגֶעבְּרִיהטֶער .

– נֵיין ,

– נָא , גֶעדֶענְק זְשֶׁע , דוּ זָאלְסְט דִיךְ פַאר אִיהר נִיט אַרוֹיסחַאפֶּען .

– דוּ זָאלְסְט אָבֶער אוֹיךְ קֵיינֶעם נִיט אוֹיסזָאגֶען , וָוארוּם וֶוען דוּ וֶועסְט אוֹיסזָאגֶען וֶועל אִיךְ אוֹיךְ אוֹיסזָאגֶען , גֶעדֶענְק זְשֶׁע !

אוּנ אָט שְׁטֶעהט דָא אוֹיךְ אוּנְזֶער אַלְטֶער בֶּעקַאנְטֶער יוּנְגֶער מַאנְן , וֶועלְכֶער שְׁטֶעהט גֶעבִּיךְ אֵיינֶער אַלֵיין , וִוי גְלַייךְ עֶר אִיז אֵיינֶער אַלֵיין בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט .

עֶר שְׁטֶעהט אִיצְט מִיט זַיינֶע אֵייגֶענֶע גֶעדַאנְקֶען , עֶר בַּאטְרַאכְט דֶעם גַאנְצֶען גֶעפִילְדֶער מִיט דֶעם גַאנְצֶען עוֹלָם , אוּנ דוּרְךְ זַיי אוֹיךְ דִי גַאנְצֶע וֶועלְט , זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען טְרָאגֶען אִיהם הוֹיךְ גַאנְץ הוֹיךְ אוּנ עֶר , פִּ י נֶ ע טִ י נְ טְ לֶ ע ר , קוּקְט פוּן דֶער הוֹיךְ , עֶר קוּקְט אַרְאבּ וִוי אַרוּם אִיהם דְרֶעהט זִיךְ עֶפִּים אַ וֶועלְט מִיט אַ סַךְ קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלֶעךְ , אַזוֹי פִיעל וִוי מֶערִישְׁקִים אוּנְטֶער אַ שְׁטֵיין : – אָט דִי קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלֶעךְ , טְרַאכְט עֶר זִיךְ , פְלִיעהֶען , דְרֶעהֶען זִיךְ עֶפִּים ; וְואס , לְמָשָׁל , הָאבֶּען זַיי זִיךְ צוּ דְרֶעהֶען ? עֶס אִיז דֶען נִיט אַ נַארִישְׁקֵייט ? נָאר וָואס זָאל עֶר גָאר מִיט זֵיי טַעֲנָהן אַז זַיי זֶענֶען אַלֶע נַארָאנִים , עֶר שְׁרַייט דָאס לַאנְג אוּנ מֶען הֶערְט אִיהם נִישְׁט , עֶר הָאט שׁוֹין אֲפִילוּ אַמָאל גֶעשְׁרִיבֶּען אִין דִי גַאזֶעטֶען אַ טִיעפֶען מַאֲמַר פוּן גַאנְץ הוֹיכֶע זַאכֶען אוּנ בַּאקְלֶערְט דָארְט דִי גַאנְצֶע וֶועלְט מִיט דִי מֶענְשֶׁעלֶעךְ , נָאר וָואס ? גֶעה שְׁרַייא חַי וְקַיָם , אַז עֶס הֶעלְפְט נִישְׁט . עֶר קוּמְט נָאךְ גֶעבֶּעךְ אָב אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ וַוייטֶער גָאר נִישְׁט . . . . : אָט שְׁטֶעהט עֶר לֶעבֶּען דֶער שְׂרֵפָה פַארטְרַאכְט אוּנ דֶענְקְט בַּיי זִיךְ : – בִּין אִיךְ דֶען נִישְׁט גֶערֶעכְט ? הָאבּ אִיךְ שׁוֹין וֶועגֶען דֶעם דֶען נִישְׁט גֶעשְׁרִיבֶּען ? אָט אִיז מֶען שׁוֹין אוֹיפְן דַאךְ , אוּנ חַייקִיל קִישְׁקֶע אִיז נָאךְ נִישְׁט דָא .

פוּנְקְט דִי מִינוּט אִיז אִיהם וִוי אַ בְּלִיץ אַרַיינְגֶעקוּמֶען דֶער גֶעדַאנְקֶען צוּ שְׁרַייבֶּען אַ קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶע אוֹיף אַ בֵּייגֶעלֶע פַּאפִּיר פוּן אַלֶע פִיער זַייטֶען ; עֶר הָאט שׁוֹין גָאר נִישְׁט גֶעפִיהלְט צוּ עֶר שְׁטֶעהט אוֹיף דֶער עֶרְד , אִין נַאס צְוִוישֶׁען מֶענְשֶׁען , עֶס הָאט זִיךְ אִיהם גָאר אוֹיסגֶעוִויזֶען אַז פַאר זַיינֶע אוֹיגֶען שְׁוֶועבְּט אַ גְרוֹיסֶער בוֹיגֶען פַּאפִּיר אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען מִיט זַיין הַאנְד פוּן אַלֶע זַייטֶען . אוּנ עֶר לֵייעֶנְט אַזוֹי אַז עֶס אִיז אַ פֶערְגְנִיגֶען ; זַיין בֶּעסְטֶער חָבֵר , דָ א ס אֵ י י דִ י מֶ ע ל , הֶערְט אוּנ קְוֶועלְט גָאר אָן פוּן זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען אוּנ עֶר אַלֵיין בְּוַודַאי . נָאר זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען פְלִיעהֶען אִיהם אִיצְט נָאךְ וַוייטֶער אוּנ וַוייטֶער : אָט שִׁיקְט עֶר אַוֶועק דִי קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶע , אָט וַוארְט עֶר אוּנ פְּלוּצִים אִין דֶער פְרִיה , וֶוען עֶר וִויל גֶעהְן אִין קְלוֹיז דַאוְונֶען , עֶפֶענְט זִיךְ דִי טְהִיר אוּנ עֶס גֶעהט אַרַיין דֶער בְּרִיעפְטְרֶעגֶער אוּנ בְּרֶענְגְט אִיהם אַ גֶעדְרוּקְט בְּלַאט . עֶר , פִּ י נֶ ע טִ י נְ טְ לֶ ע ר , לֵייעֶנְט אִיבֶּער דֶעם גֶעדְרוּקְטֶען אַדְרֶעס אוּנ אֲפִילוּ דֶעם בַּאנְדֶערָאל אוּנ אֶפֶענְט אַזוֹי דָאס בְּלַאט

און ווי דערפרייעט איז ער געוואָרען, וואָס פאַר אַ האַרצקלאַפּעניש האָט ער באַקומען, אַז ער האָט פּלוצים דערזעהן אַ קאָרעספּאָנדענציע פון זלידניוועקע אונ „פּינגע טינטל ער" איז מיט גרויסע אותיות אָבגעדרוקט אונטען...

זיינע געדאַנקען זענין געפלויגען נאָך ווייטער אונ ווייטער...

## VIII.

## „איך" אָדער „ער".

אין דער צייט האָט מען שוין דעם דאָך פון שפּרינצעס שטוב לאַנג אָבגעריסען אונ דעם קוימען צובראָכען, אונ מען האָט דערזעהן אַז עס ברענט שוין נישט אין ערגעץ, מען האָט שוין אָבגעלאָשען, חייקיל איז שוין אויך אַנגעלאָפען מיט זיין קישקע, נאָר אַלע האָבען איהם פון דעם דאָך געשריגען אַז מען דאַרף שוין נישט, פּינגע האָט דערפון נאָר אַנגעקוואָלען, חייקיל האָט אָבער פון דעסטוועגען נישט געוואָלט גלויבען אונ איז אַליין אַרויף אויפ'ן דאַך, האָט אָבגעריסען נאָך עטליכע שטיינ־דליך פון דעם קוימען אונ האָט מודיע געווען אַז מען האָט שוין אומעטום אָבגעלאָשען.

דער עולם האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבען צו צוגעהן, די פּאַרלעך זענען נאָך פריהער אַוועקגעגאַנגען, אין אַקליינער צייט נאָכדעם איז שוין געבען דער שטוב קיינער נישט געווען, נאָר פּינגע טינטלער איז נאָך געשטאַנען עטליכע מינוט, האָט באַטראַכט אַלץ, צוגעשאָקעלט אַלע מאָל מיט דעם קאָפּ, ווי איינער זאָגט:

— איך האָב דען נישט געזאָגט פריהער, איך האָב דען נישט געשריבען? נאָר גע־שריי חי וקים... אונ איז אַוועקגעגאַנגען אַהיים שרייבען אַ קאָרעספּאָנדענציע.

שפּרינצע האָט מען שוין אויך איבערגעפיהרט פון דער דריטער שטוב צו זיך אַהיים, מיט איין וואָרט — עס איז אַלץ געוואָרען רוהיג ווי פאַר דעם געפּילדער.

ערשט איצט האָט שפּרינצע געהאַט צייט זיך אַרומצוקוקען ביי זיך אין שטוב וואָס עס איז געשעהן אונ וואָס טהוט זיך דאָ מיט איהר, צו ביסלעכווייז האָט זי זיך פּאַוואָליע אָנגעהויבען צו דערמאַנען וואָס עס איז מיט איהר פאָרגעקומען היינטיגען טאָג, ד. ה. ווי זי האָט גאָר באַדאַרפט היינט זיין מיט איהר טאָכטער אין בולוואַנאָווקע, ווי זי איז אַוועקגעגאַנגען צו טריטלין אונ האָט פאַרגעסען אָנצוזאָגען אַז מען זאָל פאַרבינדען דעם זאַק פּראָסע, ווי זי האָט זיך שוין נישט געוואָללט אומקעהרען אַהיים. זי זאָל נישט אָנווערען די עגלה, דערנאָך ווי זי האָט זיך נאָר געזעצט אויף דער פוהר איז אָנגעלאָפען איהר קינד מיט אַ געוויין אַז דער האָהן האָט איבערגעקעהרט די גאַנצע שטוב אונ בעריל שלאָגט איהם, איז זי געלאָפען אַהיים, עס איז עפּיס געוואָרען אַ געוואַלד, אַ געלויפעריי, נאָר וואָס דערנאָך איז געשעהן — געדענקט זי נישט.

שפּרינצע האָט זיך אַליין אַרומגעקוקט אין שטוב, ביז זי האָט דערזעהן בערלען זיצען אין אַ ווינקעל אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ, זי האָט איהם עפּיס געוואָללט זאָגען אונ

זי האט נישט געקאנט, בעריל האט איהר אויך עפּיס געוואללט זאגען, נאר ער האט דעם קאפּ נישט געקאנט אויפהייבען.

ביידע האבען זיך אזוי לאנג אנגעקוקט און געפּריוועט צו רעדען, ביז שפּרינצע האט ענדליך גאנץ שטיל געפרעגט:

— וואס איז דא געוועזען?

בעריל האט זי עטליכע מינוט באטראכט און אויך געפרעגט:

— וואס איז טאקי באמת דא געוועזען?

— וואס הייסט וואס? האט שפּרינצע אנגעהויבען א ביסל הויכער, איך האב דאך דיך איבערגעלאזט אין שטוב!

— נא וואס-זשע איז? בין איך געוועזען אין שטוב...

— אז דו ביזט געוועזען, וואס-זשע פרעגסט דו מיך? אוי, אז איך פאהר אוועק אויף א מינוט פון שטוב... האט זי אנגעהויבען נאך הויכער.

— ווער-זשע איז דא שולדיג? איך בין נישט שולדיג... וואס איז דען דא אזוינס געוועזען? האט בעריל אנגעהויבען ווי זיך אביסל צו דערמאנען.

אויף דער תשובה האט שוין שפּרינצע נישט געקאנט זיצען אזוי קאלטבלוטיג ווי ביז אהער, זי האט א ביסעלע צושנורעוועט איהר געקניפּטשט שמאל פּיסקעלע:

— ווער דען זאל וויסען? — אפשר איך? — איך האב דאך דיך איבערגעלאזט אין שטוב?

— דיין האן, דיינע מציאות זענען שולדיג, וויפיעל איך האב דיך געבעטען אז מען דארף נישט האלטען קיין האן אין שטוב, האבען מיט איהם געשעפּטען, האדעוועען און מען זאל אפילו דורך איהם נישט קענען רוהען ביי נאכט, וויפיעל איך האב דיך געבעטען און דיר באוויזען אז די איינציגע מציאה קאנסט דו קויפען פרייטאג נאר א גרייטען, אויס-געהאדעוועטען, און קאנסט איהם טאקע שחטען אויף שבת...

דא האט שפּרינצע נאך מעהר צושפּרייט דאס פּיסקעלע און זיך געשטעלט אויף די פיס:

— קוק איהם נאר אן ווי ער איז געווארען א גאנצער פּריץ, ער דארף נאר רוהען ביי נאכט! א גאנצער גראף געווארען ביי מיר! וואס עס האט געזאלט זיין מיר און אלע מיינע פריינד זאל זיך אויסלאזען צו דיינע הענד, צו דיינע פיס, אז עס זאל קיינעם נישט שאטען נאר דיר אליין, נאר דיין נשמה, רבונו של עולם! מיר דאכט זיך אז דו מעגסט א כפרה ווערען פאר דעם האנ׳ס מינדסטען נאגעל, עס איז פארט איין עוף, וואס פלעגט געגעבען ווערען פאר א קרבן אין דעם הייליגען בית המקדש, וועלכעס איז פאר אונזערע זינד חרוב געווארען, און דו וואס ביזט? אפילו קיין יוד נישט! וואו האט עס זיך געהערט אז אזא יונגען זאל מען נישט קענען איבער לאזען אויף א מינוט אין שטוב?

דער שטענדיג שוויגענדער שטילער בעריל, וועלכער פלעגט אויף שפּרינצעס

שרײען תּמיד נאָר אײנבײגען דעם קאָפּ, איז איצט פּלוצים געוואָרען בײדענדיג און האָט באַין אופן נישט געוואָלט אָבשװײגען.

– איך דאַרף נישט קײן האָן אין שטוב! האָט ער געשריגען אין אײן קול.

– וואָס הײסט דו דאַרפסט נישט, אַז איך דאַרף אָבער? ווער פרעגט דיך נאָר? און איך זאָג דיר אַז דער האָן וועט יאָ זײן, דיר אויף להכעיס!

– און איך זאָג דיר: נײן! – אָדער איך וועל זײן אין שטוב אָדער דער האָן, אָדער מײן טויט אָדער זײן טויט – האָט קוים אַרויסגעזאָגט בעריל זײן לעצטע רעשעניע.

– חא, חא, חא! האָט זי זיך צולאַכט, אַט האָסט דו דיר אײן אומגליק! מעגסט אפילו אַ כּפּרה ווערען פאַר זײן מינדסטען נאָגעל, וועט מיך אויך נישט אַארען.

– נאָ אויב אַזוי וועל איך דיר דערװײזען ווער עס וועט אויספירען. מאָרגענדיגען טאָג וועט דעם האָנס פוס נישט זײן בײ מיר אין שטוב; איך בין בעל בית. עס איז מײן שטוב, איך בין דער מאַנן און דו ביזט דאָס װײב און ער איז דער האָן! האָט זיך בעריל געשטאַרקט און געוואָלט בעװײזען אַז ער איז באמת דער מאַנן.

שפּרינצעס פּסק האָט זיך דער װײל צוצויגען װי װײט ער האָט נאָר געקאָנט, און עס איז געוועזען פאַר וואָס, אַ קלײניגקײט! וואו איז דאָס גאָר געהערט געוואָרען אַז שפּרינצע זאָל הערען פון שטילען בערלען אַזוינע ווערטער; זי האָט זיך צולאָזט אויף איהר קול, בעריל אויך, און זי נאָך העכער, ביז עס איז געוואָרען אַזאַ געפּילדער, אַז דער אומגליקליכער האָן, וועלכער איז ביז אַהער געשטאַנען שטיל אין אַ ווינקעלע און זיך אָבגערוהט פון דעם שלים־מזלדיגען טאָג, איז איצטער פּלוצים אַרויס פון דער שטוב און האָט אָנגעהויבען פּאַטשען מיט די פליגעל, גרילצען, קרייען, שרייען אויף אַלע קולות.

איך ווײס נישט צו דער האָן האָט דערהערט װי זײנע בעלי בתּים קריגען זיך, און איז דערפאַר געקומען צו לויפען זיך אַרײן מישען צו מאַכען שלום, אָדער ער האָט זיך גלאַט אַזוי דערשראָקען פון זײערע קולות, אָדער אפשר האָט ער פּשוט געשריגען װײל עס איז שוין נישט געוועזען פריה – ווער װײסט? נאָר דאָס קען איך אײך זאָגען, אַז מיט זײן קומען און זיך אַרײנמישען, האָט ער נישט נאָר קײן שלום נישט געמאַכט, נאָר פונקט פאַרקעהרט – ער האָט דורך זײן קראָהען און שרײען אָנגעמאַכט צווישען זײנע בעלי בתּים נאָך אַ גראָסערע קריג. בעריל איז נאָך מעהר אין כּעס געוואָרען איבער דעם האָנס גרילצען, ער האָט זיך געוואָרפען אויף איהם, איהם אַרויסצוטרײבען, אָדער עפּיס אַנדערש איהם צו טהון, שפּרינצע האָט נישט געלאָזט, דער האָן האָט זיך נאָך מעהר צוקראָהט און בעריל מיט שפּרינצען האָבען נאָך העכער געשריגען...

מיר מוזען, זײ איבערלאָזען דאָ אויף עטליכע מינוט זיך קריגען, וואָרום ווער װײסט ווען בײ זײ דער קריג קען געשטילט ווערען, און דאָ איז שוין נישט פריה, – און אין זלידניװקע הויבט מען אָן אומרוהיג צו ווערען וואָס איז די מעשה וואָס אַזוי שפּעט זעגען די װײבער, וועלכע זעגען הײנט בײ טאָג אַוועקגעפאָהרען מיט דער גוישער

פוהר, זענען נאך נישט צוריק געקומען, עס איז שוין איצטער זייגער עלף ביי נאכט — וואו זענין איצט אונזערע אבגעוואשענע, אבגעטובלטע, אויסגעצוואגענע אונ געפשרטע זלידניוועקער ווייבער ... מיר מוזען איבערלאזען אונזער פאר פאלק וואס הערט זיך נישט אויף צו קריגען. איבריגענס וואס ארט עס אונז? לאז זיך א יודיש פאר פאלק קריגען ביז הונדערט אונ צוואנציג יאהר, וואס דען זאלען זיי טהון אז זיי האבען צייט? עס איז ב״ה פרעהליך אין שטוב ... ווי מען זינגט ביי יודען:

פאר דער חתונה איז מען מרה שחורה־דיג,
נאך דער חתונה איז גרוים פערגניגען,
עס ווערד אין שטוב פרעהליך מורא־דיג,
עס איז זיך דא מיט וועמען צו קריגען.

IX.

# אין דער שווייגענדיגער נאכט.

אונ אזוי — וואו זענין איצט די ווייבער? זיי זענען נאך אין וועג. אט קוקט איצט אויף דעם וועג פון בולוואנאווקע קיין זלידניווקע. גאר איז דען מעגליך אנצוקוקען ביי נאכט א וועג, ווען דערצו איז נאך דער הימעל אויף איינינגע ערטער באדעקט מיט שטיקער שווארצע וואלקען? גאר זייט נישט קיין פארשלאפענע פארשויגען, וועלכע ווען זיי זענען אין וועג, כל זמן עס איז ליכטיג, קוקען זיי אונ וואונדערן זיך אונ קענען זיך נישט זאט אנקוקען אויף דער שאנער נאטור, וואס שמייכעלט צו זיי פון די וועלדער אונ די פעלדער; נור באלד ווי עס רוקט זיך אן די נאכט, פאררוקט מען זיך אין וואגען אדער אין די בויד אין א ווינקעל אריין אונ מען הויבט אן צו דרעמלען, אדער מען פערמאכט אזוי די אויגען, ווארום וואס קען מען דען זעהן ביי נאכט? נאר גלויבט אז ביי נאכט האט מען אויך עפים צו זעהן, אפילו אין וועג. די ליעבע נאטור אוף גאטטס וועלטעלע איז אזוי רייך, אז אפילו די פינסטערע, פארחמאריטע נאכט האט אויך איהר שאנקייט, אונ דער וואס איז נאר נישט קיין פערשלאפענער, דער דרעמעלט נישט ווען ער פאהרט אין וועג אונ זעהט דאס שאנקייט פון דער גאטור אפילו אין דער פינסטערער נאכט. אט קוקט איצט אויף דעם וועג, דאס איז באמת איינע פון די שאנסטע לאנד־שאפטען וואס מען באגעגענט ווען מען פאהרט אין דעם רייכען זיד רוסלאנד, וואו אונזער שטאדטיל זלידניוועקע געפינט זיך אויך.

ווען איך פאהר אמאל אין דער געגענד קומט מיר שטענדיג אויף די געדאנקען: גליקליך זענען נאך אונזערע ברידער וואס די „טשערטא״ — איז גראד על פי מזל דער רייכער שאנער יוג (דרום). וואס וואלטען זיי געטהון אז אויף זייער פינסטער מזל זאל די יודישע טשערטא געוועזען אויספאלען אין דעם פינסטערן, טרויריגען צפון פון רוסלאנד, ווי אזוי וואלטען דארטען די אומגליקליכע יודען געקאנט לעבען אין אזא ענג־

שַׁאפְּט, קֶען אִיךְ מִיר נִישְׁט פָּארְשְׁטֶעלֶען; נָאר זֶעהט זְשֶׁע וִוי דֶער אוּמְגְלִיקְלִיכֶער הָאט אוֹיךְ מַזָל, – דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער גִיט דֶעם מִיטְוָואךְ פַאר דֶעם דָאנֶערְשְׁטָאג – דַארְף דִי יוּדִישֶׁע: „טְשֶׁערְטַא" זַיין אוֹיף אֵיינֶעם פוּן דֶעם בֶּעסְטֶען, פֶּעטְסְטֶען, אוּנ שֶׁאנְסְטֶען שְׁטִיקֶל לַאנְד.

מֶערְקְוִוירְדִיג אִיז וִוי דִי נַאטוּר אִיז אַזוֹי פְּרָאסְט, אַזוֹי אָהן חָכְמוֹת, אַז בַּיי אִיהר אִיז קֵיין שׁוּם חִילוּק נִישְׁט דָא צְוִוישֶׁען פַּ א ר י ז אוּנ זְ ל י ד נ י ו ו ק ע! אָט אִיז אִיהר גֶעפֶעלֶען אוֹיסצוּפּוּצֶען אַרוּם זְ ל י ד נ י ו ו ק ע דִי גַאנְצֶע גֶעגֶענְד מִיט אַזוֹינֶע שֶׁאנֶע גֶעדִיכְטֶע פֶּעלְדֶער אוּנ וָואלְדֶער, בֶּערְג, טְהָאלֶען, טַייכֶען א. ז. וו. טַאקִי פּוּנְקְט וִוי אִין א י ט א ל י ע ן אָדֶער אִין דֶער שְׁ וַ י י ץ, וואו דִי גְרֶעסְטֶע קִינְסְטְלֶער פָאהְרֶען אַהִין זִיךְ וואוּנְדֶערן אוֹיף דִי דָארְטִיגֶע שֶׁאנֶע לַאנְדְשַׁאפְטֶען. מֵילָא קֵיין אִיטַאלְיֶען אָדֶער דֶער שְׁווַייץ פָאהְרֶען דִי גְרֶעסְטֶע לַייט פוּן דֶער וֶועלְט דָארְט צוּ וָואהנֶען אוּנ צוּ הָאבֶּען פֶערְגְנִיגֶען, אִיז רֶעכְט וָואס דִי נַאטוּר הָאט זִיךְ דָארְט אַזוֹי שֶׁאן אוֹיסגֶעפּוּצְט אוּנ אוֹיסגֶעשְׁלֵייעֶרְט, אָבֶּער אַרוּם זְלִידְנִיוְוקֶע אוּנ אַרוּם בּוּלְוַואנָאוְוקֶע וָואס הָאט דִי נַאטוּר גֶעהַאט זִיךְ אַזוֹי שֶׁאן אוֹיסצוּפּוּצֶען? קֵיין גְרוֹיסֶע לַייט קוּמֶען נִישְׁט אַהִין; פַאר וֶועמֶען זְשֶׁע? טַאקִי פַאר דִי אָרִימֶע זְלִידְנִיוְוקֶער יוּדֶען אוּנ וַוייבֶּער? – יָא פַאר זֵיי, וָוארוּם דִי עֶהרְלִיכֶע נַאטוּר מַאכְט נִישְׁט קֵיין חִילוּק צְוִוישֶׁען דִי מֶענְשֶׁען וָואס קֶעהְרֶען אִין זֵייעֶר לֶעבֶּען אִיבֶּער וֶועלְטֶען, אוּנ צְוִוישֶׁען דִי מֶענְשֶׁען וָואס פִיהְרֶען אַזַא פּוּסְטֶע-פְּרָאסְט לֶעבֶּען וִוי דִי זְלִידְנִיוְוקֶער יוּדֶען אוּנ וַוייבֶּער. נָאר זֵיי הָאבֶּען זִיךְ זֵייעֶר לֶעבֶּען, זֵייעֶר בַּאזוּנְדֶער וֶועלְטֶעלֶע, זֵיי פַארְשְׁטֶעהֶען גָאר קֵיין אַנְדֶער לֶעבֶּען נִיט, זֵיי שְׁטֶעלֶען זִיךְ גָאר קֵיין אַנְדֶער לֶעבֶּען נִישְׁט פָאר! אִין זֵייעֶר פּוּסְטֶען לֶעבֶּען גֶעפִינֶען זֵיי פַאר זִיךְ גֶענוּג אִינְטֶערֶעס, מֶען לַאכְט, מֶען אִיז פְרֶעהְלִיךְ, מֶען וַויינְט, מֶען לֶעבְּט אוֹיף, מֶען פַאלְט אַרָאבּ א. ד. ג. אוּנ דִי עֶהרְלִיכֶע נַאטוּר דִיעֶנְט זֵיי, שְׁמֵייכֶעלְט צוּ זֵיי אוּנ שֶׁענְקְט זֵיי פוּן אִיהְרֶע אַלֶע טְהַייעֶרֶע מַתָּנוֹת, עֶס זֶענֶען דָא מִינוּטֶען אִין זֵייעֶר פִינְסְטֶער לֶעבֶּען, וֶועלְכֶע זֶענֶען פַארְצוּקֶערְט, אַז זֵייעֶרֶע פַארְוָויאַלִיטֶע, פַארלֶאגֶערְטֶע הֶערְצֶער צוּגִיעסֶען זִיךְ וִוי הָאנִיג!

אָט הָאט אִיהר אַשְׁטֵייגֶער עֶטְלִיכֶע זִיסֶע מִינוּטֶען...

וָואס דִי וַוייבֶּער הָאבֶּען אִיבֶּערגֶעלִיטֶען אַ גַאנְצֶען טָאג אֵיידֶער זֵיי זֶענֶען אַוֶועק גֶעפָאהְרֶען קֵיין בּוּלְוַואנָאוְוקֶע, אִיז אַייךְ שׁוֹין פוּן פְרִיהֶער גוּט בֶּעקָאנְט. נָאר אִיצְטֶער פָאהְרֶען זֵיי שׁוֹין ב"ה צוּרִיק פוּן בּוּלְוַואנָאוְוקֶע אַהֵיים!

דִי נַאכְט, חָאטְשׁ זִי אִיז פִינְסְטֶער, אִיז זֶעהר שֶׁאן. אוֹיף דֶעם זִילְבֶּערְנֶעם הִימֶעל שְׁוִוימֶען אַרוּם גְרוֹיסֶע שְׁוַוארְצֶע שְׁטִיקֶער חֲמָארֶעס, וִוי שְׁוַוארְצֶער סַאמֶעט בַּאפּוּצְט אַ בְּלוֹיזַיידֶען קְלֵייד; דִי לְבָנָה, חָאטְשׁ מֶען זֶעהט זִי אִיצְט נִישְׁט, בַּאוַוייזְט זִיךְ פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען מִינוּטֶען וַוייס אוּנ טְהוּט אַ קוּק אוֹיף דֶעם וֶועג, אוֹיף וֶועלְכֶען פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען צִיהֶען זִיךְ צְווֵיי לַאנְגֶע שׁוּרוֹת בּוֹימֶער, אוּנ צְוִוישֶׁען זֵיי אַלַאנְגֶער וָואגֶען מִיט עֶפֶּעס פוּל אָנְגֶעפִילְט, אוּנ בַּאהַאלְט זִיךְ וַוייטֶער...

צוּ דֶער שְׁטִילֶער שֶׁאנֶער נַאכְט שְׁפִּיעלְט דֶער וָואגֶען צוּ, מֶען הֶערְט וִוי רֶאדֶער שְׁלֶעפֶּען זִיךְ אוּנ סְקְרִיפֶּען, דֶער מוּזְשִׁיק שְׁמַייסְט אוּנ פָאכְט מִיט דֶעם בַּייטְשִׁיל אוּנ אַלֶע

מינוט לאָזט ער אַרויס גאַנץ קאַלטבלוטיג זיין „ווָ אַ", ווי גלייך ער איז פאַרזיכערט אַז זיינע פערדלעך וועלען זיין פוהר אַזוי דערשלעפען קיין זלידניוועקע.

ווען אַ רייזענדער זאָל גראַד איצט דורכפאָהרען, וואָלט ער זיך אפילו נישט אומגעקוקט אויף דער פוהר, וואָרום עס וואָלט איהם גאָר נישט איינגעפאַלען אַז דאָ פאָהרען למשל פּאַרשוינען, און ווען ער זאָל יאָ זיין נייגעריג אַ קוק צו טהון אויף דער פוהר, וואָלט ער געמיינט אַז דאָ פיהרט מען זאַקלעך מעהל, אָדער פעקלעך וואַטע, צו גאָר לעהמענע טאָפּלעך. נאָר באמת האָט די פוהר געפיהרט אונזערע אַלע באַקאַנטע זלידניוועקער ווייבער וואָס האָבען זיך געבונטעוועט אַקעגען טרייטלין און געדונגען אַ קריסטליכע פוהר; זיי זענען איצט געפאָהרען אַהיים זעהר צופריעדען, האָטש זיי זענען איינגענטליך גאָר נישט געזעסען, נאָר עפּעס ווי געלעגען איינע אויף די אַנדערע, קאָפּ אויף קאָפּ און מיט פערפּלאָנטעטע פיס, אָבער פאָרט אַ סך גרויסער ווי ביי טרייטלין אין וואָגען. דעם מוזשיקס קליינע פערדלעך שלעפען פאָרט גיכער ווי טרייטילס, דער מוזשיק זיצט אויף דער קעלנע ווי אַ בעל עגלה דאַרף זיצען און וואַרפט זיך נישט אַריין צווישען די ווייבער, ווי גלייך ער איז אַ פּאַרשוין, און הייבט נישט אָן צו דרשענען און זאָגען זיינע פוילע וואָרטלעך, וואָס זענען אפילו זלידניוועקער ווייבער אויך נמאס צו הערען, חוץ דעם קאָסט עס טאַקע וואָלוועלער.

מיט איין וואָרט זיי זענען געוועזען זעהר צופריעדען, און דאָ זענען נאָך אַלע אָבגעוואַשען, אָבגעטובלט, אויסגעצוואָגען, אָבגעגעשערט, און די לבנה קוקט אַלע מאָל אויף זיי אַזוי שאָן, פון די פעלדער און בוימער שמעקט אַזוי גוט, ערגעץ ווייט פון דעם וואַלד אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, זינגט אַ פייגעלע אַזוי ליעב. דער וואָגען סקריפּעט, די פערדלעך קלאַפּען מיט די קאָפּיטעס, דער מוזשיק זינגט זיך אַלע מאָל מיט אַ ניגון: „וויאָ", „עטיאַ".

דאָס אַלץ איז געוועזען אַזאַ פאַרגניגען אַז זייערע הערצער האָבען זיך צוגאָסען ווי האָניג, אַז עס האָט זיך זיי זעהר געגלוסט צו זאָגען איינע דער אַנדערע:

— אַך, ווי שאָן און גוט איז איצט, נאָר, נאָר... זיי זענען פאָרט געווען שווייגענדיג, ווייל זיי האָבען זיך אין דער באָד אַביסל פערשפּעטיגט, אַז ווען זיי זענען אַרויסגעגאַנגען, איז שוין דער דאָרטיגער פּאַנפּאַטש, ביי וועלכען די ווייבער מוזען זיך אָנריהרען אַרויסגעהענדיג פון דער טהיר, שוין לאַנג נישט געוועזען, די דאָרטיגע טוקערן האָט זיי נאָכגעשריגען אויף דעם וועג, למען השם זיי זאָלען זיך נישט דערוועגען אַרויס צוכאַפּען מיט אַ וואָרט, וואָרום ווען חו"ש יאָ, איז חוץ דער עבירה, וועלען זיי מוזען מאָרגען נאָך אַמאָל פאָהרען קיין בולוואַנאָווקע.

דערפאַר האָבען געבעך די גליקליכע ווייבער נישט געקאָנט איינע דער אַנדערער אַרויסזאָגען זייערע געפיהלע וועגען דער רייכער שאָנער נאַטור.

פּלוצים אין דער שטילקייט פון דער נאַכט האָט זיך געהערט פון ווייטענס אַ קול, ווי איינער זינגט זיך אונטער דער נאָז אַ גויש ליעדעל, דאָס קול איז אַלע מאָל צוגעקומען נאָרנטער.

— „טְפְּרְרוּ, סְטָאפּ", הָאט פְלוּצִים דֶער וַוייבֶּערִישֶׁער כּוּזְשִׁיק אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט דִי פֶּערְד; וָוזִס מַאכְסְט דוּ אִיוַואן? אִיךְ הָאבּ דִיךְ דֶערְקֶענְט אָן קוֹל, וָואס גֶעהַסְט דוּ אַזוֹי שְׁפֶּעט פוּן דֶער שְׁטָאדט?

— נָא אַז שְׁפֶּעט, טָא וָואס זְשֶׁע אִיז, סְטֶעפַּאן? וֶועל אִיךְ דֶען נִישְׁט טְרֶעפֶען אַהֵיים? אָט בַּאלְד אָן דֶער זַייט נָאךְ אֵיין וְוִיאָרְסְט אִיז שׁוֹין דִי שְׁטָאדְט.

— וָואס לֶערְנְסְט דוּ מִיךְ דֶעם וֶועג? אִיךְ וֵויים דֶען נִישְׁט וואוּ אוּנְזֶער דָארְף שְׁטֶעהט? אִיךְ הָאבּ שׁוֹין מַיינֶע צָאהן אוֹיפְגֶעגֶעסֶען אוֹיף דֶעם וֶועג.

— נָא אִיז גוּט אַז דוּ וֵוייסְט, וֶואס־זְשֶׁע דֶען פְּרֶעגְסְט דוּ מִיךְ?

— אִיךְ פְּרֶעג דִיךְ וָואס גֶעהְסְט דוּ פוּן דֶער שְׁטָאדט אַזוֹי שְׁפֶּעט? מִיר זֶענֶען בַּיי טָאג גְלַייךְ גֶעקוּמֶען, אִיךְ בִּין שׁוֹין גֶעוֶועזֶען אִין בּוּלְוַואנָאוְוקֶע אוּנ פָּאהר שׁוֹין צוּרִיק אוּנ דוּ שְׁלֶעפְּסְט זִיךְ נָאךְ...

— אַךְ, בְּרוּדֶער, וָואס דֶערצֶעהלְסְט דוּ מִיר אַז דוּ בִּיזְט גֶעוֶועזֶען אִין בּוּלְוַואנָאוְוקֶע? וואוּ בִּיזְט דוּ נָאךְ דֶערְכֶעלְט גֶעוֶועזֶען וֶוען אִיךְ בִּין מִיט פֶּערְשׁוּינֶען גֶעפָאהרֶען, אוּנ דֶער־נָאךְ אַ „טְשׁוּמַאק" גֶעוָוארֶען, גֶעפִיהרְט יוּדִישֶׁע סְחוֹרָה אַזְשׁ קֵיין אַדֶעס, גַאנְצֶע נֶאכְט גֶעפָאהרֶען אוּנ פַאר קֵיינֶעם קֵיין מוֹרָא נִישְׁט גֶעהַאט, שֵׁדִים מִיט רוּחוֹת וָואס זֶענֶען פוּן דִי אַדֶעסֶער וֶועלְדֶער נָאכְגֶעלָאפֶען נָאךְ מַיין וָואגֶען, הָאבּ אִיךְ מִיט מַיין בַּייטְשׁ אוּנ מִיט אַ פַּייף פַארְטְרִיבֶּען. אִיךְ גֶעדֶענְק נָאךְ וִוי הַיינְט אִיךְ הָאבּ מִיךְ אַמָאל פַאר אַדֶעס נֶעבֶּען אַ קְרֶעטְשְׁמֶע אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט, אִיךְ טְהוּ אַ טְרוּנְק בְּרָאנְפֶען אוּנ גֶעה אַזוֹי אַרוּים אוּנ טְהוּ אַ טְרַייבּ דִי פֶּערְד, אוּנ גֶעה נָאךְ צוּפוּס גֶעבֶּען דֶעם וָואגֶען סְחוֹרָה אַ וְוִיאָרְסְט נָאךְ דֶער קְרֶעטְשְׁמֶע, הֶער אִיךְ פְלוּצִים פוּן מַיין וָואגֶען אַ קוֹל, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דָאס הָאט זִיךְ אִין מַיין וָואגֶען, בְּשַׁעַת אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אִין קְרֶעטְשְׁמֶע, אַרַיינְגֶעחַאפְּט אַ רוּחַ, אוּנ טְרַאכְט מִיר אַזוֹי, עֶר וֶועט שׁוֹין לִיגֶען בַּיי מִיר אִין דֶער עֶרְד, אִיךְ חַאפּ מִיךְ אַרוֹיף אוֹיף דֶעם וָואגֶען, גִיבּ אַ טְרַייבּ מַיינֶע פֶּערְד אוּנ הֵייבּ אָן צוּ פַּייפֶען; דִי פֶּערְד פְלִיהֶען אוּנ אִיךְ פַּייף, פְלוּצִים הֶער אִיךְ פוּן מַיין פוּהר עֶטְלִיכֶע קוֹלוֹת, אִיךְ וִוילל זִיךְ נִישְׁט אוּמְקוּקֶען אוּנ פְלִיה וַוייטֶער אוּנ פַּייף וַוייטֶער, אוּנ דָא הֶער אִיךְ נָאךְ מֶעהר קוֹלוֹת. דֶער וָואגֶען וֶוערְד שְׁוֶוערֶער אוּנ שְׁוֶוערֶער, דִי פֶּערְדְלֶעךְ סַאפֶּען, אִיךְ קוּק מִיךְ אוּם... נָאר וִוי דֶערְשְׁרָאקֶען בִּין אִיךְ גֶעוָוארֶען אַז פוּן מַיינֶע אַכְט פֶּאקְלֶעךְ סְחוֹרוֹת זֶענֶען גֶעוָוארֶען אַכְט רוּחוֹת, אוּנ מִיט מַיין לֶעצְטֶען כֹּחַ הָאבּ אִיךְ נָאךְ שְׁטַארְקֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען פְלִיהֶען, אַזוֹי! לִיעבֶּער סְטֶעפַאן, בִּין אִיךְ גֶעפְלוֹיגֶען בִּיז טָאג אוּנ וֶוען אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען קֵיין אַדֶעס אוּנ הָאבּ אַרָאבּ גֶעוָוארְפֶען דִי סְחוֹרָה, זֶענֶען מַיינֶע פֶערְד גֶעפַאלֶען טוֹיט; פוּן דֶעמָאלְט אָן בִּין אִיךְ גֶעוָוארֶען אוּמְגְלִיקְלִיךְ, אִיךְ לֶעבּ נָאר דֶערפוּן וָואס אִיךְ טְרָאג אוֹיף מַיינֶע פְּלֵייצֶעס אִין שְׁטָאדט צוּ פַארְקוֹיפֶען. אָט הַיינְט הָאבּ אִיךְ גֶעבְּרַאכְט פִיער בִּינְטְלֶעךְ אָבּ־גֶעקָאסֶעט הֵיי, בִּיז נַאכְט הָאבּ אִיךְ פַארְקוֹיפְט דְרַיי אוּנ בִּין גֶענַאנְגֶען אִין אַ „חַארְטְשֶׁעוְונְיֶע", וואוּ אִיךְ הָאבּ מִיךְ פֶערְזַאמְט. אִיצְט טְרָאג אִיךְ דָאס פֶערְטֶע בִּינְטֶעל אַ הֵיים אוּנ זִינְג מִיר אַזוֹי דֶערוַוייל הָאבּ אִיךְ דִיךְ בַּאגֶעגֶענְט. אִיצְט פַארְשְׁטֶעהְסְט דוּ שׁוֹין וָואס אִיךְ גֶעה אַזוֹי שְׁפֶּעט פוּן דֶער שְׁטָאדט?

סְטֶעפַּאן אִיז שְׁטַארק דֶערשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען פוּן אִיוַואנְס מַעֲשֶׂה. וַוייל אִיוַואן אִיז אִין שְׁטָאדט בַּאקָאנְט גֶעוֶועזֶען פַאר אַ מַעֲשֶׂה דֶערצֶעהלֶער, אַז עֶר פְּלֶעגְט אִין דֶער קְרֶעטְשְׁמֶע דֶערצֶעהלֶען מַעֲשׂוֹת, פְּלֶעגֶען אַלֶע אוֹיפְשְׁטֶעלֶען מוֹיל אוּנ אוֹיעֶרֶען, אוּנ דַאנְק אִיהם הָאט דָאס גַאנְצֶע דָארְף גֶעגְלוֹיבְּט אִין שֵׁדִים מִיט רוּחוֹת.

אִין דֶער צַייט וָואס דִי צְוַויי מוּזְשִׁיקֶעס הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ גֶערֶעדְט, הָאבֶּען סְטֶעפַּאנְס פֶּערְדְלֶעךְ אוֹסְפֶּעיֶעט אָבְצוּפְלִיקֶען אַ הַאלְבּ בִּינְטֶעל הֵיי פוּן אִיוַואנְס פְּלֵייצֶע, עֶר הָאט פְּלוּצִים דֶערפִיהלְט וִוי עֶס אִיז אִיהם גְרִינְגֶער גֶעוָוארֶען, עֶר הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקוּקְט אוּנ דֶערְזֶעהן.

– דַיינֶע פֶּערְדְלֶעךְ זֶענֶען הוּנְגֶערִיג אוּנ דוּ זְשַאלֶעוֶועסְט זֵיי, זֶעהסְט דוּ, זֵיי הָאבֶּען בַּיי מִיר אָבְגֶערִיסֶען בַּאלְד אַ הַאלְבּ בִּינְטֶעל.

– נָא לֶעג אַנִידֶער דָאס גַאנְצֶע בִּינְטֶעל, וִויפִיעל קוּמְט דִיר?

– צֶעהן קָאפִּיקֶעס.

סְטֶעפַּאן הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זוּכֶען בַּיי זִיךְ אִין אַלֶע קֶעשֶׁענֶעס, אוּנ הָאט זִיךְ דֶער־מַאנְט אַז דָאס לֶעצְטֶע גֶעלְד הָאט עֶר פַארְטְרוּנְקֶען פַאר דֶעם אַוֶועקְפָאהרֶען.

– נֵיין, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין נִישְׁט, אִיךְ וֶועל נֶעמֶען בַּיי זֵיי.

– בַּיי וֶועמֶען? הָאט פַארְווּאוּנְדֶערְט גֶעפְרֶעגְט אִיוַואן, וֶועלְכֶער אִיז גֶעשְׁטַאנֶען לֶעבֶּען דִי פֶערְד.

– בַּיי מַיינֶע פַארְשׁוֹינֶען.

דוּ פִיהרְסְט דֶען אִיצְט פֶּערְשׁוֹינֶען? אִיךְ זֶעה גָאר נִישְׁט, אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט דוּ פִיהרְסְט פוּן דֶער בּוּלְוַואנָאוְוקֶער מִיהל זַאקְלֶעךְ מֶעהל קַיין זְלִידְנִיוְוקֶע.

– דוּ הָאסְט דָאךְ גֶעזֶעהן וִוי אִיךְ בִּין אַרוֹיסְגֶעפָאהרֶען פוּן זְלִידְנִיוְוקֶע מִיט פַארְשׁוֹינֶען?

– נָא, אוּנ צוּרִיק דֶען אוֹיךְ? אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט אַז צוּרִיק פִיהרְסְט דוּ סְחוֹרָה. וָואס־זְשֶׁע שְׁוַוייגֶען זֵיי אַזוֹי? אִיךְ הָאבּ דִי גַאנְצֶע צַייט פוּן זֵיי קֵיין הַאלְבּ וָוארְט נִישְׁט גֶעהֶערְט.

סְטֶעפַּאן הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט צוּגֶעהן צוּ דִי וַוייבֶּער בֶּעטֶען צֶעהן קָאפּ׳, אוֹיף דֶעם חֶשְׁבּוֹן פוּן דֶעם פוּהְרְגֶעלְד, נָאר וִוי דֶערְשְׁרָאקֶען אִיז עֶר גֶעוָוארֶען אַז אָנְשְׁטָאט צֶעהן קָאפּ׳ הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען וַוארְפֶען פַאר אִיהם צְוַואנְצִיג הֶאנְד מִיט הוּנְדֶערְט פִינְגֶער דִי פַארְשׁוֹינֶען הָאבֶּען זִיךְ אַזוֹי גֶעוָוארְפֶען מִיט דִי הֶאנְד אַז עֶס הָאט אוֹיסְגֶעווִיזֶען זֵיי ווִילֶען נִישְׁט עֶר זָאל צוּ זֵיי צוּגֶעהן, דֶערצוּ הָאבֶּען זֵיי נָאךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטִילֶערְהֵייט צוּ בְּרוּמֶען, מַאכֶען אַלֶערְלַיי מְשׁוּנֶה׳נֶע מִינֶעס.

סְטֶעפַּאן הָאט מִיט אַ גְרוֹיס צִיטֶערְנִישׁ גֶעגֶעבֶּען אַ גֶעשְׁרַיי נִישְׁט מִיט זַיין קוֹל:

– אִיוַואן! אִיוַואן!

אִיוַואן אִיז אִין דֶער מִינוּט צוּגֶעלָאפֶען אוּנ הָאט גֶעזֶעהן דִי אֵייגֶענֶע סְצֶענֶע וֶועלְכֶע הָאט סְטֶעפַּאנִין אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקֶען, אוּנ דֶערצוּ הָאט עֶר נָאךְ גֶעהֶערְט אַ גֶעלֶעכְטֶער וִוי פוּן אַ סַךְ מֶענְשֶׁען.

סְטֶעפַּאן אִיז פַּאר גְרוֹים שְׁרֶעק פָּשׁוּט גֶעפַּאלֶען פוּן דִי פִּיס, נָאר אִיוַואן, וֶועלְכֶער הָאט זִיךְ גֶערֶעכִינְט פַּאר אַ גֶ ע נִ י טֶ ע ן אִין אַזוֹינֶע זַאכֶען, הָאט אִיהם אוּנְטֶערגֶעהַאלְטֶען אוּנ אַוֶּועקגֶעשְׁלֶעפְּט אִין דֶער זַייט, דָארְט זֶענֶען בֵּיידֶע גֶעפַאלֶען אוֹיף דִי קְנִיע אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ צַלְמ'עֶן . . .

דָאס גְרוֹיסֶע גֶעלֶעכְטֶער פוּן דֶעם וָואגֶען אַרוֹיס אִיז נָאךְ גְרֶאסֶער גֶעוָוארֶען, נָאר קֵיין אֵיינְצִיג וָוארְט הָאט זִיךְ פוּן דָארְט נִישְׁט גֶעהֶערְט.

סְטֶעפַּאן מִיט אִיוַואנֶען זֶענִין מִיט גְרוֹים שְׁרֶעק צוּגֶעקְרָאכֶען צוּ דִי פֶערְד, הָאבֶּען זִיךְ עֶפִּיס גֶעפָּארֶעט אִין דִי „פָּאסְטְרָיאָנְקִים" אוּנ פְּלוּצִים זֶענֶען זֵיי בֵּיידֶע גִיךְ אַוֶּועק רַייטֶענְדִיג אוֹיף דִי צְוַויי פֶערְד אוּנ הָאבֶּען דֶעם וָואגֶען מִיט דֶעם דִישֶׁעל אִיבֶּערגֶעלָאזְט . . .

אִין דֶעם אוֹיגֶענְבְּלִיק הָאבֶּען זִיךְ פוּן דֶעם וָואגֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיסשִׁיטֶען פֶער־שִׁידֶענֶע קְלֵיידְלֶעךְ אוּנ אוֹיף זֵיי קְלוּמֶעקְלֶעךְ, קֶאסְטְלֶעךְ אוּנ מִיט אַ גְרוֹים גֶעשְׁרֵיי הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעלָאזְט נָאכְלוֹיפֶען נָאךְ דִי רַייטֶערְס, אָבֶער אוּמְזִיסְט! עֶרְשְׁטֶענְס זֶענֶען דִי רַייטֶערְס שׁוֹין וַוייט פוּן זֵיי גֶעוֶוען, צְוַויטֶענְס – אַז זֵיי הָאבֶּען דֶערְזֶעהְן וִוי עֶפִּיס אַ סַךְ וַ וֹ י י סֶ ע לוֹיפֶען זֵיי נָאךְ מִיט שְׁרֶעקְלִיכֶע קוֹלוֹת, הָאבֶּען זֵיי זִיךְ נָאךְ מֶעהר דֶער־שְׁרָאקֶען אוּנ הָאבֶּען מִיט דֶעם גְרֶעסְטֶען כֹּחַ גֶעיָאגְט זֵייעֶרֶע פֶערְד אוֹיף דֶעם וֶועג וָואס פִיהְרְט קֵיין זְלִידְנִיוְוקֶע . . .

דָאס אִיז גֶעשֶׁעהְן פוּנְקְט הַאלְבּ עֶלְף דֶעם זֵייגֶער בַּיי נַאכְט אוּנ פוּן דֶעם אָרְט וואוּ דֶער וָואגֶען אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן בִּיז קֵיין זְלִידְנִיוְוקֶע אִיז נָאךְ גֶעבְּלִיבֶּען אַכְט וֶוערְסְט . . .

דִי שְׁוַוארְצֶע חֲמֹרִים הָאבֶּען נָאךְ אַרוּמְגֶעשְׁפַּאצִירְט אִיבֶּערְן הִימֶעל, דִי לְבָנָה הָאט נִישְׁט אוֹיפְגֶעהֶערְט אַלֶע מָאל אַ קוּק צוּ טְהוּן אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן בּוּלְוַואנָאוְוקֶע קֵיין זְלִידְנִיוְוקֶע, פוּן דֶעם וַוייטֶען וָואלְדֶעל הָאבֶּען דִי פֶאגֶעל וַוייטֶער גֶעזוּנְגֶען, נָאר דֶער וָואגֶען הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ סְקְרִיפֶּען, אַרוּם אִיהם הָאט מֶען נָאר גֶעזֶעהְן אִין דֶער שְׁוַוארְצֶער נַאכְט זִיךְ פִינְטְלֶען קָאפֶּענְטִיכְלֶעךְ, וַוייסֶע קָאסִינְקֶעס, פַּאטְשַׁיילִיס, בִּינְטְלִיךְ, קְלוּמֶעקְלֶעךְ אוּנ קְלֵיידְלֶעךְ . . .

---

# X.

## טְרַייטִילְס נְקָמָה.

אִין זְלִידְנִיוְוקֶע הָאט שׁוֹין דֶער הָאן גֶעקְרֶאהט דָאס צְוַוייטֶע מָאל, דִי צִיגֶען אוּנ בְּהֵמוֹת וָואס דְרֶעהֶען זִיךְ אַרוּם דֶעם גַאנְצֶען טָאג אִין גַאס, זֶענֶען שׁוֹין לַאנְג גֶעלֶעגֶען לֶעבֶּען זֵייעֶרֶע הַייזֶער אוּנ גֶערוּהט; אִין אַלֶע הַייזֶער אִיז שׁוֹין לַאנְג גֶעוֶועזֶען פִינְסְטֶער, דִי זְלִידְנִיוְוקֶער אֵיינְוָואהְנֶער הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין אוֹיף זֵייעֶרֶע בֶּעטִין אַוַודַאי אוּמְגֶעקֶערְט דָאס צְוַוייטֶע מָאל; נָאר אִין דִי פֶענְסְטֶער פוּן דִי הַייזֶער וואוּ דִי מֶאנְנֶער הָאבֶּען גֶע־וַוארְט אוֹיף זֵייעֶרֶע וַוייבֶער, הָאט זִיךְ נָאךְ טוּנְקֶעל גֶעלַייכְט. בַּיי בֶּערִיל פְלַאסְטֶער הָאט

נָאךְ אויךְ גֶעבְּרֶענְט אַ לִיכְט, נִיט צוּ לִיעב דֶעם אֵיידֶעם וֶועלְכֶער הָאט גֶעוַואַרְט אויף זַיין וַוייבּ, נָאר וַוייל זַיין וַוייבּ שְׁפְּרִינְגְצֶע הָאט זִיךְ נָאךְ נִישְׁט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ קְרִיגֶען מִיט אִיהם אִיבֶּער דֶעם הָאהן. אויף דֶער גַאס הָאט מֶען שוין נִישְׁט גֶעזֶעהֶן קֵיין לֶעבֶּעדִיגֶען מֶענְשֶׁען, מֶען הָאט נָאר גֶעהֶערְט רַעשֶׁען אַ קְלֵיין ווינְטֶעלֶע, וֶועלְכֶעס הָאט דִי בִּיסְלֶעךְ שְׁטְרוֹי אִיבֶּערגֶעטְרָאגֶען פוּן אֵיין אָרְט אויף׳ס אַנְדֶערן אוּנ גֶעמַאכְט גְרוֹיסֶע אוּנ קְלֵיינֶע קוּפְּקֶעלֶעךְ. קֵיינֶער הָאט דָאס ווינְטֶעל נִישְׁט גֶעשְׁטֶערְט זִיךְ דְרֶעהֶען אִיבֶּער דִי זְלִידְנִיוְוקֶער גַאסֶען, ווִי עֶר הָאט נָאר גֶעוָואלְט. נָאר פְּלוּצִים הָאט מֶען פוּן וַוייטֶענְס גֶעהֶערְט טוּפְּקֶען פִים פוּן פֶערְד.

דָאס זֶענֶען גֶעלָאפֶען צְוַויי רַייטֶער!

– נָא, דוּ וַוייסְט וואוּ עֶס וָואהנְט דֶער זְלִידְנִיוְוקֶער „רֶעזְנִיק״? הָאט גֶעפְרֶענְט אויף גוֹיִש אֵיין רַייטֶער דֶעם אַנְדֶערן.

– נָאךְ ווִיא אַזוֹי! וֶוען אִיךְ פָאהר נָאר אִין שְׁטָאדְט גִיט מִיר מִיט דִי רֶענְדַארְקֶע אִיךְ זָאל לָאזֶען שֶׁחְטֶען אַ הָאהן; אִיךְ קֶען אֲפִילוּ דִי שׁוחֵט׳קֶע, זִי אִיז דָאךְ אויךְ מִיט מִיר מִיטְגֶעפָאהרֶען קֵיין בּוּלְוַואנָאוְוקֶע... אָט דָאס פָאהרֶען מִיר דָאךְ אִיהם דֶערְצֶעהלֶען... קֶען אִיךְ דֶען אִיבֶּערלָאזֶען מַיין וָואגֶען אויף הֶפְקֵר? אִיךְ הָאבּ נָאר וָואס גֶעמַאכְט צְוַויי נַייעֶ רָאדֶער.

אוּנ דִי צְוַויי רַייטֶער הָאבֶּען זִיךְ אַזוֹ רַיידֶענְדִיג גֶעלָאזְט אַרַיין פָאהרֶען אִין דֶעם גָאסִיל וואוּ דֶעם שׁוחֵט׳ס שְׁטוּבּ אִיז.

*

* *

אֵיידֶער דִי צְוַויי רַייטֶערְס וֶועלֶען אָנְקְלַאפֶּען בַּיים שׁוחֵט אִין דֶער טְהִיר, מוּזֶען מִיר זִיךְ אוּמְקֶעהרֶען אוּנ אַקוּק טְהוּן וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ בַּיים שׁוחֵט מִיט אַ הַאלְבֶּער שָׁעָה צוּרִיק, וַוייל דָארְט לַייכְט זִיךְ אויךְ, הָאטְשׁ עֶס אִיז שׁוין הַאלְבּ עֶלְף אוּנ בַּיים שׁוחֵט אִיז שׁוין שְׁטֶענְדִיג פִינְסְטֶער אוּם הַאלְבּ צֶעהן.

בַּאטְרַאכְט גוּט, אִיךְ בֶּעט אַייךְ, דֶעם שׁוחֵטס שְׁטִיבֶּעל ווִי עֶס גֶעפִינְט זִיךְ. אִין גַאנְצֶען אִיז עֶס גְרוֹיס פִיער שְׁפַּאן אויף פִיער שְׁפַּאן, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען וֶועט אִיהר גֶעפִינֶען אִין דֶעם שְׁטִיבֶּעל אַלְץ וָואס אִיהר וֶועט בַּיי אַ גְרַאף אִין דִי פַּאלַאצֶען נִישְׁט גֶעפִינֶען. אָט גֶעבֶּען אַ וַואנְד שְׁטֶעהט אַ גְרוֹיס הִימֶעלבֶּעט, אוּנ עֶס אִיז טַאקִי נָאר גָאטְס ווּאוּנְדֶער ווִי אַזוֹי דָאס גְרוֹיסֶע בֶּעט הָאט גֶעקֶענְט אַרַיין אִין דֶעם שְׁטִיבֶּעל. אַי ווִי אַזוֹי אִיז עֶס פָּארְט אַרַיין? נָאר וֶוער קֶען זַיין אַזַא חָכָם אוּנ אִיבֶּערקְלֶערֶען דוּרךְ וָואס פַאר נִסִים דֶער שׁוחֵט־קִים בֶּעט אִיז אַרַיין גֶעטְרָאגֶען גֶעוָוארֶען, עֶס שְׁטֶעהט – לָאז שְׁטֶעהן, אֶפְשַׁר שְׁטֶעהט עֶס גָאר פוּן שֵׁשֶׁת יְמֵי בְּרֵאשִׁית אָן, אוּנ אֶפְשַׁר הָאט מֶען פְרִיהר אַנִידֶער גֶעשְׁטֶעלְט דָאס בֶּעט אוּנ דֶערְנָאךְ אַרוּם גֶעבּוֹיעט דִי וָואנְד מִיט דֶעם דַאךְ, וֶוער קֶען עֶס וִויסֶען?

אויף דֶעם בֶּעט לִיגְט אַזוֹי פִיעל בֶּעטְגֶעוַואנְד, גֶעוִוים נִישְׁט וֶועניגֶער ווִי בַּיי דְרָואשִׁין אוֹיפֶן בֶּעט, וָוארוּם וֶוער קֶען נָאךְ פַארמָאגֶען אַזוֹי פִיעל פֶעדֶערן ווִי אַ שׁוחֵט! אויף דֶעם

הִימֶעל פוּן דֶעם בֶּעט בִּיז אִין דֶער סְטֶעלְיֶע לִיגְען חוּץ דֶעם, וָאק מִיט נִישְׁט גֶעפְּלִיקְטֶע הִינֶערִישֶׁע, גָאנְזֶענֶע, קַאטְשְׁקִינֶע אוּנ אֲפִילוּ אִינְדִיטְשְׁנִי פֶּעדֶערֶן.

נֶעבֶּען בֶּעט אוּנ טַאקִי אַזוֹי לַאנְג וִוי דָאס בֶּעט אִיז, שְׁטֶעהט אַ הִילְצֶערְנֶער טִישׁ, אוֹיף אַיין הֶעלְפְט טִישׁ, וֶועלְכֶער קוּמְט אוֹיס צוּ פוּסְעֶנְס פוּן דֶעם בֶּעט, לִיגְען זִיפֶּען, טֶאפּ מִיט אַלֶערְלַיי פֶּעדֶערְן; דָא זִיצְט אַלֶע אָבֶענְד דִי שׁוֹחֵט׳קֶע בַּיי אִיהר אַרְבַּייט. אוֹיפְן צְוֵוייטֶען הַאלְבֶּען טִישׁ לִיגְען סְפָרִים אוּנ דֶעם שׁוֹחֵטְס גֶעצַייג צוּם שֶׁחְטֶען — דִי חֲלָפִים, דִי שַׁארְפְשְׁטַיינְדְלֶעךְ א. ד. ג. דָא אִיז הֶער אוֹיבֶּען אָן אוּנ דָא זִיצְט שְׁטֶענְדִיג דֶער שׁוֹחֵט. אִין מִיטֶען טִישׁ אִיז פַארְשְׁפְּרַייט אַ שְׁמָאל שְׁטִיקְל טִישְׁטוּךְ, וואוּ דֶער שׁוֹחֵט הָאט שׁוֹין לַאנְג אָבְּגֶעגֶעסֶען וֶועטְשֶׁערֶע, נָאר עֶס אִיז נִישְׁט גֶעוֶועזֶען וֶוער עֶס זָאל אַרָאבְּנֶעמֶען פוּן דֶעם טִישׁ.

נֶעבֶּען טִישׁ שְׁטֶעהט אוֹיף דֶער גַאנְצֶער לֶאנְג אַ לַאנְגֶע בַּאנְק; אוֹיף־דֶער בַּאנְק אִיז גֶעוֶוען אָנְגֶעשְׁטֶעלְט וָואס אִיהר וִוילְט, אַזוֹי פִיעל אַז עֶס אִיז גָאר נִישְׁט אוּנְמֶער אַיךְ אַלְץ אוֹיסצוּרֶעכֶענֶען; מֶען דַארְף טַאקִי הָאבֶּען אַיין אַייזֶערְנֶעם קָאפּ אַלְץ צוּ גֶעדֶענְקֶען וָואס דָארְט אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ גֶעלִיגֶען, צ. ב. אִין אַיין וִוינְקֶעל דָאס פַאס מִיט בַּיידֶע צִיבֶּערְס, אִין דֶעם אַנְדֶערְן — מוּלְטֶערְס מִיט לָאפֶּעטֶעס, קָאטְשֶׁערֶעס מִיט גְלַאט אַזוֹי אָבְּגֶעבְּרֶענְטֶע שְׁטֶעקֶענְס א. ד. ג. שְׁטֶעקְלִיךְ, בַּיים שׁוֹחֵט אִין שְׁטוּב וֶועט אִיהר נִישְׁט גֶע־פִינֶען קַיין אַיינְצִיג לֵיידִיג שְׁטִיקְל אָרְט. נָאר לָאמִיר זִיךְ בֶּעסֶער צוּקוּקֶען צוּם שׁוֹחֵט.

עֶר זִיצְט אִיצְטֶער אוֹיבֶּען אָן, אָנְגֶעטְהוֹן אִין אַ וַואטָאוֶוע חַאלַאט מִיט וַוייסֶע אָבְּגֶערִיבֶּענֶע שְׁמוּיסְלֶעךְ, חָאטְשׁ עֶס אִיז זוּמֶער אִין דְרוֹיסֶען אוּנ אִין שְׁטוּב אִיז אוֹיךְ נִישְׁט אַזוֹי קִיהל; נָאר וואוּנְדֶערְט זִיךְ נִישְׁט, וואוּ הָאט אִיהר גֶעזֶעהן אַ שׁוֹחֵט אָהן אַ וַואטָאוֶוע הַאלַאט מִיט מִיט אָבְּגֶערִיבֶּענֶע וַוייסֶע שְׁמוּיסְלֶעךְ?

אוּנְזֶער שׁוֹחֵט טְרָאגְט שׁוֹין דִי שְׁטֶעק שִׁיךְ, נֶאגֶעל וַואסֶער הָאט עֶר זִיךְ שׁוֹין לַאנְג אַלַיין אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט, זִיךְ שׁוֹין עֶטְלִיכֶע מָאל גֶעלֶעגְט אוֹיף זַיין בַּאנְקְבֶּעטֶעל, וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַקֶעגֶען הִימֶעלבֶּעט. דִי פַארְשְׁמָאלְצִיוֶועטֶע יַארְמֶעלְקֶע — פוּל אָנְגֶעקְלֶעפְּט מִיט פֶּעדֶערְן, הָאט עֶר שׁוֹין אַ מָאל צֶעהן אָנְגֶערוּקְט אִיבֶּער דִי אוֹיגֶען. נָאר עֶס הֶעלְפְט נִישְׁט, עֶר קֶען נִישְׁט שְׁלָאפֶען, עֶר הָאט זִיךְ וַוייטֶער אוֹיפְגֶעזֶעצְט אוּנ פַארְטְרַאכְט.

— וָואס קֶען דָאס זַיין? מַיין טְשַׁארְנֶע אִיז נָאךְ נִישְׁט דָא... אִיךְ הָאבּ זִיךְ שׁוֹין גֶעלֶעגְט אוּנ בִּין וַוייטֶער אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען... נִיט שְׁלָאפֶען אוּנ נִיט זִיצֶען...

נָאךְ עֶטְלִיכֶע מִינוּט לֶעגְט עֶר זִיךְ ווִידֶער אַנִידֶער, גֶעהְנִיצְט שְׁטַארְק אוּנ זֶעצְט זִיךְ וַוייטֶער אוֹיף.

— וָואס קֶען עֶס פָּארְט זַיין? (עֶר גֶעהְנִיצְט), אִיךְ וַויים שׁוֹין גָאר נִישְׁט וָואס צוּ טְרַאכְטֶען... אִיךְ וֶוער שִׁיער פַארְנִידֶעט...

עֶר גֶעהְנִיצְט וַוייטֶער אוּנ שְׁפַּייט אוֹיס עֶטְלִיכֶע מָאל:

— טְפוּ... זָאל עֶס מִיךְ אָנְהוֹיבֶּען צוּ אַארֶען, זָאל זִיךְ מִיר אוֹיסדַאכְטֶען אַז זִי אִיז שׁוֹין דָא... לָאז זִיךְ מִיר אוֹיסדַאכְטֶען אַז עֶס אִיז גֶעכְטֶען; נוּ גֶעכְטַען אִיז דָאךְ

טְשַׁארְנֶע גֶעלֶעגֶען דָארְט אוּנ אִיךְ דָא (עֶר הָאט אָנְגֶעוויזֶען מִיט דֶער הַאנְד אוֹיף דֶעם הִימֶעלבֶּעט אוּנ דֶערנָאךְ אוֹיף דֶעם בַּאנְקְבֶּעטֶעל) ! נָא הָאב אִיךְ דֶען נִישְׁט גֶעשְׁלָאפֶען ? ... נָאר אוּי מַחֲשָׁבוֹת, מַחְשָׁבוֹת, זַיי דֶערלֶענְגֶערֶן אוּנְז דֶעם גָלוּת ... וואוּ אִיז מַיין טַאבַּאק-פּוּשְׁקֶעלֶע ?

עֶר נֶעמְט פוּן דֶעם טִישׁ דָאס פּוּשְׁקֶעלֶע טַאבַּאק, טְהוּט פְרִיהֶער אַ קְלַאפּ מִיט דִי פִינְגֶער אִיבֶּערן דֶעקֶעל, עֶפֶענְט עֶס אוֹיף אוּנ שְׁמֶעקְט ?

– טַא, טַא, טַא, חְלֶעבֶּען, טַאקִי וֶעהר גוּט אִיצְט אַ שְׁמֶעק טַאבַּאק, אוּנ אִיךְ וֶועל טַאקִי נֶעמֶען אַ בִּיסל בְּרָאנְפֶען, טָאמֶער וֶועל אִיךְ אַנְטְשְׁלָאפֶען וֶוערֶען. עֶר בֵּייגְט זִיךְ אַן אוּנ נֶעמְט פוּן אוּנְטֶער דֶעם בַּאנְקְבֶּעטֶעל דָאס פְלֶאשֶׁעל אוּנ פוּן טִישׁ דָאס קֶעלֶעשִׁיקֶעל :

– בַּא, לָאז זַיין נֶעבְּטֶען, הָאט עֶר גֶעזָאגְט נָאכְדֶעם ווִי עֶר הָאט צְווַיי מָאל אוֹיסגֶעטְרוּנְקֶען, לָאז זַיין נֶעבְּטֶען, דוּ „טְשַׁארְנֶע" שְׁלָאפְסְט דִיר דָארְט אוּנ אִיךְ דָא.

עֶר הָאט שְׁטַארְק אָנְגֶערוּקְט דִי יַארְמֶעלְקֶע אוּנ גֶעמַאכְט זִיךְ ווִי עֶר שְׁלָאפְט, נָאר אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם הָאט עֶר מִיט פַארמַאכְטֶע אוֹיגֶען אוֹיסגֶעשְׁטְרֶעקְט דִי הַאנְד, אָנגֶענָאסֶען נָאךְ אַ קֶעלֶעשִׁיקֶעל אוּנ זִיךְ ווַייטֶער אַנִידֶערגֶעזֶעצְט.

– נָא ווַייטֶער אַ קֶעלֶעשִׁיקֶעל, גְלַייךְ ווִי אַ מַלְאָךְ הָאט דָאס אָנְגֶענָאסֶען, נָא מְהֵיכִי תֵּיתִי, אַז דִיר, גָאטְטִינְיָא אִיז נִיחָא אִיז מִיר בְּווַדְאַי נִיחָא.– לְחַיִים דִיר גָאטְטִינְיָא ! (עֶר טְרִינְקְט) – נָא אִיךְ וֶועל פַארלֶעשֶׁען דָאס לִיכְט אוּנ שְׁלָאפֶען, ווָאס וֶועט זַיין לָאז זַיין. (עֶר פַארְלֶעשְׁט דָאס לִיכְט אוּנ טְהוּט דֶעם לֶעצְטֶען קוּק דוּרְךְ דֶעם פֶענְסְטֶער) – דַאכְט זִיךְ נִישְׁט קַאלְט, נִישְׁט וַוארֶעם ווָאס זְשֶׁע קֶען דָאס זַיין ? עֶר הָאט זִיךְ מִסְתָּמָא גֶעקֶערְט אָבְּשְׁטֶעלֶען אִין אַ קְרֶעטְשְׁמֶע, לָאז נָאר זַיין ווַייבּ קוּמֶען מָארְגֶען ... (עֶר פִיהְלְט ווִי דֶער קָאפּ הָאט זִיךְ אִיהם אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַבִּיסל צוּ דְרֶעהֶען אוּנ דָאס קֶעלֶעשִׁיקֶעל ווָאס עֶר הָאט נִישְׁט אַרוֹיסגֶעלָאזְט פוּן דֶער הַאנְד אִיז ווַייטֶער גֶעווָארֶען פוּל) – נָא גָאטְטִינְיָא, הָאסְט דוּ מִיר אָבְּגֶעטְהוּן אוֹיף טֶערְקִישׁ, ווָאס זָאל אִיךְ טְהוּן ? אִיךְ מוּז טְהוּן דַיין רָצוֹן.

עֶר טְרִינְקְט אוֹיס אוּנ זִיצְט אַ בִּיסל עֶטְלִיכֶע מִינוּט שְׁטִיל, פְּלוּצִים הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט קְלַאפֶּען אִין דֶער טְהִיר.

– גוּט, וֶעהר גוּט, טְשַׁארְנִי דוּ בִּיזְט עֶס ? פַאר ווָאס אַזוֹי שְׁפֶּעט ?

עֶר אִיז גֶעלָאפֶען צוּ דֶער טְהִיר עֶפֶענֶען. פוּן יֶענֶער זַייט טְהִיר הָאט גֶעעֶנְטְווָערְט עֶפֶּעס אַ קוֹל, אוּנ אִיהם הָאט זִיךְ אוֹיסגֶעווִיזֶען ווִי טְשַׁארְנִי שֶׁעלְט טְרַייטְלֶען פַאר ווָאס עֶר הָאט זִיךְ אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט אִין אַלֶע קְרֶעטְשְׁמֶעס אוּנ דִי ווַייבֶּער גֶעשְׁלֶעפְּט אַזוֹי שְׁפֶּעט.

ווִי עֶר הָאט גֶעעֶפֶענְט דִי טְהִיר אִיז אַרַיין אַ ווַייסֶע סְווִיטֶע. דֶער שׁוֹחֵט חַאפְּט אַרוּם דִי סְווִיטֶע אוּנ הֵייבְּט זִי אָן צוּ קוּשֶׁען : „טְשַׁארְנִי, אַזוֹי שְׁפֶּעט הָאט אַייך טְרַייטִיל גֶעשְׁלֶעפְּט ? עֶר וֶועט הָאבֶּען פוּן מִיר הַיינְטִיגֶען שַׁבָּת אִין קְלוֹיז" .. דֶער מוּזִיק טְהוּט אִיהם אַ שְׁטוּפּ פוּן זִיךְ אוּנ זָאגְט אִיהם אַז עֶר „סְטֶעפַּאן" וֶועלְכֶער קוּמְט אַלֶע מָאל פוּן דָארף קוֹילֶען דֶער אַרֶענְדַארְקֶעס עוֹפוֹת, אוּנ ווִיל אִיהם דֶערצֶעהלֶען ווָאס פַאר אַייי

אומגליק עס האט זיך אין וועג געטראפען. גאר דער שוחט הערט נישט א האלב ווארט אונ שרייט העכער:

— טשארני, וואס ביזט דו אזוי בעז? די „ראשטשעניע" האב איך איינגעדעקט, אלץ געטהון ווי דו האסט געהייסען. מיט די ווארטע וויל ער זיך ווייטער ווארפען אויפ׳ן האלז, נאר סטעפאן שטויסט איהם ווייטער פון זיך אונ וויל מיט איהם מענען, אבער דער שוחט הערט איהם נישט אונ בעט זיך ווייטער:

— דו מיינסט איך וועל טרייטלען שווייגען פאר דיר? איך וועל איהם עוקר מן השורש זיין.

נאר דא איז שוין סטעפאן אין כעס געווארען אונ האט איהם אנגעהויבען שעלטען אויף אקול, אז דער שוחט האט מיט א גרויס ציטערניש אונ פלאטערניש דערהערט א גויש קול ביי זיך אין שטוב אזוי שפעט ביי נאכט אונ דערזעהן פאר זיך א מוזשיק מיט א שטעקען, האט ער נישט מיט זיין קול אנגעהויבען שרייען: „געוואלד!" „געוואלד!"...

— געוואלד, יודען, ראטעוועט! — א גנב! האט ער נישט אויפגעהערט צו שרייען. וואס סטעפאן האט איהם נישט געטהון, צוגעהאלטען די האנד פאר דעם מויל, אונ געוואלט איהם דערצעהלען, האט זיך איהם אלץ אויסגעוויזען ·אז דער גנב וויל איהם בינדען אדער קוילען, אונ ער האט נאך מעהר געשריגען אונ געגוואלדעוועט.

אויף זיין געשריי האבען זיך אויפגעכאפט אלע קינדער פון שטוב מיט א גרויס געוויין אונ געקוויטשעריי.

איוואן, וועלכער איז ביז אהער געשטאנען אין דרויסען ביי די פערד, אז ער האט דערהערט אזא געפילדער, האט ער געמיינט אז די „זשידי" קוילען זיין סטעפאנען, דען ווער איז נאך געווען אזא דערשראקענער אונ יער האט נאך געגלויבט אין אלערליי מעשות ווי איוואן; ער האט געכאפט א שטיק האלץ אויף דער גאס אונ איז אריין צום רעזניק ראטעווען סטעפאנען.

ערשט דעמעלט האט זיך אין שטוב אנגעהויבען איין אמ׳תר קאנצערט פון דעם שוחט מיט די קינדער.

פלוצים אין דער גרויסער סומאטאכע איז דורך דער אפענער טהיר פון דעם שוחט׳ס שטוב אריינגעפלויגען א גרויסער האן מיט א שרעקליכען געפילדער אונ באלד נאך דעם האן זעענען אויך אריינגעלאפען צום שוחט אין שטוב ווי צוויי פארסמטע בעריל פלאסטער, זיין ווייב שפרינצע, מיט אלע זייערע קינדערלעך.

— מיין טויט זאל זיין מוז איך דעם האן היינטיגע נאכט דערהרגענען, איך אדער ער... האט בעריל נישט אויפגעהערט צו שרייען.

— די כפרה זאלסט דו ווערען, רבונו של עולם, פאר זיין מינדסטען נאגעל! האט שפרינצע געפילדערט; צוויי וואכען געהאדעוועט אונ איצטער וויל ער איהם דעם עק דערגעהן. א ניין, גיבער א פגירה אין דיין טריפה׳נעם פנים איידער עס זאל געריהרט

װערען אײן אָדער פון דעם האָן, נאָר אין שטוב זאָל ער זײן! איך דאַרף דיך אויף כּפּרות! האָסט מיר אפשר פּאַרדיענט אויף אַ האָן, צו אויף טאַפּלים, וואָס ער האָט איצטער צו בּראָכען? אַ גליק נאָך וואָס דעם שוחט׳ס מחיר איז אָפּען איז ער אַרײַנגעפלויגען און מען וועט איהם נאָך קענען האַפּען, — קינדערלעך! שטעלט זיך בּײַ דער מחיר און לאָזט איהם ניט אַרויס, איך וועל איהם האַפּען, — און ווען ניט — אַ קרענק אין בּײַן פּנים, וואו וואָלט ער פאַרפלויגען בּײַ נאַכט?

— מאַמע — האָט אײן קינד געשריגען, אָט וועל איך איהם האַפּען, שטעל זיך אין דער זײַט.

— מאַמע! האָט דאָס צווייטע קינד געשריגען ... אָט ... אָט האָב איך איהם שוין געהאַלטען, און ער האָט זיך אויסגעריסען ... אוי, מאַמע ... דער טאַטע לויפט נאָך דעם האָן ...

— געוואַלד! ר׳ בּעריל! ראַטעוועט מיך מיט מײַנע קינדער פון גזלנים, האָט ניט אויפגעהערט צו שרײַען דער שוחט.

— אוי געוואַלד טאַטע! געוואַלד מאַמע! — גנבים! — ראָזבוינִיקעס ווילען אונז קוילען, האָבען געשריגען דעם שוחט׳ס קינדער.

— „זשידי!" האָבען געבּרומט און עטליכע „מי שבּרך׳ס" געמאַכט איוואַן מיט סטעפּאַנען ...

* *

פון דעם גרויסען געפילדער איז זיך אַנגעלאָפען דאָס גאַנצע שטעטעל, אײניגע אין די הוילע העמדער און אײניגע האַלב אָנגעטהון. עס פאַרשטעהט זיך אַז אויף דעם נס זענען די זליִדניוּוקער פּאַרלעך וואָס האַפּען אַ „געזאָגעכטס" מיט אַ „שמועסעל", אויף געקומען צולויפען און „פּינע טינטלער" איז געבליבען שטעהן פון ווייטענס. דער גרויסער עולם האָט די צוויי ראָזבוינִיקעס געחאַפּט און געבּונדען, און שפּרינצעס האָן האָט מען אויך געחאַפּט און געבּונדען.

צו די מוזשיקעס גרויס גליק איז אָנגעקומען טרײטיל און האָט אין סטעפּאַנען דערקאַנט אַז ער איז געווען זײַן קאָנקורענט װעלכער איז אַוועקגעפאָהרען מיט די ווייבער, און אין איוואַנען האָט ער דערקענט זיינעם אַ באַקאַנטען מוזשיק, בּײַ װעלכען ער קויפט היי. טרײטעל האָט געוואָלט זיי הייסען אָפּבּינדען און פרעגען וואו זענען די ווייבער און וואָס דאָ איז געשעהן, נאָר ווי די מאַנגער פון די אַוועקגעפאָהרענע ווייבער האָבען דערזעהן טרייטלען, האָבען זיי זיך אַלע אַרויפגעוואָרפען אויף איהם:

— איהר זענט שוין געקומען, טרײטיל? וואו זשע איז מײַן חנה?
— וואו איז מײַן בּאַסיע?
— וואו איז יוסיל דעם איידעמס ווייב?

— וואו איז אונזער טאָכטער ? האָבען געשריגען בעריל פלאַסטער מיט שפּרינצען.
— וואו איז מיין טשאַרני ? האָט געשריגען דער שוחט א. ז. וו.
— לאָזט מיר אָב, האָט געשריגען טרייטיל, טשעפּעט זיך אָב פון מיר, איך בּין מיט זיי נישט געפאָהרען...
— לאָזט געבען אָב טרייטלען, האָט זיך אָנגערופען דוואָשע מיט א פאַרפרומטע פּנים, ער איז מיט זיי נישט געפאָהרען, פאַר אונזערע גרויסע זינד; וואס מיינט איהר עס, אומזיסט האָבען מיר זיך פאַרזינדיגט בּיי דעם וואס לעבּט אייבּיג? אז צווישען אונז זענען אויסגעוואקסען אויף צו פאַרלענגערן דעם גלות אזוינע יודישע טאָכטער וואס פרעגען נישט בּיי קיין עלטערע און טהוען זיך נאָך זייער שכל.
— מיט וועמען דען זענען זיי געפאָהרען ? האָבּען אלע געפרעגט.
— אָט מיט דעם סטעפאַנען, וועלכען איהר האָט געבונדען ;
— וואַ־אַ־אַ־אַ־אַם ?'?... האָבּען אַלע געפרעגט און פאַרוואונדערט געעפענט מויל און אויערען און געבּליבען שטיל אהן ווארטער עטליכע מינוט.
אַללע זענען ווי פאַרשטומט געוואָרען און אַ גרויס שטילקייט האָט געהערשט.
— דאַרף מען דאָך איהם אָפּבּינדען און פרעגען וואו איז טשאַרני ?... האָט זיך ענדליך אָנגערופען דער שוחט מיט אַ גמרא נגון און געדרייט אין דער לופט מיט דעם גראָבען פינגער כּדי מען זאָל איהם בּעסער פאַרשטעהן אז נאָכ׳ן שכל נאָך דאַרף מען די מוזשיקעס אויפבינדען, וועט מען אַללעס וויסען.
מען האָט די מוזשיקעס אָפּגעבונדען און סטעפאַן האָט דערצעהלט די מעשה פון אָנהויב בּיז אין סוף. אַלע האָבען צום צווייטען מאָל געעפענט מויל און אויערען, טרייטיל מיט דוואָשען האָבען שטיל אונטערגעמאַנצט...
— וואו־זשע זענען די ווייבער ? האָבען אַלע געפרעגט שטאַרק פאַרוואונדערט ווי גלייך זיי הערען אַ מעשה פון דעם שלאָף.
— וואָס הייסט וואו ? האָבען איינינע געענטפערט — איהר הערט דאָך וואו — אכט ווייערסט פון דער שטאָדט !... גאָטט ווייסט וואָס מיט זיי איז דאָרט פאָרגעקומען. מען קען זיך בּיי די מוזשיקעס גאָר נישט דערפרעגען.
— רוחות זענען אויף אונז אָנגעפאַלען, האָט געענטפערט סטעפאַן און נאָך איהם איוואַן, האָב איך איבּערגעלאָזט דעם וואגען און בּין געקומען אייך זאָגען, זיי זענען שטום געוואָרען און קענען נישט הערען אַ וואָרט...
עס איז געוואָרען אַ ליארם מיט אַ געוויין צווישען דעם עולם און נאָך מעהר צווישען די ווייבער; יעדער האָט געשריגען: „געוואלד מען דאַרף ראַטעווען". יעדער האָט עפּיס אַנדערש געטראַפען וואָס עס האָט געקערט דאָרט פאָרקומען.
ענדליך האָבען צוויי יונגע לייט — דוד מיט יוסלין (יוסל דעם איידעמס ווייבס מאַנן) פאַרשטאַנען די גאַנצע מעשה און זיי ערקלערט בּערלען.
בּעריל פלאַסטער, וועלכער איז בּכלל געוועזען אַפּייער צו ראַטעווען מענשען פון אומגליקען, האָט אַוועקגעוואָרפען שפּרינצען מיט דעם געבונדענעם האָן און האָט

אָנְגְעהויבְּען שרייען מען זאל ברענגען טרייטילס „ק א ר י" מיט דעם „ליסע". אין דער מינוט האבען די ווייסע חברה געבראכט די צוויי שקאפעס, נאר פאר איילעניש האט מען פארגעסען איינצושפאנען דעם וואגען. בעריל איז גלייך אוועק אויף דעם ליסע רייטענדיג אויף דעם בולוואנאווקער וועג און נאך איהם אויף דעם „ק א ר י" טרייטיל אליין.

דער גאנצער עולם מיט לאמטערנס, ליכט, סטאטשיקעס אין די האנד זענען ארויסגעלאפען אונטער דער שטאדט אקעגען די ווייבער, פייוויש האט מיטגענומען אלע קלויז סטאטשיקעס אויף זאפאס.

די צוויי יורישע רייטערס האבען באגעגענט די ווייבער א ווערסט אונטער דער שטאדט, האלב טויט און קוים זיך שלעפענדיג אויף די פיס. ווי די ווייבער האבען דערזעהן טרייטלין מיט בערלען האבען זיי ביידען אראבגעשלעפט פון די פערד, און די ווייבער האבען זיך אן זיי אנגעריהרט און אנגעהויבען רעדען...

מיט גרויס פאראד. צווישען א גרויסער אילוימינאציע האט מען די ווייבער אריינגעפיהרט אין שטאדט, ווייסע חברה זענען געלאפען פריהער מיט גרויס געזאנג נאך זיי טרייטיל מיט בערלען רייטענדיג מיט גרויס גדלות ווי צוויי גענעראלען וועלכע קעהרען זיך צוריק פון א מלחמה ווי העלדען, דערנאך די ווייבער און נאך זיי א גאנצער עולם מיט ליכט, לאמטערנעס און סטאטשיקעס,

דוואשע מיט פייווישען זענען אויך נאכגעגאנגען און האבען שטיל געחאפט א טאנציל – נישט מיט די פיס נאר מיט די הארצלעך... טרייטיל האט זיי געוואונקען...

*

מיט א שעה שפעטער איז אין זלידניוקע געווארען שטיל, אלע האבען שוין געשלאפען רוהיג אויף זייערע געלעגערס, אפילו שפרינצעס האן איז אויך געלעגען רוהיג געבונדען אונטער דעם בעט.

נאר בעריל פלאסטער האט זיך געבעך די נאכט געוואלגערט אין קלויז אויף דער באנק, ווייל שפרינצע האט איהם די נאכט ארויסגעטריבען פון שטוב, ווייל אז איהר טאכטער איז צוריקגעקומען און האט געפרעגט די מוטער פאר וואס זי איז נישט געפאהרען, האט זיך ערשט שפרינצע דערמאנט אז זי האט גאר באדארפט היינט זיין אין בולוואנאווקע... נאר איבער בערלען איז זי געקומען צו אזא גרויסער עבירה... זי האט איהם אנגעשאלטען אז עס זאל זיך אליין אויסלאזען צו זיין קאפ... און ווי א פרומע יודענע האט זי מורא געהאט מיט איהם צו געכטיגען היינטיגע נאכט אונטער איין דאך... דערפאר איז ער אוועק אין קלויז שלאפען...

*
* *

אויף מארגען און די גאנצע וואך ביז אין ערשטען שבת האט זיך דאס שטעטעל געריהרט, עס האט זיך געטהון, ווי מען זאגט, אויף טיש און אויף באנק, אלץ איבער דעם אומגליק וואס איז פארגעקומען מיט די ווייבער.

נָאר שַׁבָּת אִיז גֶעוָוארֶען פוּן אַלֶעם אֵיין עֶנְדֶע, וַוייל פַאר דֶעם לֵייעֶנֶען הָאט פַייוִויש פָאנְפַאטְש גֶענֶעבֶּען מִיט דֶעם בְּרֶעטִיל אַ פַּאטְש אִיבֶּער דֶעם קִישֶׁעלֶע וָואס לִיגְט אוֹיפְן בַּאלֶעמֶער אוּנ הָאט מִיט זַ׳ קְלָאר קוֹל אוֹיסגֶערוּפֶען:

„בִּידִיעַת הָרַב דְמָתָא וּבִידִיעַת כָּל הַקָּהָל הַקּוֹדֶשׁ אִיז מֶען מַכְרִיז וּמוֹדִיעַ — אַז קֵיין שׁוּם יוּדֶענֶע אוּנ קֵיין שׁוּם אִשָּׁה טָאר נִיט פָאהרֶען קֵיין בּוֹלְוַואנָאוְוקֶע נִיט מִיט קֵיין מוּזִשִׁיק אוּנ מִיט קֵיין שׁוּם אַנְדֶערְן בַּעל עֲגָלָה, הֵן מִיט פֶערְד, הֵן מִיט שְׁקַאפֶּעס, וְהֵן מִיט אָקְסֶען, נָאר אַז דִי אִשָּׁה וָואס וֶועט דַארְפֶען פָאהרֶען, זָאל גֶעהן צוּ דְוָואשֶׁען אוּנ פוּן דָארְט וֶועט זֵיי פִיהרֶען ר׳ טְרַייטִיל, אַזוֹי זָאל זַיין בִּיז דִי מִקְוָה וֶועט פַארְטִיג וֶוערֶען כְּדֵי יוּדִישֶׁע טֶאכְטֶער זָאלֶען נִיט קוּמֶען ח״ו צוּ קֵיין אוּמְגְלִיק״.

בַּאלְד נָאכְדֶעם הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען „אוֹיסנֶעמֶען״.

כִּמְעַט דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם הָאט מַסְכִּים גֶעוֶוען אַז דֶער רָב הָאט זֶעהר גוּט גֶעטְהוּן, וָואס עֶר הָאט דֶעם כְּרוּז גֶעהֵייסֶען אוֹיסרוּפֶען.

לֶעבֶּען „בַּאלֶעמֶער״ זֶענֶען אוֹיךְ גֶעשְׁטַאנֶען אוּנְזֶערֶע צְוֵויי בַּאקַאנְטֶע יוּנְגֶע לַייט — דָוִד מִיט יוֹסְלִין אוּנ הָאבֶּען אוֹיךְ גֶערֶעדְט וֶועגֶען דֶעם כְּרוּז.

— נָא, הָאט דָוִד גֶעזָאגְט, גֶעדֶענְקְסְט דוּ, יוֹסִיל, וֶוען דִי בָּאד הָאט גֶעבְּרֶענְט הָאסְט דוּ זִיךְ גֶעפְרֵייט אוּנ גֶעזָאגְט: „לָאז זַיין וָואס עֶס אִיז, אֵיידֶער אַזַא בָּאד?״ הַיינְט נַא דִיר אוּנ פְרֵיי זִיךְ; גָאטְט הָאט אוּנְז שׁוֹין בַּאגְלִיקְט דְרַיי יָאהר אָהן אַ בָּאד, אוּנ וֶוער וַוייסְט וִויפִיעל יָאהרֶען עֶס וֶועט נָאךְ גֶעדוֹיעֶרְן בִּיז צוּ דֶער נַייעֶר בָּאד. עֶס אִיז גֶעקוּמֶען וִוי דוּ הָאסְט גֶעוואוּנְשֶׁען: נִישְׁט דָא קֵיין בָּאד! — אַ יָא אַ פַארְגְנִיגֶען — ר׳ טְרַייטִיל זָאל זַיין דֶער בַּעל מַאקְסֶע פוּן דִי וַוייבֶּער אִיז בֶּעסֶער?

יוֹסִיל הָאט אֵיינִיגֶע מִינוּט נָאר נִישְׁט גֶעעֶנְטְוֶוערְט, דֶער נָאךְ הָאט עֶר פַּאוָואלֶיע אַנִידֶערְגֶעלֶעגְט זַיין הַאנְד אוֹיף דָוִדְס אַקְסֶעל אוּנ מִיט טְהרֶערֶען אִין דִי אוֹיגֶען גֶעזָאגְט:

— אַךְ, בְּרוּדֶער! אַלְץ אֵיינְס.. אַ בָּאד... נִיט אַ בָּאד... טְרַייטִיל, נִיט טְרַייטִיל, אַלְץ אֵיינְס... וואוּ דוּ וֶועסְט לֵייגֶען דֶעם קְרַאנְקֶען, אִיז אִיהם שְׁלֶעכְט. וואוּ נֶעמְט מֶען, וואוּ טְרַאכְט מֶען אוֹיס עֶפֶּעס אַזוֹינֶע רֶעצֶעפְּטֶען, וואוּ נֶעמְט מֶען אַזוֹינֶע קְלוּגֶע דָאקְטוֹירִים דֶעם קְרַאנְקֶען אוֹיסצוּהֵיילֶען, עֶר זָאל פָאלְקָאמֶען וֶוערֶען גֶעזוּנְד — וֶוערֶען אַ גֶעזוּנְדֶער מֶענְשׁ, מִיט אַ גֶעזוּנְדֶען קֶערְפֶּער אוּנ מִיט אַ רֵיינֶעם מוֹחַ?... דֶעמֶעלְט, בְּרוּדֶער! מִיט אַ בָּאד אוּנ אָהן אַ בָּאד אוּנ וָואס דוּ וִוילְסְט נָאר... וֶועט שְׁטֶענְדִיג אוֹיסקוּמֶען גוּט.

בַּיים אַנְדֶערְן עֶק פוּן דֶעם „בַּאלֶעמֶער״ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פִּינֶע טִינְטְלֶער פַארְטְרַאכְט אִין זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען:

— אִיצְט קֶען מֶען דָארְט שׁוֹין לֵייעֶנֶען מַיין קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצְיֶע; שׁוֹין צְוֵויי טָאג אַז אִיךְ הָאבּ זִי אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט, דַאכְט זִיךְ אַז אִיצְט וֶועלֶען זֵיי זִי שׁוֹין דְרוּקֶען, נָאר לָאזֶען זֵיי פְרִיהֶען אִיצְט נִישְׁט דְרוּקֶען... נִישְׁט קָשֶׁה, עֶס אַארְט מִיךְ נִישְׁט, זֵיי מֵיינֶען אַז אִיךְ וֶועל זֵיי אִיצְטֶעדְ אוֹיךְ אַזוֹי שְׁוַוייגֶען וִוי תָּמִיד! אוּי נֵיין, אִיךְ וֶועל אֲפִילוּ נִישְׁט פְרֶעגֶען בַּיי אִיהם (זַיין חָבֵר, דָאס אֵיידְמִיל זַיין בַּעל־עֵצָה) עֶר שְׁלָאגְט מִיךְ אַלְץ אָבּ, אוּנ

יֶעדֶעם וָוארְט וָואס אִיךְ שְׁרַייבּ זַיי פַארוָואס מֶען דְרוּקְט מִיךְ נִישְׁט, הַייסְט שׁוֹין בַּיי אִיהם גֶעזִידֶעלְט. בִּיז וַיאנֶען זֶשֶע וֶועלֶען זַיי זַיין בַּיי מִיר אַזוינֶע פְּרִיצִים? גֶענוּג גֶעשְׁווִיגֶען! פַאר אַזוי פִיעל מַאֲמָרִים מִימ קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצִיֶעס וָואס זֶענֶען בַּיי זַיי וִוי אִין וַואסֶער אַרַיין, — אֲפִילוּ קֵיין בְּרִיוֶועלֶע פוּן דֶער רֶעדַאקְצִיֶע נִישְׁט גֶעהַאט. אִיךְ הָאבּ זַיי גֶערְכֶטֶען שׁוֹין גֶע־שְׁרִיבֶּען אַ בְּרִיעף פַאר וָואס זַיי דְרוּקֶען נִישְׁט, אִיךְ וֶועל נָאךְ וַוארְטֶען אוּנ זֶעהן וָואס פַאר אַיין עֶנְטְוֶוער אִיךְ וֶועל הָאבֶּען.

דָאס הָאט פִינֶע טִינְטְלֶער גֶעטַעֲנֶעט מִיט זִיךְ וֶועגֶען דֶער קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצִיֶע אִין וֶועלְכֶער עֶר הָאט בַּאשְׁרִיבֶּען וִוי אוֹיף דֶעם שׁוֹחֵט זֶענֶען אָנְגֶעפַאלֶען גַזְלָנִים אוּנ וִוי מֶען הָאט דִי וַוייבֶּער אַרַיינְגֶעפִיהְרְט אִין שְׁטָאדְט מִיט גְרוֹיס פַארַאד אוּנ מִיט אַ גְרוֹיסֶער אִילְיוּמִינַאצִיֶע, אַ גַאנְצֶע טָאג הָאט עֶר דִי קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצִיֶע גֶעשְׁרִיבֶּען אֶפְשַׁר אוֹיף גַאנְצֶע דְרַיי בּוֹיגֶען פַאפִּיער, אוּנ חוּץ דֶעם נָאךְ אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַ בַּאזוּנְדֶערֶען בְּרִיעף דֶעם רֶעדַאקְטָאר אַלַיין.

פִינֶע טִינְטְלֶער הָאט טַאקִי וָוארְט גֶעהַאלְטֶען אוּנ טַאקִי נִישְׁט גֶעשְׁווִיגֶען; וִוי עֶס אִיז נָאר דֶער שַׁבָּת פַארְגַאנְגֶען, הָאט עֶר זִיךְ וַוייטֶער גֶעזֶעצְט שְׁרַייבֶּען אַ בְּרִיעף צוּם רֶעדַאקְטָאר אוּנ זִיךְ בַּאקְלָאגְט פַאר וָואס מֶען דְרוּקְט אִיהם נִישְׁט, אוּנ דֶערְוַוייל הָאט עֶר נָאךְ צוּגֶעשְׁרִיבֶּען וָואס פַייוִויש הָאט אוֹיסְגֶערוּפֶען אִין קְלוֹיז, אוּנ הָאט גֶעבֶּעטֶען דֶעם רֶעדַאקְטָאר אַז טָאמֶער וֶועט מֶען דִי גְרוֹיסֶע קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצִיֶע נִישְׁט דְרוּקֶען, זָאל מֶען חָאטְשׁ דִי קְלֵיינִיטְשְׁקֶע אָבְּדְרוּקֶען.

אוּנ אַזוי, לִיעבֶּע לֶעזֶער, לַייעֶנְט גֶעשְׁמַאק אִין דִי גַאזֶעטֶען, טָאמֶער וֶועט אִיהר פָארְט גֶעפִינֶען פִינֶע טִינְטְלֶערְס אַ קָארֶעסְפָּאנְדֶענְצִיֶע; וָוארוּם וֶוער וַוייסְט:

אֶפְשַׁר אִיז נָאר דַארוּם גֶעוָוארֶען דִי מִקְוֶה פַארְבְּרֶענְט,
כְּדֵי פִינֶע טִינְטְלֶער זָאל וֶוערֶען אַ קָארֶעסְפָּאנְדֶענְט,

## אַ סוֹף

